אברהם זאַק

# אין קיניגרייך פון יידישן וואָרט

(עסייען און דערמאָנונגען)



הויפּטפּאַרקויף:

יידיש - וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט — ייוואָ

בוענאָס איירעס, 1966

# אינהאַלט:

זייט:

# אברהם רייזען

„דער זינגער פון דער גרויער נויט" — אַזוי האָט אַברהם רייזענען אַמאָל געקרוינט די ליטעראַטור־קריטיק. בדרך כלל איז טאַקע רייזען געווען אין דער אמתן אַזאַ זינגער. אַליין אַ זון פון פאָלק, פון דער אָרעמער יידישער גאַס, איז ער געוואָרן איר באַזינגער, איר טרובאַדור.

אויפן האָריזאָנט פון דער יידישער דיכטונג האָט זיך אַברהם רייזען באַוויזן אין באַגינען פון דער נייער יידישער ליטעראַטור — אין לעצטן יאָרצענדליק פון פאָריקן יאָרהונדערט; אָבער פּאָפּולער געוואָרן איז זיין נאָמען בעת — און דער עיקר — נאָך דער צייט פון „שטורעם און דראַנג", דעם פּעריאָד פון 1905. דאָס צאַרישע רוסלאַנד איז געוואָרן אויפגעברויזט פון רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, פון שטורעם און מרידה. עס איז אויפגעשטאַנען דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט און האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן דער אַלטער איינגעפונדעוועטער פעסטונג פון די ראָמאַנאָווס; קעגן קנעכטשאַפט און אונטערדריקונג.

אין אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערן שטראָם איז אויך מיטגעריסן געוואָרן די יידישע גאַס. עס האָט אויך דעמאָלט ביי אונדז אין „תחום־המושב" („טשערטא אָסיעדלאָסטי") אַ ווייע געטאָן מיט פרייהייטס־ווינטן. אויך אַהין האָבן אַריינגעדרונגען די אידייען פון סאָציאַליזם און פון ציוניזם אין אַלע זייערע שאַטירונגען.

פאַר דער יידישער דיכטונג איז דעמאָלט געווען די צייט פון מאָריס ראָזענפעלד און ווינטשעווסקי, פון באָווּשאָווער און עדעלשטאַט. אומעטום — אין די אַרבעטער־וואַרשטאַטן, צי אויף די געהיימע „סכאָדקעס" אין וואַלד, אָדער אַמאָל גאָר בעת די עפנטלעכע דעמאָנסטראַציעס אויף דער גאַס, אונטער פלאַטערנדיקע רויטע פאָנען, — אומעטום האָט מען געזונגען זייערע לידער, וואָס האָבן באַזונגען דעם גורל פון די אָרעמע; וואָס האָבן גערופן צום קאַמף קעגן די טיראַנען און תקיפים.

אין יענער צייט — ווי אַ ווייטערדיקער עטאַפּ אין דער ייִדישער פּאָעזיע — איז אויך געקומען צום וואָרט אַבֿרהם רייזען. ער איז אַרויס פון שאָטן און פאַרביטן זיינע שטילע פאַרבענקטע טענער אויף ברויזנדיקע אַקאָרדן. מיטגעריסן דורכן אַלגעמיינעם שטראָם, האָט אויך זיין ליד אָנגע־הויבן קלינגען מיט רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס, מיט שטורעם און פּראָטעסט קעגן די „בייזע ווינטן״ פון רעאַקציע און פינצטערניש.

פון יענער צייט טאַקע שטאַמען עס רייזענס זייער פּאָפּולער־געוואָרענע לידער, ווי: „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן״, „קירכן־גלאָקן״, „די וואַנט״, „דאָס נייע ליד״ און אַנדערע.

אַבֿרהם רייזען האָט זיך שטאַרק דערנענטערט צו דער ייִדיש־סאָציאַ־ליסטישער פרייהייטס־באַוועגונג און געוואָרן איר באַזינגער. דעמאָלט האָט עס רייזען געזונגען:

און זאָל ווי ווייט
נאָך זיין די צייט
פון ליבע און פון שלום. —
דאָך קומען וועט
צי פרי, צי שפּעט
די צייט — עס איז קיין חלום...

דעמאָלט האָט עס רייזען איבערגעחזרט זיין בונטאַרישן רעפריין: „מיר ברעכן די וואַנט״:

די וואַנט איז געמויערט גאָר פעסט און גאָר דיק,
פאַרצוימט אונדז די וועגן צום לעבן און גליק;
פאַרשטעלט אונדז די ליכטיקע זון און זי מאַכט
פון פריילעכן טאָג אונדז אַ פינצטערע נאַכט —
מיר ברעכן די וואַנט.

(„די וואַנט״)

אָבער די דאָזיקע בונטאַרישע אַקאָרדן רייזענס זיינען נאָר געווען אַ צושטייער זיין עפּאָכע — דער שטורמישער צייט. אין די ווייטערדיקע יאָרן קריסטאַליזירט זיך זיין מוזע אין די שטילע טענער פון דער ליריק. אַבֿרהם רייזען בלייבט דער שטילער באַזינגער פון דער ייִדישער אָרעמ־קייט, פון דער ייִדישער נויט. ער ווערט דער דיכטער פון פאָלק, דער זינגער פון זיין צער און בענקשאַפט, פון זיין פרייד און לייד. אַבֿרהם רייזענס מוזע איז פרעמד דער שרייענדיקער גלאַנץ און פּראַכט פון דער

וועלט, די גרעלע, אויגן־רייסנדיקע קאָליר, די קונצנמאַכערישע קאָקע־טעריע. זי קליידט זיך אין באַשיידענער טראַכט און אירע ניגונים זיינען אָנגעווייעט מיטן אומעט פון בין־השמשות אין אָרעמען ווייסרוסיש־יידישן שטעטל. אַברהם רייזענס פערזן פאַרמאָגן נישט די אויסגעזוכטע עפעקטן און עקסטראַוואַגאַנטקייטן פון די שפּעטערדיקע נאָכקומער — מאָדער־ניסטן אין דער נייער יידישער פּאָעזיע. דער גרונט־טאָן רייזענס איז פשטות. ער איז תמיד געווען עכט, נשמהדיק, סענסיטיוו. דערפאַר פילן אים אַלע, דערפאַר פאַרשטייען אים אַלע. דערפאַר איז ער געוואָרן אַזוי אייגן און נאָענט דעם גרויען מענטש, דעם מענטש פון פאָלק. דערפאַר טאַקע איז רייזען שנעל געוואָרן אַזוי פּאָפּולער ביי דער יידישער לייענער־מאַסע.

אמת, רייזען האָט אויך געזונגען וועגן נאַטור, וועגן ליבע; אָבער די דאָזיקע מאָטיוון האָבן אויך געהאַט די ספּעציפיש־רייזענישע באַפאַרבונג. געפילט זיך ווי ביי זיך אין דער היים האָט אַברהם רייזען נאָר דעמאָלט בעת ער האָט געזונגען וועגן אָרעמען גרויען מענטש.

ווי אוממיטלבאַר, אַ שטייגער, קלינגט אַזאַ מאָטיוו — דאָס פּאָפּולערע, קלאַסיש־געוואָרענע ליד פון דער יידישער נויט — „אַ געזינד זאַלבע אַכט" (וואָס עס בעט זיך דאָ צו ציטירן לדוגמא אין גאַנצן):

אַ געזינט זאַלבע אַכט
און בעטן נאָר צוויי.
און קומט אָן די נאַכט —
ווו שלאָפן דאָן זיי?

דריי מיטן טאַטן,
און דריי מיט דער מאַמען;
הענטלעך און פיסלעך
געפלאָכטן צוזאַמען.

און קומט אָן די נאַכט,
מען דאַרף זיך אויסבעטן, —
דאַן הויבט אָן די מאַמע
דעם טויט אויף זיך בעטן.

זי מיינט מיט אַן אמת, —
עס איז נישט קיין וואונדער:
אויף ענג איז אין קבר,
דאָך ליגט מען באַזונדער...

נישט אומזיסט האָט אַברהם רייזען בשעתו (אין 1928) געהאַט אַן ענטוזיאַסטישע אויפנאַמע אַפילו אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אַברהם רייזענס נסיעה איבער די ייִדישע שטעט פון רוסלאַנד איז געווען אַ ריזיקער טריומף, וואָס נאָר אַ מאַקסים גאָרקי האָט געקאָנט דערצו דאָרט זוכה זיין. אומעטום, אויף אַלע וואָקזאַלן, ווו רייזען איז פאָרבייגעפאָרן, איז ער באַגעגנט געוואָרן פון טויזנטער, טויזנטער ייִדן; איז ער באַגריסט געוואָרן פון די העכסטע פאָרשטייער פון דער סאָוויעטישער מאַכט. אין איין שטאָט אויף אַ וואָקזאַל איז ער אַפילו באַגעגנט געוואָרן פון אַן ערן־ראָטע, וועלכע האָט אים סאַלוטירט און פּרעזענטירט פאַר אים דאָס געווער.

אָבער... דאָס האָט געקאָנט נאָר געמאָלט זיין אין יאָר 1928. איצט קלינגט עס שוין ווי אַ לעגענדע. איצט — נאָך דער טאָטאַלער עקסטער־מינאַציע פון דער דאָרטיקער ייִדישער ליטעראַטור און נאָך דער שחיטה פון אירע הויפּט־שעפער...

***

אַברהם רייזען האָט געשריבן זיינע לידער אין דיסציפּלינירטער קלאַ־סישער פאָרעם. דערפאַר זיינען זיי זייער מוזיקאַליש און אַ סך פון זיי זיינען אַריין אין פאָלק און דורכן פאָלק געזונגען געוואָרן. ווער געדענקט נישט אַברהם רייזענס „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן“, „מאי קא משמע לן“, „דער גמרא־ניגון“, „צום העמערל“ און פיל, פיל אַנדערע. רייזענס האַר־ציקע, מיט אינטימקייט אָנגעפילטע לידער האָבן „זיך געבעטן“ ממש מען זאָל זיי זינגען. נו, האָבן זיך טאַקע געפונען קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס האָבן געשאַפן מוזיק צו זיי און זיי זיינען אַריין אין פאָלק. די מאַסע האָט די מאָטיוון גלייך אויפגעכאַפּט. ווו אַן אָוונט, ווו אַ קאָנצערט, אָדער סתם אַ מסיבה פון ייִדישער יוגנט, פלעגט מען זינגען און דעקלאַמירן רייזענס לידער. דערמיט קען זיך נישט באַרימען קיין שום דיכטער־עקספּערימענ־טאַטאָר (ווי באַגאַבט ער זאָל נישט זיין!), וואָס שרייבט כּנהוג זיינע לידער אָפּט אין אַ געמיש פון קורצע ליליפּוטן־שורהלעך מיט קילאָמעטערדיק־לאַנגע העקזאַמעטערן, (דערצו נאָך, ווי צולהכעיסדיק, ווי דעמאָנסטראַטיוו, אָן אַ ריטעם) — אַזוי אַז עס איז גאָר אוממעגלעך צו געשטאַלטן עס אין אַ מעלאָדיע.

אין דער ייִדישער ליריק פאַרנעמט אַברהם רייזען דעם סאַמע אויבן־אָן, פון די ערשטע. איך שטרייך אונטער „פון די ערשטע“, ווייל די ייִדישע דיכטונג נאָך רייזענען איז אַוועק שוין אַ סך ווייטער, אויף העכערע

שטאַפּלען. אָבער אויף רייזענען האָט זיך דערצויגן אַ גאַנצער דור דיכטער. זיינע איינפלוסן אין דער יידישער דיכטונג האָבן דאָמינירט אַ לאַנגע צייט. מען קאָן דרייסט זאָגן, אַז רייזען האָט געלייגט דעם יסוד פאַרן מאָדערנעם יידישן ליד.

***

און פונקט ווי אין דער דיכטונג, אַזוי אויך אין דער פּראָזע.

אויך אין אַברהם רייזענס נאָוועלן איז דער אַלגעמיינער טאָן — די יידישע נויט. זיינע דראַמעס זיינען „דראַמעס איבער פינף קאַרטאָפל". זיינע שטאָטישע העלדן — די אינטעליגענטן און האַלב־אינטעליגענטן — גייען שטיל, אָן זוילן, איבער די שטאָטישע גאַסן (זע זיין דערציילונג „שטילע טריט").

אָבער דער עיקר איז רייזען פאַרליבט אין זיין קליינעם שטעטל, און די שטעטלדיקע טעמאַטיק פאַרנעמט דעם בכבודיקסטן אָרט אין זיינע שפּעדיקע שריפטן.

אַברהם רייזענס שטעטל איז נישט דאָס שטעטל פון שלום אַש: באַפּוצט מיט אַ ראָמאַנטישן שלייער. ניין, רייזענס שטעטל איז גרוי און אָרעם. דאָס איז דאָס שטעטל פונעם יידישן אביון. די פּערסאָנאַזשן גענומען פון די יידישע אָרימע געצעלטן.

פאַראַן אויך ביי רייזענען אַ סעריע נאָוועלן, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אונטער פרעמדע איינפלוסן, דער עיקר פון מאָפּאַסאַנען, ווי, למשל: „אַ פרוי טאָר מען נישט באַליידיקן", „אייזן" און אַנד. אָבער בכלל איז דער דאָזיקער זשאַנער ווייניק כאַראַקטעריסטיש פאַר רייזענס פּראָזע.

אַברהם רייזען האָט אין דער דיכטונג, קאָן מען זאָגן, געשאַפן אַ שול. אַ גאַנצע פּלעיאַדע דיכטער זיינען געוועזן אונטער זיין השפּעה — ווער מער, ווער ווייניקער. אַגב: קיינער נישט ווי ער האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל האַרץ, אַזוי פיל ליבשאַפט צו די נאָכקומער, צו די יונגע דיכטער, ביי וועמען ער האָט נאָר באַמערקט אַ פונק טאַלאַנט.

דערמאָנט זיך מיר — עס ליגט מיר עד היום אין זכרון און אין האַרץ — ווי רייזען האָט אויך מיך מקרב געוועזן אין וואַרשע ביי מיינע ערשטע טריט אין דער ליטעראַטור. אַברהם רייזען האָט דעמאָלט רעדאַגירט די פּעריאָדישע העפטן „אייראָפּעישע ליטעראַטור", וואָס דער פאַרלאַג „פּראָ־גרעס" האָט אַרויסגעגעבן. און אין די דאָזיקע ליטעראַרישע העפטן פלעגט רייזען גערן דרוקן לידער פון יונגע. ער פלעגט אַפילו אַמאָל צאָלן זיינע

יונגע מיטאַרבעטער אַ סימבאָלישן האָנאָראַר פאַר איבערזעצונגען: דאָס פלעגט ער אַראָפּנעמען פון זיינע אייגענע קאַרגע האָנאָראַרן, וואָס ער פלעגט באַקומען פונעם פאַרלעגער — פון יעקב לידסקין.

אין אַ געוויסן מאָמענט פון אַרבעטלאָזיקייט בין איך אויך געווען איינער פון די, וואָס האָבן גענאָסן פון זיינע האָנאָראַרן פאַר איבערזעצונגען.

איך געדענק: איין מאָל, קומענדיק צו רייזענען אויף דזשיקע 3, אין זיין „קאַוואַלערסקן" צימער, האָב איך דאָרט געטראָפן שלום אַשן. כ'בין געבליבן שטיין פאַרנט אַ נישט-דרייסטער. נישט צוליב רייזענען, פאַר־שטייט זיך, נאָר צוליב אַשן.

— קומט, קומט, איך האָב פאַר אייך האָנאָראַר... — רופט מיך רייזען.

און ער האָט גענומען נישטערן אין אַלע קעשענעס, ביז ער האָט אַרויס־געשלעפּט פון אַ וועסטל-קעשענע אַ ביסל קופּערנע צענערס...

— נאַט, אַ קאָנטע דערוויל. מער האָב איך נישט...

און בעת-מעשה באַמערקט ער אַשן:

— מיינער אַ מיטאַרבעטער... אַ יונגער שרייבער...

אַש האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט אויף מיר. ער האָט, ווי זיין שטייגער, קיין מאָל קיין יונגע שרייבער נישט דערקענט — וויפל מאָל מ'זאָל זיך נישט האָבן מיט אים באַקענט...

עס האָט מיך דעמאָלט שאַקירט זיין גאַווהדיקייט. און ס'איז געווען צאַטידלעך פון מיין זייט, וואָס ביים געזעגענען זיך מיט רייזענען, האָב איך אַשן די האַנט נישט געגעבן — גאָרנישט לשם דעמאָנסטראַציע, נאָר פשוט צוליב ריין-פּסיכאָלאָגישע טעמים. מיין האַנט האָט זיך פשוט נישט געקאָנט אויסשטרעקן צו אים...

ס'אַראַ קאָנטראַסט צו רייזענען!

פאַר יונגע שרייבער איז אַשס פּאַרריסנקייט קיין נייס נישט געווען. דערפאַר זיינען אַלע יונגע אַזוי פאַרליבט געווען אין אַברהם רייזענען — פאַר זיין צוגעלאָזנקייט, פאַר זיין פשוט-מענטשלעכער התקרבות. *)

---

*) וועגן דער באַגעגעניש מיט אַשן ביי רייזענען ווערט אויך דערציילט אין מיין זכרונות-בוך „אין אָנהייב פון אַ פרילינג". כ'האָב דאָ אויסגענוצט פון דאָרט געוויסע פרטים, כדי בולטער צו מאַכן רייזענס פּערזענלעכקייט. מחמת דעם זעלביקן טעם האָב איך אויך אין די ווייטערדיקע עסייען וועגן אַנדערע שרייבער געמוזט ברענגען געציילטע פרטים פון מיין דערמאָנטן בוך.

פאַר אַלעמען האָט רייזען געהאַט אַ גוט וואָרט, נישט געקאַרגט קיין שבחים. אַזוי איז ער געווען אין אַמאָליקן וואַרשע, אַזוי אין זיינע שפּעטער־דיקע אַמעריקאַנער יאָרן ביזן סוף פון זיינע טעג. מען האָט שוין רייזענען געקענט פון זיין פּזרנות, זיין פאַרשווענדערישקייט ביים צוטיילן שבחים אין זיינע רעצענזיעס וועגן שרייבער אין זיין שטענדיקער רובריק אין ניו־יאָרקער זשורנאַל „די פעדער". ער פלעגט שוין צו־אָפּט באַנוצן די סופּערלאַטיוון: „טאַלאַנטפולער", „באַרימטער", „באַגאַבטער" וכדומה. ביי רייזענען איז עס געקומען מחמת ליבשאַפט, מחמת געטריישאַפט צו שרייבער. נישט אומזיסט איז אַברהם רייזען אַזוי באַליבט און באַערט געווען אין די ליטעראַרישע קרייזן עד יום מותו, ביז זיין לעצטן טאָג. רייזען האָט גאָר נישט געהאַט קיין שונאים צווישן שרייבער (וואָס דאָס איז בעוונותינו הרבים אַ זעלטנקייט — צוליבן קנאת סופרים...). שרייבער האָבן אים תמיד ליב געהאַט ווי אַ גוטן, ליבן טאַטן.

אַברהם רייזען איז אין משך פון זיין לאַנגן שאַפונגס־וועג אויסגע־וואַקסן צו דער מדרגה פון אַ קלאַסיקער. ווען מיר דערמאָנען די נעמען פון אונדזערע דריי גרויסע קלאַסיקער מענדעלע, פּרץ, שלום עליכם — ציִען מיר ווייטער די ריי — די ריי פון די נעאָ־קלאַסיקער: רייזען, אַש, נאָמבערג וכו'. איך שטעל אין דער ריי רייזענען פאַר שלום אַשן בכוונה — נישט מחמת קינסטלערישקייט: ווי אַ פּראָזע־קינסטלער קומט טאַקע אַשן די בכורה; אָבער צו רייזענס באַליבטקייט איז אַש קיין מאָל נישט געקומען. ליבשאַפט ביים פאָלק און אַוודאי און אַוודאי ביי קאָלעגן־שרייבער, ביי די בני־הדור, די מיטצייטלער — דאָס פאַרדינט אַ שרייבער מחמת זיינע פערזענלעכע אייגנשאַפטן, מחמת זיינע איידעלע מידות. מ'האָט רייזענען גע־צאָלט אהבה תחת אהבה. ליבשאַפט פאַר ליבשאַפט. דערין האָט אַש נישט געקאָנט ריוואַליזירן מיט רייזענען...

אברהם רייזען — דאָס איז אַ תקופה. אַ גאַנצע תקופה יידישע ליטע־ראַטור. און ווי אַזאַ איז ער אַריין אין אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע.

# ה. ד. נאָמבערג

יאָרן זיינען פאַרביי זינט יענעם טרויעריקן נאָוועמבער־טאָג אין וואַרשע. נאָוועמבער 1927. אינעם שוואַרץ־דעקאָרירטן זאַל פון ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקיע 13 איז אין מיטן זאַל געשטאַנען אויף אַ פּאָדיום דער אין קרעפּ פאַרהילטער קופערנער ארון, אין וועלכן עס זיינען געווען שוין אויף אייביק פאַרשלאָסן די אָרעמע רעשטן פון הערש דוד נאָמבערג. די טרויער־פּאַלמעס און די ברענענדיקע ליכט האָבן גערעדט וועגן דעם אייביק־שווייגנדיקן לאַנד פון נירוואַנאַ... דעם לאַנד, וואָס איז נישט זעלטן געווען דער חלום פון אַ סך נאָמבערגס העלדן... צוקאָפּנס פון אָרון איז געשטאַנען אַן ערן־וואַך פון קאָלעגן־שרייבער. פּנימער פאַרגליווערטע אין טרויער און שטומקייט. דורכן זאַל, אַרום אָרון האָבן געשטראָמט און זיך כסדר געצויגן שורות מענטשן, וואָס האָבן זיך שעהען־לאַנג נישט איבער־געריסן. די אַמאָליקע ייִדישע וואַרשע האָט אָפּגעגעבן דעם לעצטן כבוד איר פאַרערטן שרייבער. און ווען איבער די וואַרשעווער ייִדישע גאַסן האָט זיך לאַנגזאַם געצויגן נאָמבערגס לוויה, אין דער ריכטונג צום גענשער בית־עולם, האָט מען אין די מחנות געזען מענטשן פון אַלע שיכטן, פון אַלע קלאַסן. מען האָט געזען דאָס פאָלק — דאָס פאָלק, וועלכן דער פאַר־שטאָרבענער האָט געדינט מיט זיין האַרץ און נשמה. סימפּטאָמאַטיש און רירנד זיינען געווען די מחנות קינדער אין שורות פון די ייִדישע שולן, פון די ציש״אָ־שולן — די ייִנגסטע באַגלייטער אין זיין לעצטן וועג. דאָס האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן און סימבאָליזירט נאָמבערגס ליבע און צוגעבונדנ־קייט צום פאָלק, צו ייִדיש, צו ייִדישער וועלטלעכקייט, צום ייִדישן רע־נעסאַנס.

***

נאָמבערגס וועג אין דער ליטעראַטור האָט זיך געשלענגלט דורך פאַר־שיידענע עטאַפּן. געקומען פון דער ישיבה, פון דער חסידישער, רעליגיע־

זער וועלט, אַריינגעפאַלן אין דער ווירקונג־ספערע פון יצחק לייבוש פּרץ, האָט ער זייער שנעל פאַרנומען זיין באַזונדערע פּאָזיציע אין דער אויפֿוואַכנדיקער יידישער ליטעראַטור. ווי אַן אַנטיטעזע צו זיין מיטצייטלער שלום אַש, צו אַשס קערנדיקייט, פאָלקסטימלעכער פּשטות און פריידיקער נשמה־יתירהדיקייט, מיט זיינע גאַנצע, געזונטע פאָלקסטיפּן — איז נאָמבערג געקומען ווי אַ רעזאָניער, ווי אַ גריבלער, ווי אַ פילאָסאָף, וואָס פּלאָנטערט זיך תמיד אין די טיפע רעטענישן פון לעבן און טויט.

נאָך איידער נאָמבערג איז אַריבערגעטראָטן פּרצעס שוועל, אין די ערשטע מאָמענטן פון זיין גייסטיקן איבערברוך, האָט ער זיך שוין געפּייניקט אונטער דער לאַסט פון שווערע איבערלעבענישן. עס האָט אים געמאַטערט די עצם־פראַגע וועגן תכלית, וועגן זין פון מענטשלעכן לעבן.

„וואָס טוט מען אויף דער וועלט, וואָס איז אַזוי פּוסט און אַזוי וויסט? וואָסער זין האָט דאָס לעבן, וואָס איז באַגרענעצט מיט זיבעציק יאָר און ענדיקט זיך מיט טויט און פאַרניכטונג?" — מיט אָט אַזעלכע פראַגן האָט ער זיך אַרומגעטראָגן, ווען ער האָט איבערגעריסן מיט דער אַלטער גלויביקער וועלט, מיט דער רעליגיעזער וועלט־אַנשויונג. און שפּעטער, שוין אין דער ראָל פון אַ שרייבער, לאָזט נאָמבערג דער אינטעלעקטואַליסט פאַר זיך ריידן זיינע העלדן; דורך זיי טראַנסמיטירט ער זיין געדאַנקען־גאַנג, זיינע שטימונגען, זיינע זוכענישן, זיינע פּיינען...

דערפאַר טאַקע ליגט אויף נאָמבערגס העלדן אַ ספּעציפישער חותם — זיין חותם.

נאָמבערג איז געקומען אין דער ליטעראַטור מיט זיין אייגנאַרטיקן טיפּאַזש, מיט זיינע מוח־מענטשן, אינטעליגענטן, מיט זיינע פליגעלמאַנס און בענדערס, וועלכע לעבן נישט אוממיטלבאַר מיט דער פולער לעבנספרייד פון דער ערד, נאָר פילאָסאָפירן וועגן לעבן, פילאָסאָפירן וועגן פרייד און וועגן ליבע; וועלכע האָבן נישט קיין כוח נישט צו לעבן און נישט צו שטאַרבן.

וועגן ליבע האָט פליגעלמאַן געהאַט זיין פילאָסאָפיע.

פון ליבע האָט פליגעלמאַן גראָד יאָ געהאַלטן.

— „ליבע, — פלעגט ער זאָגן — איז דער הויפּט־פּרינציפּ פון לעבן. דאָס לעבן אָן ליבע האָט נישט קיין זין און פאַרלירט זיין פאַרטיידיקונג. אַ מענטש, וואָס איז נישט געניגט פון דער נאַטור צו ליבע, איז ווייניקער ווערט ווי אַ מענטש וואָס קען נישט לייענען און שרייבן.

און פליגעלמאַן איז פון דער נאַטור זייער געניגט געווען צו ליבע. נאָר אַז מען לעבט אַ פאַרשטענדיק קלוג לעבן, דאַרף מען זיך ריכטן צו זיין אָפּגעזונדערט און עלנט.

— איך קאָן נישט קיין ליגן זאָגן, איך קאָן נישט חנפענען — פלעגט ער זיך טרייסטן פאַר זיין אומגעשיקלעכקייט ביי פרויען.

און געהאָפט האָט ער שטענדיק, אַז ער וועט טרעפן אַזאַ נשמה, וואָס וועט זיין נשמה פילן; אַז דייטלעך ריידנדיק קאָן קיין פלאַכע נשמה אים נישט ליב האָבן".

און אַז פליגעלמאַן פאַרליבט זיך שוין יאָ איין מאָל אין אַ פרוי, וועלכע ער זעט אַלע טאָג אין קעגנאיבערדיקן פענצטער, ענדיקט זיך זיין אויס־טערלישע ליבע דערמיט, וואָס דאָס מיידל פון אַנטקעגן האָט אים אַרויס־געשטעלט אַ רויטע צונג און די ראָלעט פון יענעם פענצטער איז ראַש אַראָפּגעפאַלן...

אַזוי שלימזלדיק ענדיקט זיך אַ חלום ביי די מענטשן פון שוואַכן ווילן.

אַזעלכע העלדן נאָמבערגס באַגעגענען מיר אין זיינע דערציילונגען — אַחוץ אין „פליגעלמאַן" — אויך אין „בריוו", „דאָס שפּיל אין ליבע", „שוויג, שוועסטער" און אַנד. דאָס רוב נאָמבערגס העלדן שטייען אויף דער גרענעץ צווישן לעבן און טויט.

פליגעלמאַן איז געוואָרן אַ סינאָנים אין דער יידישער ליטעראַטור. ווען מ'האָט געוואָלט באַצייכענען דעם מענטש פון שוואַכן ווילן, דעם מענטש פון אַנמאַכט, האָט מען אָנגערופן נאָמבערגס פליגעלמאַן.

אָבער נאָמבערג גופא, נישט געקוקט אויף זיין פיזישער צעבראָכנקייט, האָט אָבער, אין תוך, געהאַט אַ געזונטן גייסט, אַ געזונטן קוק אויפן לעבן. אַ געזונטער גייסט אין אַ שוואַכן גוף. און אין ערשטן ליטעראַרישן פּעריאָד זיינעם, בעת ער האָט נאָך געשריבן לידער (דער זשאַנער האָט נישט לאַנג געדויערט) האָט ער געזונגען צו דער יוגנט:

שיינע יוגנט, פרעג נישט, זוך נישט!
אייל צום לעבן גיך, געשווינד!
ס'לויפן טעג, חדשים, יאָרן —
אַלצדינג טראָגט אַוועק דער ווינט.

איבער בערגער, איבער טאָלן
בלאָזט אַ ווינט מיט שטאַרקער מאַכט,
שלעפּט־אַוועק דאָס גאַנצע לעבן
צו דער אומבאַקאַנטער נאַכט.

שיינע יוגנט, פרעג נישט, זוך נישט —
טרינק פון בעכער, ווען ער שוימט!
ביז דו פרעגסט און ביז דו ענטפערסט,
האָסטו שוין דיין גליק פאַרזוימט.

נאָמבערגס סטיל אין דער נאָוועלע איז אַן אייגנאַרטיקער, ווייט פון יעדן שאַבלאָן, פון יעדער באַנאַליטעט. זיין טאָן איז אַן עלעגישער. נאָך יעדער נאָוועלע נאָמבערגס בלייבט ביי אונדז אַ טיפער אומעט.

נאָמבערג ווערט אויך אָנגעהויכט פון די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס. פון יענער צייט שטאַמט עס זיין דראַמאַטיש ווערק „די משפחה", אין וועלכער עס קומען צום אויסדרוק די קאָנפליקטן פון דער דעמאָלטיקער יידישער שטוב צווישן טאַטעס און קינדער און צווישן דער יוגנט גופא, וועלכע רייסט זיך אין פאַרשיידענע ריכטונגען; די סתירות צווישן דער אַלטער וועלט און דעם נייעם גייסט. פון דאַן שטאַמט אויך זיין פאָפּולער־געוואָרן ליד „עס לויפן, ס'יאָגן שוואַרצע וואָלקנס...", וואָס איז בשעתו געזונגען געוואָרן אומעטום, אין אַלע רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך.

***

אין די יאָרן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זעען מיר נאָמבערגן אין אַן אַנדער עטאַפּ. עס שווימט אויף נאָמבערג דער פּובליציסט, דער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער עסקן. עס איז די צייט פון פּוילנס רעגענעראַציע. פּוילן געווינט איר זעלבשטענדיקייט. און אויך די יידישע עטלעכע־מיליאָניקע באַפעלקערונג וואַכט אויף צו אַ באַנייט לעבן. די יידישע גאַס קאָכט, פּולסירט. נאָמבערג ווערט מיטגעריסן מיטן שטראָם, און זיין פּאָליטישע קאַריערע דערגייט אַזש ביז צו אַ סיים־„בענקל"... ער איז דער שליח פון אַ פּאַרטיי, פון דער פאָלקס־פּאַרטיי, וואָס ער, צוזאַמען מיט נח פּריי־לוצקי, ש. י. סטופּניצקי, ש. הירשהאָרן, שלמה מענדעלסאָן, לעאָ פינקעל־שטיין, בערנאַרד זינגער און אַנדערע, איז דער גרינדער געווען. נאָמבערג איז אידעאָלאָגיש דער הונדערט־פּראָצענטיקער יידישער „נאַראָדניק", דער פאָלקיסט, וואָס זעט נישט פאַר זיך נאָר איין קלאַס, נאָר דאָס פאָלק אַלס גאַנצעס. אין יאָר 1908 איז נאָמבערג געווען איינער פון די הויפּט־וואָרט־זאָגער אויף דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ און דאָרט האָט ער דורכגעזעצט אַ רעזאָלוציע, אַז יידיש איז אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך, „נישט קוקנדיק אויף דער קעגנערשאַפט פון רעכטס און פון לינקס". ד"ה, אַז

נאָמבערג האָט אויך נישט נעגירט העברעיִש: האָט ער דאָך אַליין אָנגעהויבן ווי אַ העברעיִשער שרייבער אין „הצופה" און שפּעטער אין „הזמן". „אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך" הייסט איינע פון די ביידע נאַציאָנאַלע שפּראַכן. און דאָס איז געווען דער מיין פון זיין פשרה־רעזאָלוציע אויף דער טשערנאָ־וויצער קאָנפערענץ. אויב העברעיִש איז פאַר נאָמבערגן געווען די נאַציאָ־נאַלע שפּראַך פון ייִדישן עבר, איז ייִדיש פאַר אים געווען די „שפה חיה", די לעבעדיקע שפּראַך, וועלכע ער האָט זיך געווידמעט און פאַר וועלכער ער האָט זיך איינגעשטעלט.

אַזוי איז נאָמבערג געוואָרן דער אידעאָלאָג פון ייִדישיזם און פאָלקיזם אויף דער ייִדישער גאַס. פון ייִדישיזם אין בעסערן, שענערן זין פון וואָרט. ער האָט ליב געהאַט ייִדיש און די אוצרות, וואָס עס ווערן געשאַפן אין דער פאָלקס־שפּראַך. אָבער אין תוך איז אויך דאָס לשון פון תנ״ך נאָנט געווען זיין געמיט. דאָס לשון, ווי די גרויסע נאַציאָנאַלע ווערטן, וואָס זיינען אָפּגעהיט געוואָרן אין דעם לשון פאַר ייִדישע דורות.

אָבער די ראָל פון אַ פּאָליטיקער פאַר עקסעלאַנס איז אין תוך נישט געווען פאַר נאָמבערגס מענטאַליטעט, און סוף כל סוף ציט ער זיך צוריק אין דער ליטעראַריש־פּובליציסטישער פּעריפעריע.

נאָמבערג פאַרנעמט אין משך פון יאָרן דעם אויבנאָן אין אַ ייִדישער צייטונג („דער מאָמענט"). זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען, זיינע פעליע־טאָנען זיינען ס׳רוב פיין־געפאָרעמטע, געפרעסטע, גייסטרייכע עסייען און זיי ווערן אַ שם־דבר אין דער ייִדישער פּרעסע. אויף זיינע פּרייטיקדיקע „וואָכנדיקע שמועסן" וואַרט ממש דער לייענער־עולם. אין די דאָזיקע אַרטיקלען און פעליעטאָנען לעבט זיך נאָמבערג אויס. ער רעאַגירט אויף אַלע דערשיינונגען אין ייִדישן לעבן. ער שטייט אויף דער וואַך, רייסט אַרונטער אַלץ, וואָס פאַרשימלט, רופט צו בויען, צו שאַפן, קעמפט מיט זיין פעדער פאַר דער מאָדערנער ייִדישער קולטור, פאַרן העכערן ניוואָ פון דער ייִדישער ליטעראַטור, פאַר דער ייִדישער שול. אין דער ייִדישער וועלט־לעכער שול האָט נאָמבערג געזען אונדזער צוקונפט, די צוקונפט פון דער ייִדישער קולטור, פון ייִדישן בוך און ער איז איינער פון אירע טרייסטע פריינד און מיטבויער געווען.

בטבע אַן אומרויִקע נאַטור, האָט נאָמבערגן נישט איין מאָל דערעסן די איינגעזעסנקייט אויף אַן אָרט און ער האָט זיך געמוזט לאָזן אין וועג אַריין. אַ דאַנק דעם האָבן מיר צווישן נאָמבערגס ווערק זיינע גלענצנ־

דיקע ליטעראַרישע רעפּאָרטאַזשן וועגן סאָוועט־רוסלאַנד, אַרגענטינע, אַמע־
ריקע און ארץ־ישראל.

***

נאָמבערג, ווי אַ טיפּ פון אַ באָהעמיען, איז קיין מאָל נישט געווען אין דער ראָל פון אַ דערציִער, ווי עס איז געווען, אַ שטייגער, פּרץ בשעתו פאַר זיין דור שרייבער. אים, נאָמבערגן, איז אויסגעקומען צו לעבן שפּעטער אין אַן אַנדער צייט און אין אַנדערע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אומשטענדן. יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן זיינען שוין געווען אָרגאַ־ניזירט אין אַ פאַראיין — דער ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקיע — וואָס אין פּרצעס צייט, די צייט פון צאַריזם, איז עס נישט מעגלעך געווען — און נאָמבערג איז אָפט געשטאַנען בראש ווי פאָרזיצער פון דער דאָזיקער שרייבער־קאָרפּאָראַציע. נאָמבערג האָט אָפּגעהיט דעם ניווֹאָ פון דער אָרגאַניזאַציע — סיי דעם קולטורעלן, סיי דעם פּראָפעסיאָנעלן. טריי די אויפגאַבן פונעם פאַראיין, איז ער אַפילו אַ געוויסע צייט געווען אויך טעטיק ווי אָנפירער פון פּראָפעסיאָנעלן ראַט ביים פאַראיין און זיך פאַרנו־מען מיט טאָג־טעגלעכע רייִן־פּראָפעסיאָנעלע ענינים און קאָנפליקטן צווישן די רעדאַקציע־מיטאַרבעטער מיט די פאַרלעגער.

ס׳האָט אַמאָל קורסירט אַ פאָראורטייל וועגן נאָמבערגן, אַז ער איז אַ מהיכא תיתי־מענטש, וואָס נעמט קיין זאַך נישט ערנסט, ווי איינער זאָגט: למאי נפקא־מינה, זאָל זיין אַזוי... דאָס האָט אָבער אפשר געקאָנט פּאַסירן ביי קלייניקייטן, ביי זאַכן פון נישט ערנסטן כאַראַקטער, ווען אַ בר־דעת, אַ מענטש מיט געשמאַק קאָן עס נישט נעמען ערנסט. מיר איז, למשל, אויס־געקומען מיטצואַרבעטן מיט נאָמבערגן סיי אין איין רעדאַקציע, סיי אין מערערע קאָדענצן פון דער פאַרוואַלטונג פון ליטעראַטן־פאַראיין, סיי אין דעם פּראָפעסיאָנעלן ראַט, און האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זען נאָמבערגן ביי זיין טעטיקייט. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פראַגן פון איבער־צייגונג, צי וועגן ענינים פון פּראָפעסיאָנעלער עטיק, דאַן איז נאָמבערג געווען קאַטעגאָריש, פעסט, אָן קאָמפּראָמיסן — אַפילו דאַן, ווען ער האָט געדאַרפט עמעצן מעיז־פּנים־זיין. דער אַלטער צבי פּרילוצקי, למשל, — דער שעף־רעדאַקטאָר פון „מאָמענט" — וועלכער האָט בטבע ליב געהאַט אין זיין צייטונג צו לעבן בשלום מיט דער גאַנצער וועלט און פלעגט שטענ־דיק אָפּטעמפּן די שאַרפקייטן פון אַגרעסיווערע אַרטיקלען, — האָט שוין

געוווּסט, אַז מיט נאָמבערגן טאָר מען זיך נישט אָנהייבן. ווער־ווער, אָבער נאָמבערג האָט פאַר אַ קוצו של יוד געקאָנט וואַרפן דעם גט פאַר די פיס. און דאָס זיינען דאָך שטריכן, וועלכע זיינען ווייט פון מהיכא־תיתידיקייט.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ ליטעראַרישער אָוונט אויף טלאָמאַצקיע. אויף דער טריבונע איז געגאַנגען אַ פּאָלעמיק וועגן דער שפּראַכן־פראַגע (אויך די יידיש־העברעיִשע פראַגע האָט נישט אויסגעמיטן יענע טריבונע) און איינער אַ רעדנער — דאָס איז געווען יצחק גרינבוים, דער ציוניסטישער וועטעראַן, וואָס לעבט איצט אין ישראל — האָט זיך דערלויבט אויף אַ צו אַגרעסיוון טאָן בנוגע יידיש. נאָמבערג, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער טיר פון קאַנצעלאַריע, איז געוואָרן אָנגעצונדן און האָט זיך דורכגעריסן צווישן עולם צו דער טריבונע און מיט שאַרפע צווישנרופן נישט גע־לאָזט דעם רעדנער ווייטער ריידן אין דעם נישט־געהעריקן טאָן. ער האָט אים ממש פאַר דער פאָלע גענומען שלעפן פון דער טריבונע אַראָפּ. דער דאָזיקער עפּיזאָד זאָגט אויך עדות, אַז ביי ענינים פון איבערצייגונג האָט נאָמבערג נישט מוותר געווען און איז געווען גענוג קעמפעריש...

בכלל איז נאָמבערג געווען דער געמיטלעכער מענטש, דער מענטש פון וויץ און שאַרפזין. דער מענטש, וואָס האָט אויך געהאַט געפיל און געמיט פאַרן לייכטן טאָן. ער האָט געקענט „מוטלען" אין קאַפע־הויז, אין היימישן „מושב לצים", צי ביים שאָך־ברעטל אין דער ליטעראַרישער קיבעצאַרניע, אָדער גאָר ביי אַ טאַנגאָ — ווען אויך אין דער ליטעראַרישער קיבעצאַרניע איז עס אין דער מאָדע געווען... הגם די נאַטור האָט אים נישט באַשאָנקען מיט קיין אימפּאָנירנדיקער פיגור, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גאַלאַנטן פּאַרטנער צום טאַנץ...

די נאַכט־שעהען אין קאַפע־הויז, אין דער קיבעצאַרניע, דאָס טאַנצן — דאָס אַלץ האָט אין תוך געקאָנט פאַר אים זיין נאָר אַ מיטל צו פאַרטויבן די גרויסע איינזאַמקייט, די איינזאַמקייט, וואָס קומט פון אַ צעריסן פאַמיליע־לעבן. דאָס איז געווען אַ מין אַנטלויפן פון די אייגענע ד׳ אמות, ווו עס לייגן זיך שווערע שאָטנס אויף דער נשמה... ווו עס פעלט די וואַרעמקייט פון היים, פון משפּחה... ווו עס רופן זיך אָפּ אַלטע מיחושן... האַרץ... לונגען... ער איז געלאָפן פון דער איינזאַמקייט אַזוי לאַנג ווי ער האָט עס געקאָנט, ווי לאַנג עס האָט אים צום בעט נישט צוגעשמידט.

און אין דער דאָזיקער עלנטקייט, אין איינער אַ נאַכט, איינער אַליין

אין אַ חדר פון אַ פּענסיאָנאַט אין אָטוואָצק, האָט הערש דוד נאָמבערג זיין גרויסע נשמה אויסגעהויכט.

ביי זיין טויט איז קיינער נישט געווען. קיינער האָט זיין לעצטן בליק נישט געזען...

לאָדזש, 1947

# דער ריז פון דער ייִדישער ליטעראַטור

מיט שלום אַשס פּטירה איז אַוועק פון אונדז דער גרעסטער פּראָזאַיִקער אין היינטיקן דור.

אַוועק איז שלום אַש אין דער אייביקייט שוין זאַט אין יאָרן. ער האָט אָבער נישט איבערגעלעבט די זיקנה ווי יעדער בשר ודם. די זיקנה האָט נישט אָפּגעקילט זיין גייסט און אים נישט אַריינגעוואָרפן אין טראַנס פון פּאַסיווקייט, נאָר ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן איז ער באַהערשט געווען פון יענעם גרויסן, אומגעשטילטן שאַפונגס־הונגער, וואָס איז שכיח נאָר ביי גרויסע, פּייערפולע געזאַלבטע קינסטלער. ביז די לעצטע טעג פון זיין שעפערישן לעבן — שוין אויף דער ערד פון ישראל — האָט שלום אַש נישט אַרויסגעלאָזט זיין פּען פון האַנט און האָט זיך פאַרנומען מיט נייע ליטעראַרישע פּלענער, מיט נייע גרויסע פאַרמעסטן.

אָנגעטאָן אַשן די קרוין — ווי אַנדערע פון זיין דור — האָט יצחק לייבוש פּרץ, און גאָר גיך איז זיין נאָמען גרויס געוואָרן. ער איז אַריין אין דער ליטעראַטור אין אַ כתנת פסים, אין אַ זיידן העמדל, מיט אַ באַזונדער מזל. דאָן איז עס אַש אַרויס אין דער עפנטלעכקייט מיט זיין „שטעטל" — די פּאָעטישע און פּאַטעטישע שילדערונג פון אַ ייִדיש שטעטל אין פּוילן, געמאָלט מיט אַ זיכערער, קינסטלערישער האַנט, מיט אַ שבת־יום־טובדיקער פרייד אוןָ פאַרליבטקייט; אַ שטעטל מיט וווּנדערלעכן חן אויפן פאָן פון דער פּוילישער לאַנדשאַפט. שלום אַש האָט די לאַנדשאַפט מגייר געווען און אין איר אַריינגעגעבן אַ ייִדישע נשמה. מ'האָט באַלד דערזען, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ הערלעכן שרייבער־מאָלער פון גאָר הויכער מדרגה.

מיט וואָס פאַר אַ באַגייסטערונג האָט אַשן אויפגענומען די ייִדישע ליטע־ראַטור־קריטיק באַלד ביי זיין אָנהייב.

אַפילו דער ניכטערער בעל־מחשבות, וואָס איז בכלל נישט געווען אַזוי פּזרנדיק אין שבחים, האָט זיך צעשריבן וועגן אַשס מייסטערשאַפט:

„י. ל. פרץ האָט דעם יונגן שלום אַש אַריינגעפירט אין די הויכע פּענצ־טער פון דער יידישער ליטעראַטור. אַש האָט זיך „אַן אייגענעם נוסח" צו שילדערן די מענטשן און די נאַטור, און קיינער פון זיינע יונגע חברים קען זיך נישט פאַרגלייכן מיט אים אין דעם כח צו שילדערן גאָטס שטום וועלטל מיט איר שיינקייט, שטילקייט און לעבעדיקייט, ווי ער. און דער אופן ווי ער שילדערט אונדז די נאַטור, האָט עפּעס אַ וווּנדערלעכן חן, אַ ריין יידישן חן".

„שלום אַש קוקט אויף גאָטס וועלטל מיט אויגן פון אַ יידישן יתומל: אַמאָל זעט ער אין גאָטס וועלטל די פאַרלאָרענע מאַמע; אַמאָל זיך אַליין, זיין אייגענע קינדערשע נשמה".

דאָס זיינען בעל־מחשבותעס קאָמפּלימענטן פאַר אַשן ביי זיין אָנהייב, נאָכן דערשיינען פון אַשס בוך דערציילונגען „אין אַ שלעכטער צייט" אין יאָר 1902.

אין די וואַרשעווער יאָרן, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט שלום אַש אַ בליץ געטאָן מיט זיין דראַמע „משיחס צייטן", וועלכע איז אויך מיט גרויס דערפאָלג אויפגעפירט געוואָרן סיי אויף דער פּוילישער בינע אין וואַרשע, סיי אויף דער רוסישער בינע, אין קאָמיסאַרזשעווסקיס פּעטער־בורגער טעאַטער. די דאָזיקע דראַמע פאַרקערפּערט אויף אַ סימבאָלישן אופן אַלע חלומות און אידייען אויף דער יידישער גאַס. חלומות פון דער אַלטער יידישער וועלט און די נייע אידייען פון דער יוגנט. אַלץ צוזאַמען גענומען איז עס אַ פאַנטאַסטישער געמיש פון דעם יונגן בעל־חלומות, פון שלום אַשס פּאָעטישער באַפליגלטער נשמה.

די ליטעראַטור־קריטיק ביי יידן — און נישט נאָר ביי יידן — האָט זיך דעמאָלט צעשריבן וועגן אַשן מיט תהילות ותשבחות און זיין פּאָפּולער־קייט האָט זיך באַלד צעוואָקסן. דערין האָט ער באַלד איבערגעשטיגן זיינע יונגע חברים־שרייבער און דיכטער.

און פון דעמאָלט אָן גייט שלום אַש אין דער יידישער ליטעראַטור פון דערפאָלג צו דערפאָלג: הן אין זיין קורצער דערציילונג, הן אין ראָמאַן, הן אין דראַמע. און אַש איז זייער פּרוכטיק, איז איבערגעפולט און איבערגעלאָדן מיט געוואַלטיקן כח היצירה, און אין משך פון זיינע שעפערישע יאָרן מערן זיך זיינע ווערק און קייטלען זיך און וואַקסן אויס אין אַ לאַנגער גאָלדענער קייט. שלום אַשס דראַמאַטישע ווערק ווערן געשפּילט אויף אונדזערע בינעס

אין אַלע תפוצות ישראל און זיין שם צעטראָגט זיך איבער שטעט און לענדער.

און נישט נאָר אין יידיש — אויך אין אַנדערע שפּראַכן ווערט שלום אַש איבערגעזעצט. נישטאָ נאָך אַזאַ שרייבער ביי יידן, וואָס זיינע ווערק זאָלן אַזוי פיל איבערגעזעצט ווערן ווי די ווערק פון שלום אַש. זיין פּאָפּולאַריטעט וואַקסט און אַש באַקומט אַ וועלט־נאָמען. אַש ווערט דער בן־יקיר פון דער יידישער ליטעראַטור. זיין מערכה בכלל איז באַלד אין זיין אָנהייב, אין די ערשטע וואַרשעווער יאָרן, געווען אַ פיל גינסטיקערע אויך מאַטעריעל. ער האָט זיך פיל בעסער און פיל לייכטער אַן עצה געגעבן מיט פאַרלעגער ווי זיינע חברים־מיטצייטלער, ווי, אַ שטייגער, אברהם רייזען און ה. ד. נאָמבערג, וואָס האָבן זיך תמיד געראַנגלט מיט דער נויט. ער, שלום אַש, דער הויכער ברייט־פּלייציקער, בעל־הגופישער, תמיד בעסער געקליידטער, האָט אַנטקעגן זיי אויסגעזען תקיפער, מעשה גביר, און טאַקע אויך זאַטער...

ווי ווייט שלום אַש איז פּאָפּולער געווען אויך ביי נישט־יידן האָבן יידישע שרייבער געהאַט די געלעגנהייט צו זען אין וואַרשע אין יאָר 1930, בעת דאָרטן איז פאָרגעקומען איינער פון די יערלעכע פּענקלוב־קאָנגרעסן. אין דעם פּרעכטיקן סאַלאָן פון „אייראָפּייסקי" האָבן אויפן שלום־באַנקעט געגלאַנצט צווישן די דעלעגאַטן אַזעלכע גייסטער ווי גאַלסוואָרטי פון לאָנדאָן (דער אייגנטלעכער איניציאַטאָר און אינספּיראַטאָר פון די פּענקלובן און זייער ערשטער פּרעזידענט); דאָן די פראַנצויזישע שרייבערישע פּערזענלעכקייטן בענזשאַמין קרעמיע, זשיל ראָמען און פיל אַנדערע באַרימטקייטן פון דער ברייטער ליטעראַרישער וועלט. שלום אַש האָט דעמאָלט רעפּרעזענטירט די שפּראַך און די ליטעראַטור אָן אַ לאַנד, אָדער דאָס סימבאָלישע לאַנד „יידיש", ווי דער ערן־פאָרזיצער פון יידישן פּענקלוב. די רעפּרעזענטאַנטן פון פּוילישן פּענקלוב אַנטאָני סלאָנימסקי, יוליאַן טווים און אַנדערע האָבן זיך אַנטקעגן אַשן געפילט שיער נישט ווי קאַרליקעס אַנטקעגן אַ ריז... אַש איז דאַן באמת געווען דער צענטער פון פאַראינטערעסירונג אין סאַלאָן. און מיט וואָס פאַר אַ געשפּאַנטקייט האָבן זיך עס דאַן אַלע דעלעגאַטן צוגעהערט צו אַשס ענגלישער רעדע, וואָס ער האָט געלייענט פון פּאַפּיר. אַש איז שוין דעמאָלט געקומען פון ניו־יאָרק, און זיין רעדע איז נאַטירלעך פריִער גוט צוגעגרייט און פּרעפּאַרירט געוואָרן. ביי זיין זייט איז געזעסן זיין פרוי, די זייער עלעגאַנטע מאַטילדע, און זי

האָט זיך נישט וויניק פריִער דענערווירט ווי עס וועט אויסזען דאָס ענגליש אין אַשס מויל. אָבער אַש האָט זיין רעדע געלייענט מיט אַ באַזונ־דערער דרייסטקייט — דרייסטקייט האָט אים קיין מאָל נישט געפעלט — און דער גאַנצער זאַל האָט אים געמאַכט שטורמישע אָוואַציעס. מען האָט געזען באַשיימפּערלעך, אַז אַשן קען שוין גוט די קריסטלעכע וועלט.

נאָך פון זיינע יונגע יאָרן האָט אין שלום אַשן דעם קינסטלער געברענט אַ באַזונדער עקספּאַנסיע; אַן עקספּאַנסיע צו פאַרכאַפּן נישט בלויז די יידישע וועלט — ער האָט זיך מיט אַ באַזונדערן אײפער אויך געריסן אין דער ברייטער נישט־יידישער פעריפעריע. שוין דעמאָלט, בעת עס איז דערשי־נען זיין „גאָט פון נקמה״, נאָך אין צאַרישן רוסלאַנד, האָט ער אָנגעשפּאַרט קיין פעטערבורג מיט דער דאָזיקער איבערגעזעצטער דראַמע — מיט „באָג מיעסטי״ — און געזוכט פאַר יעדן פּרייז אַ וועג צום רוסישן טעאַטער. אַזוי ווי ס׳איז געווען מיט „גאָט פון נקמה״ איז אַזוי אויך געווען, ווי שוין דער־מאָנט, מיט „משיחס צייטן״, וואָס איז אויך געגאַנגען אויף די בינעס ביי די גויִים. זיינע דערפאָלגן און דערגרייכונגען בלויז אויף דער יידישער גאַס האָבן אים קיינמאָל נישט באַפרידיקט. תמיד האָט ער געקוקט ווייטער, ווייטער. תמיד האָט אים געלאָקט די ברייטע קריסטלעכע עפנטלעכקייט. און אָפּנים טאַקע אָט די עקספּאַנסיע זיינע האָט אים לסוף געבראַכט צו שטרויכ־לונגען — צו דער סעריע קריסטוס־ראָמאַנען. די דאָזיקע ווערק האָבן טאַקע פאַר אים זיכער געעפנט טיר און טויער צו דער גוייִשער וועלט און, אגב, צו גרויסע טיראַזשן און „פּראָספּעריטי״... הגם ס׳איז ווערט צו אונ־טערשטרייכן, אַז אין קינסטלערישן זינען שטייען די דאָזיקע ווערק אויף אַ נידעריקערער מדרגה ווי זיינע ווערק פון ריין יידישער טעמאַטיק. אמת, אַש איז שטענדיק אַש. עס זיינען אומפאַרגעסלעך די הערלעכע מאָלערישע באַ־שרייבונגען, אַ שטייגער, פונעם יום־טוב אין בית־המקדש אין דעם „מאַן פון נצרת״. אָבער בעת ער צעשרייבט זיך דאָרט מכח קריסטוסעס נסים ונפלאות, געמומען פון דער עוואַנגעליע, ווערט דעמאָלט אַש פּשוט לאַנג־וויילִיק; דעמאָלט פאַרלירט ער זיין דרך און אופן פון שרייבן. עס איז אַן איבעריקער באַווייז, אַז ווען אַ קינסטלער מאַכט אַן אָפּנייג פון זיין נאַטיר־לעכן וועג, ברענגט ער קודם־כל פאַר אַ קרבן זיין קונסט; פאַרלירט ער דעם אוממיטלבאַרן כח היצירה. מיר האָבן נאָך אַזעלכע ביישפּילן אין דער יידי־שער ליטעראַטור. דאָס זעלבע קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן דוד בערגעל־סאָן. אויך דוד בערגעלסאָן האָט אויפגעהערט צו זיין אַ גרויסער קינסט־

לער, צו זיין דאָס וואָס ער איז געווען — ווי נאָר ער האָט גענומען שרייבן אויף „סאָצבאַשטעלונג“ און נישט על פּי קינסטלערישער אינטואיציע און אינספּיראַציע.

פּאַראַלעל מיטן דערפאָלג ביי די גויִים האָבן די קריסטלעכע ווערק שלום אַשס געבראַכט אַ ריס צווישן מחבר און דער ייִדישער וועלט. דער כבוד ביי די גויִים האָט אים געבראַכט אומכבוד ביי ייִדן. ביי ייִדן נישט דווקא אָרטאָדאָקסישע, רעליגיעזע, נאָר סתם נאַציאָנאַלע. אין דער צייט פון היטלערס געטאָס, בעת ייִדיש בלוט האָט זיך, דורך קריסטלעכע רוצחים, געגאָסן ווי טייכן, האָט די ייִדישע מענטאַליטעט בשום אופן נישט געקאָנט תופס זיין און שלום מאַכן מיט אַשס קריסטלעכע אוטאָפּיעס; מיט די „אידיי־ליעס“ פון „פאַרברידערונג“ צווישן קריסטנטום און ייִדנטום... מעג ער אַפילו אָנטאָן קריסטוסן אין די קליידער פון דעם דערמאָרדעטן רב אויף די קלויסטער־טרעפּ פון וואַרשעווער גזשיבאָוו, הינטער דער געטאָ־וואַנט, און אים לאָזן פּרעדיקן ליבע און רחמנות צו ברידער און שילדערן ווי די פּאָליאַקן צינדן זיך אָן מיט ליבע צו ייִדן... (ווי מיר לייענען עס אין זיין קינסטלעך־צוגעטראַכטער אַפּאָקאַליפּטישער דערציילונג „קריסטוס אין געטאָ“, אין זיין בוך „דער ברענענדיקער דאָרן“), — אין אָנבליק פון דער טראַגישער, בלוטיקער וואָר רעדט עס גאָרנישט, נישט צום אויער און נישט צום האַרץ פון ייִדישן מענטש. אין דער אמתן ווייסן מיר דאָך וויל ווי אַזוי די פּאָליאַקן האָבן אונדז ליב געהאַט. וואָסער ראָל זיי האָבן געשפּילט בימי היטלער י״ש און אַפילו עד היום הזה... אין זכרון ליגט אונדז נאָך גוט דער קיעלצער פּאָגראָם אין 1946, קורץ נאָך דער באַפרייאונג. אויסנאַמען ענדערן נישט דעם ביטערן אמת.

און די דאָזיקע שטרויכלונגען אַשס האָבן פאַרשאַפט ווייניק נחת אונדז און נישט ווייניק עגמת־נפשן דעם מחבר גופא. שוין אויף זיינע עלטערע יאָרן, אויף זיינע עטוואָס איינגעבויגענע אַקסלען און אויף זיין ווייסן קאָפּ האָט שווער געדריקט די לאַסט פון די כסדרדיקע תרעומות און טענות צו אים פון אַלע זייטן — הן פון שרייבערס, הן פון סתם ייִדן.

דער דאָזיקער ריס איז אַלץ פאַרטיפט געוואָרן, די מחיצה אויסגעוואַקסן, און שלום אַש האָט זיך דערווייטערט פון דער ייִדישער שרייבער־משפּחה אין ניו־יאָרק — פון י. ל. פּרץ־שרייבער־פאַראיין, פון פּען־קלוב, פון דער ייִדישער פּרעסע בכלל. אויף דער ייִדישער גאַס איז ער געבליבן איינזאַם. און אין אָנבליק פון זיין עלטער האָט ער אָנגעהויבן ווערן טראַגיש.

די לעצטע פּאָר יאָר פון זיין לעבן איז אין שלום אַשן, זעט אויס, פּאָרט פּאַרגעקומען עפּעס אַ שינוי. וואָס שטאַרקער די זיקנה האָט זיך גערוקט אויף אים, אַלץ מער האָט עס אים גענומען ציִען צו יידן.

אין זיין עצם באַזעצן זיך אין ישראל האָט מען געוואָלט זען און טאַקע געזען אַן אינסטינקטיוון דראַנג פון אַ צוריקגעקומענעם, פון אַ חוזר בתשובה... עס איז טאַקע סימפּטאָמאַטיש, אַז אין דער לעצטער טעמאַטיק זיינער האָט זיך אַש פאַרנומען מיט יידישע אבות, מיט די נביאים.

איז ביסלעכווייז די התקרבות צו אים געוואָרן אַלץ גרעסער. איז עס שוין געקומען אין ישראל אויך צו עפנטלעכע מסיבות פאַר אים. סוף־כל־סוף זענען אַלע אין אַשן דעם גרויסן קינסטלער, דעם גאָט־געבענטשטן פּראָזע־מייסטער, דעם פילפאַרביקן שעפער, דעם מחבר פון אַזעלכע מאָנומענטאַלע ווערק, וואָס מאַכן אַ שרייבער אומשטערבלעך.

לאָזט זיך גלויבן, אַז ווער ווייסט? אפשר... אפשר וואָלט ער מיט דער צייט יאָ געקומען צו תשובה בפה מלא — ווען עס מישט זיך נישט אַריין אין מיטן דער טויט בעת אַשס לעצטן באַזוך ביי זיין טאָכטער אין לאָנדאָן.

און איצט, בעת שלום אַש איז שוין פון אונדז אָפּגעשיידט מיט דער מחיצה פון טויט, טראַכטן מיר נישט וועגן אַשס פריִערדיקע שטרויכלונגען — מיר עלימינירן די אַלע קריסטלעכע ראָמאַנען זיינע און אין אונדזער געמיט לעבט דער טיפער אָפּקלאַנג פון אַזעלכע פּרעכטיקע און רום־ברענגענדיקע ווערק זיינע, ווי: „דאָס שטעטל", „משיחס צייטן", „שלמה נגיד", „די כישוף־מאַכערין פון קאַסטיליע", „קידוש השם", „דער תהלים־ייִד" און אַ סך, אַ סך אַנדערע טייערע, ווערטפולע פּערל, מיט וועלכע אַש האָט רייך געמאַכט די יידישע ליטעראַטור.

שלום אַש איז שוין איצט חבר מיט דער אייביקייט און אין דער אייביקייט וועלן פאַרבלייבן די אַלע שענסטע פּערל, וואָס ער האָט געשאַפן פאַר זיין פאָלק.

ב. איירעס, יולי 1957

# דער ווירטואָז פון יידישן פערז

(וועגן קורצן לעבן און שאַפן פון לייבניידוס)

„דער ווירטואָז פון ייִדישן פערז״ — דאָס איז אַ פאַרדינטע באַצייכענונג פאַר דער דיכטערישער געשטאַלט פון לייב ניידוסן. אַ פּאָעט, וואָס האָט אַזוי ווייניק געלעבט — 28 יאָר סך־הכל! — און אַזוי פיל געשאַפן. סיי אין כמות, סיי אין איכות. זיין פערז איז נישט נאָר אין דיין צייט געווען אַ מוסטער פון ווילקלאַנג, פון ריטמישקייט און העכסטער מוזיקאַלישקייט, נאָר אַפילו היינט צו טאָג וואָלטן זיך אַ סך, אַ סך פון אונדזערע אָנערקענטע דיכטערס געמעגט לערנען ביי לייב ניידוסן ווי אַזוי צו בויען אַ פערז. אָבער די מוזיקאַלישקייט, די קאָמפּאָזיציע פון ליד — דאָס איז נישט אַן ענין פון אויסלערנען זיך. ניידוס איז אין זיין גאַנצן וועזן געווען מוזיק! דער ריטעם האָט געשלאָגן אין זיין בלוט. נישט אומזיסט, נישט ווי אַ פּוסטע קאָקעטעריע האָט לייב ניידוס געגעבן צו זיין בוך „ליריק״ ווי אַ מאָטאָ אַ שורה פון פראַנצויזישן פּאָעט פּאָל ווערלען:

De la musique avant toute chose!

לייב ניידוס איז געווען אַ שטיק עקזאָטיק אין דער ייִדישער ליטעראַטור: אַ זון פון אַ ייִדישן פריץ, אַ גוטבאַזיצער, — אַ זעלטענע דערשיינונג ביי ייִדן — איז זיין לעבן געגאַנגען אויף אַנדערע רעלסן. אַנדערש האָט זיך געשטאַלטיקט זיין קינדהייט, אַנדערש זיינע רייפע יאָרן און אַנדערש אויך זיין קורצער שאַפונג־וועג. נישט האָבנדיק קיין עול פרנסה — ווי דער שטייגער אַלע אונדזערע וואָרטקינסטלערס — האָט ער אויסשליסלעך געקאָנט ווידמען זיין לעבן דער מוזע, ווי אַ פרייער זון פון פּאַרנאַס.

געבוירן איז לייב ניידוס אין גראָדנע אין יאָר 1890. ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד האָבן זיינע עלטערן זיך איבערגעצויגן אין זייער גוט קוסטין, ביי קוזניצע, עטלעכע און צוואַנציק קילאָמעטער פון גראָדנע. אַ הערלעך־

מאָלעריש ווינקעלע, פון וואַנען ניידוס האָט שפּעטער מיטגענומען „אין דער וועלט" די ליבע און בענקשאַפט צו דעם גרינעם קיניגרייך פון פאַן.

עס קומען שפּעטער די שילערישע יאָרן. ער לערנט אין גראָדנע, נאָכ־דעם אין אַ קאָמערץ־שול אין ראַדאָם און ביאַליסטאָק. אין 1905 ווערט ער אויסגעשלאָסן פון דער שולע צוליב זיין אָנטיילנעמען אין די שילערישע „סכאָדקעס". די רעוואָלוציאָנערע ווינטן האָבן זיך דעמאָלט אויך אַריינגע־כאַפּט אין די שולן. פון ביאַליסטאָק פאָרט ער קיין קאָוונע; אָבער אויך דאָרט ווערט ער באַזייטיקט פון דער שול פאַרן זעלביקן חטא און ער קלייבט זיך אַריבער אין ווילנע. דאָס איז געווען אין 1908. דאָרט שטודירט ער אין אַ רעאַל־גימנאַזיע ביז 1911. ער האָט שוין דאַן געדאַרפט ענדיקן די שול, אָבער ער האָט אַפילו נישט געהאַט מער קיין אינטערעס צו וואַרטן ביז די עקזאַמענס: אים האָט שוין דאַן געפאַנגען אַן אַנדער ליידנשאַפט. עס האָט זיך אין אים אָנגעצונדן דאָס הייליקע פייער פון יצירה. ער האָט שוין דעמאָלט געשריבן זיינע לידער. געשריבן מיט אייפער, מיט ברען. נישט געזען עפּעס אַנדערש, עפּעס מער שענערס און מער הייליקערס.

אין זיין ערשטן פּעריאָד האָט לייב ניידוס געשריבן אין ייִדיש און אין רוסיש. פון זיינע רוסישע שאַפונגען איז פאַרבליבן אַ זאַמלונג שירים א"נ „פּאַלעוויאַ פּאַגנאַ". ער האָט אַ טייל רוסישע לידער פאַרעפנטלעכט אין פאַרשיידענע רוסישע ציטונגען און זשורנאַלן אין ווילנע און אין גראָדנע. צוו"אַנד אין גראָדנער זשורנאַל „גאָלאָס גראָדנאַ", וואָס אַלעקסאַנדער לאַ־פּין האָט אַרויסגעגעבן אין 1917—1918.

דרוקן זיך אין ייִדיש האָט לייב ניידוס אָנגעהויבן אין יאָר 1907 (אין דער וואַרשעווער „ראָמאַנצייטונג"). פון דעמאָלט אָן באַגעגנט מען זייער אָפט ניידוסעס נאָמען אומעטום, ווו נאָר אַ זשורנאַל, אַ זאַמלבוך — אין ווילנע צי אין וואַרשע. די ייִדישע ליטעראַטור האָט דאַן איבערגעלעבט איר רענעסאַנס־תקופה. פרצעס גייסט האָט סטימולירט, געוועקט די יונגע ליטע־ראַרישע פּאָטענצן. ליטעראַרישע אויסגאַבעס זיינען געווען אַ זייער אָפטע דערשיינונג. ווילנע און וואַרשע זיינען געווען די ליטעראַרישע צענטערס, ווו עס האָט זיך צעזונגען אַ היפשע פּלעיאַדע יונגע פּאָעטן. אין דער דאָזי־קער פּלעיאַדע האָט זיך אויך אויסגעטיילט דאָס דיכטערישע וואָרט, דאָס ליד פון לייב ניידוסן.

אייגנאַרטיק איז געווען דאָס קורצע לעבן פון דעם דאָזיקן דיכטער און אייגנאַרטיק איז אויך געווען זיין שאַפן. אַ באַזונדער חותם איז געלעגן אויף

זיין מוזע. די טענער ניידוסעס האָבן אָפּט געקלונגען פאַרן ייִדישן אויער עפּעס ווי נישט־ייִדישלעך, פרעמד, עקזאָטיש, גלייך ווי פון אַ פרעמדער, נישט־ייִדישער וועלט. ניידוס איז דערשינען אין דער ייִדישער פּאָעזיע אין אַ ראָמאַנטישער צייט. בראש פון דער יונגער דיכטער־פּלעיאַדע איז דעמאָלט געשטאַנען דער פאַרחלומטער דוד איינהאָרן, וועלכער האָט געוועבט זיינע שטילע, פאַרבענקטע ניגונים וועגן אַ ווייסער בעריאָזקע; איז געקומען לייב ניידוס און זיך צעקלונגען מיט דרייסטע אַקאָרדן, מיט געוואַגטע טענער, מיט נייע באַגריפן — געגנומען פון איראָפּע — און מיט אַ גאַנץ נייער טעמאַטיק. דערצו — מיט אַן אומגעהויערער שפּראַך־עשירות און זעלטענער מוזיקאַלישקייט. וואָס שייך שפּראַך און פאָרעם איז ניידוס געווען ממש אַ ווירטואָז. ער האָט תמיד געוואָגט אויף דעם געביט צו מאַכן עקספּערימענטן. געוויזן כישוף מיט זיינע שפּראַך־קאָמבינאַציעס. אַ באַזונדער חן האָבן גע־האָט זיינע ניי־קאָמבינירטע גראַמען, אָריגינעלע צונויפפאָרונגען פון ווער־טער און מעטאַפאָרן.

ניידוס האָט אַריינגעבראַכט אין זיינע פערזן אַ מאַסע העברעיִזמען פון איין זייט און איראָפּעיִזמען פון דער אַנדערער זייט, און דער דאָזיקער סינטעז איז אים גלענצנדיק געלונגען און האָט דערפירט זיין פאָרעם צו דער מדרגה פון מייסטערשאַפט. איר געפינט ביי אים, למשל, אַזעלכע גראַמען: „תכלת — כ׳דערצייל עס“, „לאָז צו רו אים“ — ברואים“, „פּריצים — שפּריץ אים“, „קאַנדעליאַבער — מקבר“, „אַווראָרע — עטרה“, „זיסן — יין קפריסין“ אד״גל.

ניידוס איז אָבער נישט געווען בלויז, אַזוי צו זאָגן, „איראָפּייער“. ביי אַלע זיינע נאָוואַטאָרישע אויפטוען איז ער אויך געווען פאָלקסטימלעך־ייִדיש. ריכטיקער איז צו דעפינירן, אַז ניידוס איז געווען דער סינטעז פונעם איראָפּעיִשן און ייִדישן. ראַפינירטע איראָפּעיִשקייט האָט זיך ביי אים ענג באַהאָפטן מיט דער ספּעציפיש ייִדישער מענטאַליטעט. דאָס איז טאַקע אין גרונט לייב ניידוסעס פאַרדינסט און דאָס איז טאַקע דער הויפּט־שטריך פון זיין דיכטערישער פיזיאָנאָמיע.

צו זיין פּרעכטיקער פּאָעמע „די פּליט פון פאַן“ גיט דער דיכטער ווי אַ מאָטאָ צוויי ציטאַטן, וואָס זיינען פאַר לייב ניידוסן זייער כאַראַקטעריס־טיש: פון מענדעלע מוכר ספרים און עדמאָן ראָסטאַן. ניידוס פּאַסט אויף נאַטור און וועלט מיט צוויי אויגן: איין אויג איז מענדעלע מוכר ספרימס — דאָס ייִדישע זען און פילן, דאָס ייִדישע אויפנעמען און עמפּינדן. פון

דער אַנדערער זייט, ווידער, קוקט ער מיט אַ בליק פון אַן אייראָפּייער און דאָ איז די שטימונג אַ גאַנץ אַנדערע; דאָ זעט ער אַנדערש, פילט אַנדערש, זינגט אַנדערש.

באַגעגנט איר אין דער דערמאָנטער פּאָעמע, למשל, אַזאַ מין סטראָפע, וואָס קלינגט יידישלעך:

ס'קלינגט אַ פויגל־כאָר אַ דינער
מיט דער נאַכטיגאַל בראש.
פון דער סאַזעווקע דער גרינער
הערט זיך קריאת־שמע פון אַ פראַש.

אַן אַנדערע סטראָפע, אין אַן אַנדער שטעל פון דער זעלביקער פּאָעמע, קלינגט שוין גאָר אַנדערש:

ווייל איז דעם, וואָס האָט באַטפּאָרטן
און אַ פּאָר געטרייע הינט —
גיי איך אום אין פעלד און גאָרטן
ווי אין סטעפּ דער פרייער ווינט...

יאַגד, באַטפּאָרטן, געטרייע הינט — דאָס איז שוין גאָרנישט יידישלעך. דאָס קלינגט שוין לחלוטין פרעמד פאַר דער יידישער מענטאַליטעט.

לייב ניידוס האָט פאַרמאָגט אַ זייער דינעם חוש פאַר נאַטור. ער איז מיט דער נאַטור ממש אינטים נאָנט געווען. זיין אויג האָט אַלץ באַמערקט, אַלץ אויפגעכאַפּט — אַלע אינטימסטע פּיצעלעך, אַלע דעטאַלן און ניואַנסן פון אַ פּייזאַזש. זעען מיר אין „די פּלייט פון פּאַן" דעם טייך, לעבט ער פאַר אונדז: דער געלער זאַמד אויפן גרונט, די קלאָרינקע שטיינדלעך אונטן, די רויט־באַשפּרינקלטע פּאָרעלן, וואָס שווימען אום; מיר זעען ווי שקצים וואַרפן שטיינדלעך איבער דעם וואַסערפלאַך און ווי דאָס וואַסער בלעזלט זיך אין זילבער־בלויע שפּריצן. איך ווייס נישט ביי וועמען פון אונדזערע דיכטערס קאָן מען געפינען אַזאַ שפּילעוודיקייט, אַזאַ חנדלען זיך מיט דער נאַטור ווי ביי ניידוסן. דערצויגן צווישן פעלדער, לאָנקעס, טייך, בלומען, וואַלד — איז ניידוסעס פּסיכיק מיט דער נאַטור צונויפגעוואָקסן, האָט ער איינגעזאַפּט אין זיין נשמה אַלע אירע שטימונגען, אַלע אירע שיינקייטן — על פּי רוב זוניקע, פריידיקע, אָבער אויך אומעטיקע. אומעטיקע — ווייל אויך דעם לוסטיקסטן פון אירע זין וועט ליטע אָנהויכן איר אומעט. דעם שטילן אומעט פון אירע פעלדער און פליינען. די אומעטיקע אַקאָרדן ביי

ניידוסן זיינען דאָס רוב פּאַרטרונקען געוואָרן אין אַ ים פון זון, אין שפע פון ליכטיקייט. האָט ער ביי זיין אָנהייב נאָך געזונגען:

כ'וויל די הויכע בערגער־שפּיצן,
כ'וויל מיט יוגנט־פייער שפּריצן,
און מיט פלאַמענדיקע בליצן
צינדן הערצער פול מיט ווּט.
כ'וויל די שטאָלצע זון דערלאַנגען,
כ'וויל נאָר הערן ווילדע קלאַנגען;
לײדנשאַפטלעכע פאַרלאַנגען
וואַכן שטענדיק אין מיין בלוט.

(„ליריק")

מאָלנדיק די נאַטור איז ניידוס געווען פּזרנדיק אין פאַרבן, אָבער קאָנדענסירט אין וואָרט, פּלאַסטיש אין פאָרעם, אין לאַקאָנישע זאַצן. אין בלויז אַכט־זילביקע פערזן האָט ער באַוויזן אָנצוואַרפן, ווי דער מאָלער אויפן ברייטן לייוונט זיינע בילדער, אַ פּייזאַזש. למשל, אַזאַ פּאָר סטראָפן:

פייכטער, קאַלטלעכער באַגינען,
ס'מוז שוין זיין אַ זייגער פיר.
ס'שטייגט די זון, אין טוי — רובינען,
ס'שלאָפטביים ברעג נאָך דער אַזיר.

איבער גראָז אַ רויך אַ דינער
וויגט זיך נידעריק און פלאַך.
מיט די פליגל פאַטשן הינער.
ס'וויינט אַ קינד, די וועלט איז וואַך.

ס'איז איבעריק צו ברענגען דאָ אילוסטראַציעס פון ניידוסעס פּרעכטיקע נאַטור־לידער. זיי זיינען צעוואָרפן אין זיינע ווערק אין די הונדערטער, און אַ ציטאַט פון אַ ליד איז נאָר אַ טראָפּן פון אַ גאַנצן ים.

און אַז מיר ציטירן שוין מוסטערן פון „די פליִיט פון פּאַן" — לאָמיר שוין אויך כאַטש מיט אַ פּאָר ווערטער דערמאָנען דעם תוך פון דער פּאָעמע:

די דאָזיקע פּאָעמע איז אַ פרילינגס־סימפאָניע. פערציק אַכט־שורהדיקע לידער, געפלאָכטענע איינע מיט די אַנדערע. זון און פאַרבן בינדן זיי צוזאַמען. דאָס זיינען, אַזוי צו זאָגן, פערציק לייכטע, באַפליגלטע, מיט פריילינג־טוי אָנגעהויכטע קאַפּיטעלעך פון אַן אינטימען פרילינג־טאָגביכל. מען דאַרף אין זיי נישט זוכן קיין פּראָבלעמען, קיין אידעיִשע סיוזשעטן. דאָ, אין

שויס פון דער נאַטור איז אַלץ אַזוי גרינג, אַזוי עטערדיק. ווי זינגט דער דיכטער אַליין, שילדערנדיק ווי גוט עס איז צו ליגן אין סאָסנע־וואַלד —

לאָזן אומגעשטערט צו טאַנצן
אויף דיין באַק דעם שמעטערלינג,
און פאַרגעסן גאָר אין גאַנצן
ווער איז קאַנט און מעטערלינק...

דער דיכטער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף דער גאַנצער וועלט מיט איר טאַראַראַם, און דאָס זעלישע גליק האָט ער געפונען אין דער פרייער, אומבאַגרענעצטער, אייביק־בליענדיקער און אייביק־יונגער ממשלה פון פעלד־ און וואַלד־גאָט פאַן. אַ באַרוישטער זינגט ער:

כ׳וועל אויף אוצרות גאָלד נישט טוישן
מיין פאַרוואָרפן אַלטן דאָרף.
טייכן מורמלען, וועלדער רוישן,
ס׳רויכערן זיך פעלדער טאָרף...

מיר זעען דאָ דעם ראַפינירטן מענטשן, וואָס אַנטלויפט פון שטאָטישן יאַריד, וואָס צערייסט אַלע קייטן אָן אויסנאַם — און דאָ אינעם גרינעם הפקר שעפּט ער פון די זאָרגלאָזע תענוגים, וואָס די נאַטור פאַרמאָגט נאָר. און שווימט אַמאָל אויף אין זכרון די שטאָט; הערט ער אין געדאַנק ווי דער אויטאָ יאָגט; ווי אַ שאַרמאַנקע שפּילט אין הויף; ווי „עס שמייכלען מיידן ווייס און ראָז״ אאַז״וו — ווערט עס אָבער באַלד דערטרונקען אין אַ ים פון גליק, ווייל —

אַך, ווי נאַריש איז דאָס אַלעס,
ווען מען קוילערט זיך אין גראָז...

דאָ לעבט און בליט אַלץ. אַלץ פרייט זיך: טייכל, בערגל, גרעזל. דאָ וויל אַפילו דער פאַרוואַקסענער „פּ. נ.״ אויפן בית־עולם אויך לעבן...

צו זיין העכסטער מדרגה פון פלאַסטישער רייפקייט איז ניידוס דער־גאַנגען אין זיין פּאָעמע „די ערד דערוואַכט״ — געשריבן אין לעצטן פרי־לינג פון זיין לעבן, אין קוסטין (מאַי, 1918). דער דיכטער אַליין האָט די דאָזיקע פּאָעמע באַצייכנט מיטן אונטער־טיטל: „פּאַטעטישע סאָנאַטע״. דאָס איז טאַקע אין דער אמתן געוועזן דער טיפסטער אויסדרוק פון פרייד, דאָס פאַרשיכורן זיך און דאָס צונויפגיסן זיך מיט די נאַטור־שיינקייטן, מיט גאָטס יצירה. די דאָזיקע פּאָעמע איז אַ פּאַטעטישער הימן צו דער אויפגע־

וואַכטער ערד. עס שפּרודלט פון יעדן פּערז מיט געזונטקייט און פריש־קייט, מיט ריח פון פרישער אויפגעיוירעגער ערד, מיט תאווה און געבורט. דער דיכטער וואַרפט זיך אין די אָרעמס פון צעזונגענעם, אויפגעוואַכטן פרילינג.

ניידוס איז דערגאַנגען אין זיין פאָרעם צו שלימותדיקייט. ווי פּלאַסטיש עס וועבן זיך, למשל, אַזעלכע סטראָפן אין „די ערד דערוואַכט":

ס'טוען תפילות דעמבעס הויכע,
וואָס זיי זיינען אַלע זוכה
ווידער פילן גרינס און שטראַל.
און די שטיקער אייז צו להכעיס
מורמלען טייכלעך שטילע ברכות
און בעריאָזקעס זאָגן „טל"...

ערגעץ שרייען נאָך די ראָבן,
ערגעץ ליגט נאָך שניי אין גראָבן, —
נאָר דער ווינטל קונדסט פריי,
און ער מורמלט: „האָב קיין פּחד,
זון און ערד איז זיך מתיחד:
קומען מוז דער גאָלדנער מאַי!"

ס'דעקט זיך אויף די ערד אַ בונטע
ווי אַ דאָרפס־פרוי אַ געזונטע
אויף איר הייסן מאָרגן־בעט;
רוי און פריש, די האָר צעפּאַלן —
צערטלט זי זיך ווילד אין שטראַלן,
פול מיט פרייד פון ערשטן חטא...

נעכטן שניי, און איצטער — ווו זשע?
ס'בליצט אין זון אַ ברייטע לוזשע,
שטראַלן ברעקלען זיך אין איר;
שקצים פּליושקען זיך און שפּרינגען,
שפּריצן וואַסער, לאַכן, זינגען,
לאָזן שלאַנגען פון פּאַפּיר...

אַזוי כסדר. איין סטראָפע שענער, פּלאַסטישער פון דער אַנדערער. דער מאָטאָ פון עדמאָנד ראָסטאַן, וואָס ניידוס גיט צו זיין „די פּליט פון פּאַן", קלינגט אַזוי:

נאַטור! אָ וויפיל בענקען מיר נאָך איר פאַרשמאַכט,
מיר, מאָלער, קינסטלער, טריי פאַרליבטע אין איר פּראַכט...

איין וואַנזין־האָפנונג וואַרעמט אונדז פון לאַנג,
ס׳דערפילט אונדז נאָר איין פלאַמיקער פאַרלאַנג:
איר פּנים צו פאַרזיגלען...

לייב ניידוס, אַ טריי־פאַרליבטער, האָט טאַקע פאַרזיגלט דאָס פּנים פון דער נאַטור. זיין פילן, זיין זען די נאַטור, אירע דעטאַלן און ניואַנסן, זיין פרייען זיך און באַוווּנדערן, זיין עקזאַלטאַציע איז געווען אַן אוממיטל־באַרע.

ווי אַ גרויס זאָרגלאָז קינד פרייט ער זיך מיט זון און מיט רעגן:

אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זון מיט אַ רעגן!
עס לאַכן מיר גאָלדענע טראָפּנס אַנטקעגן.
זיי לויכטן אין לופטן און פאַלן אויף מיר
ווי גאָלדענע פונקען אויף זיידענע שניר...

(„ליריק“)

אַ פאַרליבטער אין דעם ווילקלאַנג פון וואָרט, אין דער פינעזיע פון פערז, און פון דער אַנדערער זייט — אַן אומצופרידענער מיט דער גרינג־שאַצונג צו פאָרעם מצד אַנדערע, האָט זיך ביי אים געקאָנט אַרויסכאַפּן אַזאַ, כ׳וואָלט געזאָגט, באַרימערישקייט:

איך בין דער איינציקער, וואָס האָב געפונען
אין אונדזער מאַמע־שפּראַך דעם שיינעם קלאַנג;
איך האָב אַנטפּלעקט אין איר געהיימע זונען,
קמיעות טייערע פון רייכסטן בלאַנק.

איך בין דער איינציקער, וואָס קאָן באַוועגן
אין ריטמען בייגעוודיקע אונדזער שפּראַך;
וואָס האָט זי אָפּגעווענדט פון שמאָלע שטעגן
און זי אַרויסגעפירט צום ברייטן שליאַך.

ניידוס האָט געקענט זיין באַרעכטיקט אַזוי צו טראַכטן.

זיין פערז צייכנט זיך אויס מיט אַ באַזונדערער לייכטקייט, מיט אַ באַ־זונדערער מעלאָדישקייט. יעדעס ליד זיינס איז ווי אַ מוזיקאַלישע קאָמפּאָזי־ציע. בעת איר לייענט ניידוסעס לידער, באַקומט איר דעם איינדרוק, אַז עס באַגלייטן אייך אַקאָרדן פון אַ וווּנדערלעכער סימפאָניע.

נעמען מיר, למשל, אַ פיר שורות פון ניידוסעס אַ ליד, וואָס הייסט „ווינטער“ (אין זיין בוך „ליריק“):

לאָמיר מיידן די געביידן, ווו מירליידן אין דער שטיל;
ווו ס'איז שטויביק און נישט אייביק יעדעס מענטשלעכע געפיל.
ס'קומט שוין ווינטער, באַלד צעבינדט ער זיינע אוצרות פול מיט גלאַנץ
ס'וועלן שנייען זיך צעווייען און פאַרדרייען זיך אין טאַנץ.

איר זעט דאָ אין דער דאָזיקער סטראָפע, אין יעדער שורה, פילפאַכע אינערלעכע גראַמען, וועלכע שאַפן די ווונדערלעכע מוזיק פונעם ליד. ס'אַרא נעגאַציע אויפן חשבון פון יענע פאָעטן, וואָס טייל מחמת הילפלאָזיקייט האַלטן זיי נישט פון ריטעם און גראַם...

מיר נעמען ווייטער די ערשטע סטראָפע פונעם ליד „קנאָספּן":

קנאָספּן שלאָפן... שטילער, שטילער...
קנאָספּן צערטלעכע ווי דו...
ס'וויינט אַ ווינטל ווו... וואָס וויל ער?
ווינטל, שווייג! נישט שטער די רו!...

וויפל פּאָעטישע שטימונג אין אָט דעם שטילן געפליסטער!
אָדער איין סטראָפע פון זיינע טריאָלעטן „בלומען און שניי":

עס האָבן קנוילן שניי געשאָטן,
און דין געוועזן איז זייער שטים;
ס'האָט גאָט אין רוים געטאָן אַ שווים
און האָט מיט קנוילן שניי געשאָטן,
און עמעץ אויף אַ ראָג אין שאָטן
פאַרקויפט האָט בלימעלעך פון קרים.
עס האָבן קנוילן שניי געשאָטן
און דין געוועזן איז זייער שטים.

ווי איר זעט, אַזאַ לייכט־פליסיקער פערז קאָן ממש פאַרוויגן. ביי ביידוסן וועט איר קיין מאָל נישט טרעפן קיין „אָך־קוצצדיקע", האַמעטנע „עברי", וואָס מען באַגעגנט, צום באַדויערן, אַפילו ביי אַ סך שוין אָנערקענטע פּאָעטן. ווער רעדט נאָך פסידאָ־פּאָעטן!... ביידוסעס לידער שאַפן אַליין די מעלאָדיע. זיי זינגען זיך אַליין.

צו ביידוסעס שטאַרקע פאַרערער אין דער וואַרשעווער שרייבער־משפחה האָט צווישן אַנדערע אויך געהערט פרץ מאַרקיש, (וועלכער איז, אגב, דעלעגירט געוואָרן קיין גראָדנע צו דער אַנטהילונג פון דער ביידוס־מצבה, אין 1925). מאַרקיש — אַליין אַ גרויסער פּאָעט, אָבער אָפט אַ צעשויבערטער אין פאָרעם — האָט געהאַט אַ באַזונדערן קולט פאַר לייב ביידוסן. „ווען ביידוס

וואָלט געלעבט! דעם אויבן־אָן וואָלט ער ביי אונדז פאַרנומען! ס׳מעג יעדער פּאָעט מקנא זיין אַזאַ מייסטער פון געשליפענעם וואָרט!״ — אַזוי האָט ער גע־רעדט, מאַרקיש, מיט גאָלע סופּערלאַטיוון וועגן דעם יונג־פאַרשניטענעם פּען־קינסטלער.

***

איין אָפּווייכונג פון זיין דיסציפּלינירטער פאָרעם האָט ניידוס אַמאָל יאָ געמאַכט. דאָס איז געווען ביי אים אַ מין עקספּערימענט. כ׳וואָלט געזאָגט אַ ספּאָרט אַזאַ. כ׳מיין זיינע „אינטימע ניגונים״, — אַ לידער־זאַמלונג, וואָס ער אַליין האָט אין 1918 צוגעגרייט צום דרוק, אָבער אַרויסגעגעבן האָבן עס שוין זיינע נאָענטע פריינד, נאָך זיין טויט (אין 1919, אין גראָדנע). דעריך, פאַרשטייט זיך, האָט געשטעקט מיין איניציאַטיוו און מיין מי.

די לידער פון דער דערמאָנטער זאַמלונג זיינען אַן אויסגעשפּראָכענע אָפּווייכונג פון נאָרמאַלן ריטעם און רעגלמעסיקער פערזן־מאָס; געשריבן אַזוי מיט פרעמעדיטאַציע.

דער פאָראָג צו דער דאָזיקער זאַמלונג איז אַ מין פּירוש צו זיין עקספּערימענט:

אָפּט ווילט זיך לאָזן די שורות נישט געוויגן און נישט געמאָסטן,
נישט אַריינקוועטשן דאָס האַרץ אין יאַמב און אין כאָריי;
ס׳ווילט זיך ריידן מיט אַ לשון אַ פּראָסטן,
און נישט שלייפן און נישט טאָקן מיין גליק און וויי...

ס׳ווערט עפּעס ענג דער משקל, זיינע ד׳ אַמות.
פריי, נישט געצוימט, זאָלן די פערזן גיין.
קלאָרע און האַרציקע, ווי אַ בליק דער מאַמעס,
אומגעצוווּנגען־ווילדע, ווי דאָס לעבן אַליין...

ס׳וואַרפט אַראָפּ די מוזע די עלעגאַנטע שיכלעך, וואָס דריקן,
און דערשפּירנדיק דעם נייעם אומדערוואַרטעטן געפיל,
לויפט זי באָרוועס, פריי, מיט אַ ווילדן אַנטציקן,
און זינגט זיך אינטימע ניגונים, ווי זי אַליין וויל...

(„אינטימע ניגונים״)

צו דעם דאָזיקן ציקל געהערן אויך: „איצט נאָך מיין באָבעס טויט״, „כ׳האָב ליב די זאַמד־פעלדער פון ליטע און זאַמוט״, „גוטע ליבע ערד״, וואָס מיר קומט אויס ווייטער צו ציטירן. אָבער דעם דאָזיקן ציקל דאַרף מען באַטראַכטן ווי אַ יוצא מן הכלל, ווי אַ קאַפּריז פון ניידוסעס מוזע.

איבעריקנס, האָט אויך ניידוס אין די דאָזיקע מאָטיוון אינטואיטיוו אַריינגעהויכט אַן אַנדער ריטעם, אַן אינערלעכן, אַן אינטים־פֿאַרבאָרגענעם. די דאָזיקע קאַפּריזע דיסציפּלינלאָזיקייט ווערט אויך רעקאָמפּענסירט מיט אינטימער, לירישער שיינקייט, וואָס עס ווייעט פֿון די דאָזיקע עקספּערימענטאַלע לידער.

ניידוסעס טעמאַטיק איז געווען אַ פֿאַרשיידנאַרטיקע: ער האָט געשעפּט פֿון היימישע קוואַלן און פֿון פֿרעמדע. זעען מיר ביי אים לידער און פּאָעמעס, וועלכע טראָגן אַזעלכע נעמען, ווי: „אַטלאַנטידע", „הערא און לעאַנדער", „מענעסטרעלן", „ווענעציאַנישע לעגענדע", „שאַנסאָן טריסט", „קאָן סאָר־דינאָ", „ראָקאָקאָ", „סערענאַדע מעלאַנכאָליק", „מאַדריגאַל" אד"גל — פֿון איין זייט און פֿון דער אַנדער זייט אַזעלכע טיטלען, ווי: „מיין פֿאָלק", „קריאת שמע", „פֿאַר כל נדרי", „תשעה באב ביינאַכט", „יהודה", „ימים נוראים", „אַ כשר־טאַנץ" און פֿיל, פֿיל אַנדערע פֿון זעלבן זשאַנער. מאָטיוון היימישע, ייִדישע, ליטווישע היים, ניעמאַן, ליטווישער פּייזאַזש, וועגן דער ייִדישער מאַמען, וועגן דער ייִדישער באָבען, וועגן ייִדישע טעכטער. שטימונגען און בענקשאַפֿטן אַזעלכע נאָענטע, אַזעלכע אייגענע, אינטימע; געזאַנגען נשמה־דיקע פֿון ליבע און טויט...

אין ניידוסעס „ליטווישע אַראַבעסקן" געפֿינען מיר אַ גאַנצע ריי ייִדיש־פֿאָלקסטימלעכע און נאַציאָנאַלע מאָטיוון, גרופּירט אין אַן אָפּטיילונג „מיין פֿאָלק". דאָרט באַזינגט ניידוס דעם ייִדישן גורל, ייִדישע ימים־טובים, ייִדישן צער און ייִדישע פֿרייד, ייִדישע טרערן און ייִדישע האָפֿענונג. ניידוס איז געווען פֿאַרליבט אין די ייִדישע סקאַרבאָווע ניגונים:

כ'האָב ליב די ייִדישע ניגונים,
ווו גליק איז אויסגעמישט מיט לייד;
ווו די יתומישע תחנונים
אָפּט בייטן זיך מיט שטאָלצער פֿרייד.

ס'ליגט אין די טענער די סקאַרבאָווע
אַ צאַרטע מוטערלעכע פּראַכט,
אַ זיסע טרויריקע מחשבה
פֿון ווייסער אלולדיקער נאַכט...

מיט וויפֿל האַרץ באַזינגט לייב ניידוס זיין מאַמען, בעת זי שטייט פֿריי־טיק־צו־נאַכט ביי די בענטש־ליכט:

ווי שיין ביסטו, מאַמעשי, פרייטיק־צו־נאַכט,
ווען טרויעריק שטייסטו אַליין ביי די ליכטער!
דיין טרויער פאַרמאָגט אַ באַזונדערע פּראַכט,
די פּראַכט פון די יידישע טרויער־געזיכטער...

נישט מיט ווייניקער פּיעטעט באַזינגט ניידוס זיין באָבען. אַ זעלטענער טיפּ איז זי געווען, די באָבע זיינע. אַ טיפּ, וואָס האָט שוין געהערט צום עבר. אַ גוטע נשמה, וואָס האָט איר גוטסקייט און ליבשאַפט איבערגענומען בירושה פון די אַמאָליקע דורות. איר מויל האָט געהאַט נאָר ברכות. די באָבע האָט אַ גרויסע ראָלע געשפּילט אין זיין קינדהייט. די באָבע האָט זיך פאַרנומען מיט אים בייטאָג און ביינאַכט ביים שלאָפן גיין. זי פלעגט אים איינלייגן, מיט אים „קריאת־שמע" געלייענט און ווונדערלעכע מעשיות פון „מנורת המאור" דערציילט. דער געשפּאַנטער קליינער צוהערער פלעגט שלינגען יעדעס וואָרט פון דער באָבען, און מיט אירע ווונדערלעכע מעשה־לעך פאַרזינקען אין זיינע חלומות...

דאָס איז בלתי ספק געווען די ערשטע השפּעה אויף לעאָנטשיקס (אַזוי האָט מען אים דעמאָלט אין שטוב גערופן) צעשפּילטער פאַנטאַזיע.

נישט אומזיסט איז ניידוס געווען צוגעבונדן מיט טיפער ליבע צו זיין באָבען אַפילו שפּעטער, בעת ער איז שוין געווען אַ דערוואַקסענער; בעת ער האָט שוין לידער געשריבן. און נישט אומזיסט האָט ער זי אַזוי האַרציק באַזונגען אין אַ גאַנצן ציקל לידער. די באָבעשי — דאָס איז די, וואָס קאָן באַרויִקן; געבן טרייסט נאָך שווערע מינוטן אין לעבן (און שווערע מינוטן קאָנען זיין אַפילו ביי אַ זון פון אַ פּריץ, בפרט ביי אַ דיכטער...); וואָס קאָן ברענגען באַרויִקונג נאָך די „רוישיקע שטעט", ווען ער קומט צוריק צו דער „מאַמע־ערד".

דעמאָלט זינגט עס דער דיכטער:

איך קום צו דיר, טייערע באָבעשי, ווידער,
איך קום צו דיר ווידער פון רוישיקע שטעט;
אָ זע, אַ פאַרמאַטערטער פאַל איך אַנידער
צו דיר אויפן שויס מיט מיין שטילן געבעט.

איך קום פון דעם לאַנד, ווו דער מלך איז אייזן,
ווו ברוגזדיק קלינגען די מענטשלעכע טריט;
ווו ס'ווערן די קינדער געבוירן שוין גרייזן,
און שטאַרבן נאָך איידער זיי האָבן געבליט...

(„לידיק")

און אין ווינטער 1917, ווען די גוטע באָבעשי גייט אַוועק פון דער וועלט ווי אַ לעצטע פון איר עפּאָכע, מאַכט עס אויפן דיכטער אַ דערשיטערנדיקן רושם. נאָך איר טויט שרייבט ער אַזעלכע אינטים־רירנדיקע פערזן:

איצט, נאָך דער באָבעס טויט, קום איך אָפט אין איר קאַמער.
פון ווייטע דורות קומט מיר אַנטקעגן אַ גרוס;
שטיל בלעטער איך די ספרים מיטן אַלטן אַמסטערדאַמער
אָפּגעוועלקטן, ליבן, אויסטערלישן דפוס...

איך מיש דורך די פאַרגעלבטע בלעטער פון די גראָבע סידורים,
די באָבע פלעגט מיט כוונה דאַוונען אין זיי.
דאָ פלעגט ווערן איינגעשטילט איר האַרציקער שטורעם,
און טרערן פלעגן פאַלן אין תפילה־ווייַ...

אַלץ בענקט נאָך דער באָבען איצט — ווי קלאָר איך דערקען עס: —
די ערד — נאָך אירע פאַנטאָפל; נאָך איר שאָטן — די וואַנט;
און די אַלטע פאַרלאָזענע צאינה וראינהס —
נאָך איר ליבער, ביינערדיקער, זקנהשער האַנט...

(„אינטימע ניגונים")

אַ באַזונדערן רייץ האָט פאַר ניידוסן געהאַט דער אָריענט. און נישט אומזיסט געפינען מיר ביי אים אַ סך, אַ סך מזרח־מאָטיוון, צעוואָרפן דאָ און דאָרט אין זיינע ביכער. געווען אַ פּעריאָד אין זיין שאַפן, ווען דער דיכטער האָט אַליין געמיינט, אַז דאָס איז זיין אייגנטלעכע טעמאַטיק אין דער דיכ־טונג. ער איז אינגאַנצן געפאַנגען געווען פון דער עקזאָטישער וועלט. ניידוס האָט דעמאָלט געזונגען וועגן סאַלאָמעאַ, קלעאָפּאַטרע, באַגדאַד, איסלאַם, האַרעם, אָריענטאַלישער בויד־טאַנץ, סעמיראַמידע, ציילאָן, פּאַריס און העלענאַ, און אַז״וו. וועגן זיין נאָענטקייט צו מזרח האָט ניידוס אַליין געזונגען:

נאָענט איז מיר דאָס לאַנד, ווו פּאַלמען גרינען,
ווו עס שטייט די גאָלדנע וויג פון זון;
זיינע בלוטן אין מיין קערפּער רינען,
און איך בין זיין אויסדערוויילטער זון.

אָבער איצט, ווען מיר קוקן אויף ניידוסעס שאַפונגען רעטראָספּעקטיוו, אויף אַ ווייטערער דיסטאַנץ פון יאָרן, זעען מיר, אַז דער אָריענט איז ביי ניידוסן געווען נאָר אַן עפּיזאָד, אַן איבערגאַנג־מאָמענט; אַז צום נאָענטסטן איז ער דאָך געווען צו דער היימישער ערד, צו די ניעמאַן־ברעגעס און צום

היימישן ליטווישן הימל. זיינע דיכטערישע אינספּיראַציעס זיינען געווען עכט, אָן אַ שמץ פון געקינסטלטקייט, דווקא דעמאָלט, בעת ער האָט געשעפּט פון היימישן קוואַל. לייב ניידוס איז דעמאָלט געווען אוממיטלבאַר, זיין פּאַטאָס אמתדיק, זיין בילד פּלאַסטיש־פאַרבנרייך.

מיט וואָס פאַראַ פאַרליבטקייט, מיט וואָס פאַר אַ השתפכות הנפש צו דער היימיש־ליטווישער ערד קלינגען, למשל, אַזעלכע שורות:

כ׳האָב ליב די זאַמד־פעלדער פון ליטע און זאַמוט,
די אַלטע מאָכיקע שטיינער ביים וועג,
די לאָנקעס מיט זייער באַשיידענעם גרינעם סאַמעט,
ווערבעס, ווי נזירות, ביי דער סאַזשעווקעס ברעג.

ביים שיידוועג הילצערנע צלמים, וואָס זעען הייליקע חלומות,
קליינע שקצים־פּאַסטוכער פרעמד און ווייט פון כרך,
איינצלנע בעריאָזקעס ווי פאַרבלאָנדזשעטע יתומות,
אַלטע קלוגע וועגן, וואָס ווייסן אַ סך.

פאַרוואָרפענע קוזשניעס, קרעטשמעס פאַרלאָזטע,
הויכע טאָפּאָלן דערביי, ווי ריזן מיט גרויסע בערד,
אַלטע וואַנדערער־בעטלער, אַזעלכע ליבע, פּראָסטע,
וואָס טראָגן אין די פּאָלעס די דופטן פון דער ערד.

שטאַרקע אַקצענטן האָט לייב ניידוס אין אַ גאַנצער ריי פון זיינע נאַציאָנאַלע מאָטיוון. אין דער אָפּטיילונג „מיין פאָלק״, אין זיין בוך „ליטווישע אַראַבעסקן״, זיינען גרופּירט אַ גאַנצע ריי אַזעלכע לידער.

ניידוס האָט געהאַט פאַר זיין פאָלק דרייסטע ווערטער און אַקצענטן, פול נחמה און בטחון. אין זיין ליד „צו מיין פאָלק״ האָט ער גערופן:

גלויב אין דיין קראַפט!
מעג זיין דיין קערפּער צעוווּנדעט, צעשטאָכן,
גלויב אין דיין עתיד מיט פעסטן בטחון,
גלויב אין דיין קינפטיקן גרויסן נצחון, —
גלויב אין דיין קראַפט!

אַזעלכע אַקאָרדן וואָלט מדינת ישראל געמעגט היינט איינשליסן אין אירע פעסטיוואַלן.

ניידוס האָט געהאַסט די גלותדיקע הכנעה, די קליינמוטיקייט, די „קליינלעכע ברואים״, וועלכע זיינען —

...פֿאַרטיפֿט און פֿאַרזונקען מיט זעל און מיט ביינער
אין טרוקענע חקירות, אין מצוות תרי״ג...
עס וועט צווישן אייך נישט געפֿינען זיך קיינער,
וואָס דרייסט זאָל ער זאָגן: איך וויל און איך וואַג!

מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז ניידוסעס נאַציאָנאַלע מאָטיוון על פּי רוב זיינען דער שוואַכערער טייל פֿון זיינע שאַפֿונגען — דער עיקר יענע, אין וועלכע עס דאָמינירט די רעטאָריק, די טראַפֿאַרעטע פּראַזע.

***

עס בעט זיך אַ פֿראַגע:

וועלכער איינפֿלוס האָט דאָמינירט אין לייב ניידוסעס שאַפֿן?

אין דער אמתן לאָזט זיך נישט ריידן וועגן איין השפּעה, נאָר וועגן אַ גאַנצער ריי השפּעות. אין דער ערשטער ריי איז זיין אוממיטלבאַרע השפּעה געווען פֿונעם ריז פֿון דער רוסישער קלאַסישער דיכטונג — פֿון פּושקינען. די סטראָפֿן פֿון ניידוסעס פּאָעמע „די ערד דערוואַכט" — און פֿון פֿיל, פֿיל אַנדערע שאַפֿונגען — דערמאָנען די מייסטערשאַפֿט פֿון פּושקינס „יעווגעני אָניעגין". בלתי ספק, אַז וואָס שייך פֿאָרעם, געצוימטקייט פֿון פֿערז איז פּושקין געווען די ערשטע שולע ניידוסעס. נאָך דעם זיינען געקומען די איינפֿלוסן פֿון דער פּלעיאַדע רוסישע מאָדערנע פּאָעטן פֿון פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווי: וואַלערי בריוסאָוו, אַלעקסאַנדער בלאָק, דער עיקר קאָנסטאַנטין באַלמאָנט און אַ ביסל אויך דער האַלב־דעקאַדענטישער איגאָר סעווועריאַנין.

טיפּיש באַלמאָנטיש איז ניידוסעס ליד „כ'וויל אַלץ אָדער גאָרנישט":

כ'וויל אַלץ אָדער גאָרנישט,
איך מיין עס אויף וואָר!
וואָס הייסט דען: „מען טאָר נישט"?
איך ווייס נאָר: „מער טאָר!"

צו זיין מיט יסורים,
מיט שמחות אויף „דו"!
אַ קאָכיקער שטורעם,
צי אייביקע רו...

אוי נאָר נישט קיין גרויער
גלייכגילטיקער בליק;

אוי נאָר נישט קיין לויער,
קיין לעבלעכער גליק...

דאָס דערמאָנט באַלמאָנטס „כאַטשו ביט׳ סמיעלים, כאַטשו ביט׳ דיערזקים״ („וויל איך דרייסט זיין, וויל איך פרעך זיין״).

וואָס שייך דער פרעמדער ליטעראַטור איז ניידוס געווען אָנגעווייעט אויך מיט איינפלוסן פון שאַרל באָדלער, פּאָל ווערלען, עמיל ווערהאַרן און אַנדערע. איר קאָנט אַפילו געפינען טייל לידער ביי ניידוסן, וועלכע ברענגען צו אַנאַלאָגיעס מיט עדגאַר פּאָ. מיר מוזן, הייסט עס, ריידן וועגן איינפלוסן אין פּלוראַל. אין לשון רבים. ווי אַ בין, וואָס פליט פון בלום צו בלום און נערט זיך מיטן בלומען־שטויב, אַזוי האָט ניידוס איינגעזאַפּט אין זיך די שיינקייטן, די פּאָעטישע עקסטראַקטן און זשאַנערן פון אַ גאַנצער ריי מאַעסטראָס פון וואָרט און קלאַנג. לייב ניידוס איז געוואָרן ווי איינער פון זייער חברותא, און עס קומט אים די קרוין ווי אַ מאַעסטראָ, ווי אַ פּרינץ פון דער ייִדישער דיכטונג.

***

אַ באַזונדער אָרט אין דער ייִדישער דיכטונג פאַרנעמט לייב ניידוס דער איבערזעצער.

בלעטערט דורך זיין בוך „וועלט־פּאַרנאַס״ — וויפל נעמען! וויפל דיכטער! די שענסטע נעמען פון דער וועלט־דיכטונג האָט אונדז לייב ניידוס געגעבן אין ייִדיש. און געגעבן האָט ער עס אין אַן עכטער קינסטלערישער פאָרעם, ווי נאָר אַזאַ שפּראַך־מייסטער ווי ער האָט עס געקאָנט באַווייזן. דאָ האָט איר שאַרל באָדלערס ''Les fleurs du mal''—„בלומען פון שלעכטס״ (אַ גרויסע זאַמלונג סאָנעטן); אַן אַנטאָלאָגיע פון דער פראַנצויזישער ליריק, ווו איר געפינט לידער פון פּאָל ווערלען, טעאָפיל גאָטיע, מאָריס מעטערלינק, עדמאָן ראָסטאַן, אַלפרעד דע מיוסע, לע קאָנט דע ליל און פיל, פיל אַנדערע. אין „וועלט־פּאַרנאַס״ געפינט איר אויך ציקלען לידער פון עמיל ווערהאַרן, זשאָרזש ראָדענבאַך, היינריך היינע, אַרטור שניצלער, מאַר־טין גרייף, געטהע, שעללי, עדגאַר פּאָ, ריכאַרד דעמעל און נאָך און נאָך אַנדערע. פּאָעטן פון פאַרשיידענע פעלקער זיינען דאָרט פאַרטראָטן מיט מוסטערן.

פון דער רוסישער קלאַסישער דיכטונג האָט לייב ניידוס אַריינגעבראַכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור די שאַפונגען פון פּושקין און לערמאָנטאָוו.

פון פּושקינען — אַ גאַנצע זאַמלונג קלענערע און גרעסערע לידער און אויך „יעווגעני אָניעגין". דאָס לעצטע ווערק איז אין דער איבערדיכטונג נישט פאַרענדיקט. דאָס איז טאַקע געווען איינע פון ניידוסעס לעצטע חשובסטע אַרבעטן, וועלכע דער פּריצייטיקער טויט האָט צוזאַמען מיט זיין יונגן לעבן איבערגעריסן. ניידוס האָט פּושקינס פערזן געפּיילט, געשליפט, איבערגע־געבן טריי פּושקינס ריטעם, באַמיט זיך, אַז קיין ניואַנסן זאָלן ביי דער איבער־זעצונג נישט פאַרלוירן גיין. האָבן מיר טאַקע אין יידיש ביי ניידוסן די שענסטע פּערל פון פּושקינען, ווי אַ שטייגער: „דאָס ליד וועגן אָלעג", „שדים", „ציגיינער", „דער שוואַרצער שאַל", „ווען כ׳בלאָנדזשע אום", „דער לעצטער וואָלקן" און אַ סך אַנדערע.

פון לערמאָנטאָוון האָט ניידוס איבערגעדיכטעט די שענסטע לידער, וועלכע זיינען גוט באַקאַנט דער עלטערער גענעראַציע לייענער, ווי: „אַ תפילה", „דאָס צווייגל פון פּאַלעסטינע", „דריי פּאַלמעס", „טאַמאַרע", „כ׳גיי אַרויס אַליין"... „ווען ס׳כוואַליעט זיך", „ס׳איז אומעטיק", „דער נביא", „דער קינזשאַל" און נאָך און נאָך — אַ גאָר היפּשע זאַמלונג.

קורץ איז געווען זיין לעבן, אָבער שעפעריש זייער רייך. דער דיכטער אַליין האָט פאַר זיין לעבן פאַרעפנטלעכט אין בוכפאָרעם בלויז געציילטע ביכער: דעם ערשטן באַנד „ליריק" (ווילנע־יעקאַטערינאָסלאַוו, 1915); „די פלייט פון פּאַן" (גראָדנע, 1918) און די איבערדיכטונג פון פּושקינס „אַ מעשה וועגן אַ טויטער בת־מלכה און זיבן גבורים" (ווילנע). כמעט אַלץ, וואָס אַ דיכטער האָט געשאַפן אין יענע מלחמה־יאָרן, האָט געמוזט באַגראָבן ווערן אין די שופלאָדן פון שרייבטיש. בלויז אין געציילטע שטעט, וועלכע זיינען פּאַקטיש געווען אָפּגעזונדערט און אָפּגעשלאָסן איינע פון די אַנדערע ווי מיט דראָט־פאַרצוימונגען — מיט דער דייטשישער אָקופּאַציע־„שפּערע" — האָבן זיך ווען נישט ווען געוויזן שוואַכע סימנים פון אַ דערשטיקטן ליטעראַרישן לעבן. וועגן אַן עכאָ ערגעץ אַנדערש־ווו, וועגן אַ ווייטערן רעזאָנאַנס האָט גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זיין. דאָס איז אויך געווען די סיבה, וואָס ניידוסעס ביכער, דערשינענע אין די מלחמה־יאָרן, זיינען כמעט ווי פאַרשוויגן געוואָרן. די קריטיק האָט אים פאַרן לעבן בכלל נישט באַוויזן אָפּצושאַצן, ווייל דער העכסטער אויפבלי פון זיין טאַלאַנט איז אויס־געפאַלן גראָד אין יענע מלחמה־יאָרן, ווען דאָס גאַנצע יידישע לעבן — און די יידישע קולטור און ליטעראַטור אוודאי און אוודאי — איז געווען

צעפליקט און צעריסן פון כלערליי פּורעניותן, אָקופּאַציעס, גרענעצן, דלות, הונגער, היימלאָזיקייט...

כמעט דער גאַנצער אוצר פון ניידוסעס ווערק איז געבליבן צום פאַר־עפנטלעכן נאָך זיין טויט. אַ דאַנק דער ענערגישער איניציאַטיוו פון ניידוסעס נאָנטע חברים און פאַרערערס איז שפּעטער, אין די צוואַנציקער יאָרן, געשאַפן געוואָרן אין וואַרשע אַ ניידוס־קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך גענומען רעאַליזירן די חשובע אויפגאַבע. אַגב האָט דער דאָזיקער קאָמיטעט, צוזאַ־מען מיט גראָדנער ניידוסעס פריינט, געשאַפן אויך אַ פאָנד אויף צו שטעלן אַ פּאַסיקע מצבה אויפן קבר פון פרי־פאַרשטאָרבענעם דיכטער אין גראָדנע.

דער גראָדנער ניידוס־קאָמיטעט מיט געלגאָרן בראש האָט נאָר געשאַפן מיטלען פאַרן פונדאַמענט. און די געלט־זאַמלונג פאַרן דענקמאָל האָב איך כמעט אַליין דורכגעפירט אין וואַרשע. דערין האָט מיר נאָר אַ קליין ביסל צוגעהאָלפן דער שריפטשטעלער י. י. זינגער ביים באַזוכן די רעדאַקציעס און פאַרלאַגן.

און כ׳דאַרף זיך אויך נישט שפּילן אין עניוות און מגלה זיין דעם סוד: כמעט די גאַנצע לאַסט פון דער רעדאַקציע און סעגרעגאַציע פון ניידוסעס שריפטן איז געפאַלן אויף מיר: ס׳האָט מיר פון צייט־צו־צייט נאָר טייל־וויז צוגעהאָלפן דער „היינט"־מיטאַרבעטער, דער דערציילער ה. ל. זשיט־ניצקי. מירביידע זיינען עס געווען די נאָמינירטע רעדאַקציע פאַר לייב ניידוסעס ליטעראַרישן עזבון ביים וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין.

ביידע אויפגאַבן זיינען כמעט אינגאַנצן רעאַליזירט געוואָרן: די מצבה איז געשטעלט געוואָרן. אַ מצבה אַ קינסטלערישע, געמאַכט פון דעם באַרימטן סקולפּטאָר אַברהם אָסטזשעגא — דער זעלביקער קינסטלער, וועלכער איז אויך געווען דער שעפער פון „אוהל פרץ". און אויך ניידוסעס כתבים זיינען דערשינען. אמת, נישט אין גאַנצן, אָבער ביי אַן אַכציק פּראָצענט — יאָ, עס זיינען דערשינען פינף דיקע בענדער ניידוסעס:

אין פאַרלאַג לעווין עפּשטיין, וואַרשע — „דאָס בוך פון פּאָעמען", אין וועלכע עס קומען אַריין גרעסערע און קלענערע פּאָעמעס; אין פאַרלאַג יאַטשקאָווסקי, שפּעטער ח. בזשאַזאַ, וואַרשע — „ליריק" (ערשטער און צווייטער באַנד צוזאַמען); „ליטווישע אַראַבעסקן"; „רוסישע דיכטונג" (פּוש־קין און לערמאָנטאָוו); „וועלט־פּאַרנאַס". די „ליטווישע אַראַבעסקן" נעמען אַריין אויך צווישן אַנדערע אָפּטיילונגען „די פּליט פון פּאַן", „מיין פּאָלק", „אינטימע ניגונים".

אין כתב־יד איז פאַרבליבן מאַטעריאַל פאַר אַ צוויי־דריי ביכער לידער און פּראָזע (על פּי רוב עסייען און פּאָרטראַגן), וועלכע האָבן אַ לאַנגע צייט איבער פינאַנציעלע שוועריקייטן פונעם פאַרלאַג נישט געקאָנט דערשיינען. לסוף זיינען זיי איבערגעשיקט געוואָרן צום יידישן וויסנשאַפטלעכן אינס־טיטוט אין ווילנע צו ליגן און וואַרטן ביז אַ „שעת הכושר". אָבער די דאָזיקע שריפטן האָבן זיך אַזוי דערוואַרט אויף דעם טראַגישן „שעת הכושר", ווען די דייטשישע וואַנדאַלן און רוצחים האָבן ביכער, כתב־ידן — צוזאַמען מיט די יידן — פאַרוואַנדלט אין אַש און אין שטויב — — —

***

קערן מיר זיך ווידער אום צו לייב ניידוסן פּערזענלעך.

אַ שאַרפער איבערברוך איז אין אים פאַרגעקומען אין די לעצטע חדשים זיינע. אין סוף זומער 1918. געווען איז עס אין גראָדנע, ווו ער האָט די אָקופּאַציע־צייט פאַרבראַכט. פון צופיל אַרבעט און אָנשטרענגונג, פון צופיל אַרומפאָרן איבער די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך פון „אָבעראָסט" (ער האָט דעמאָלט געלייענט די רעפעראַטן „וועגן דער יידישער פּאָעזיע" און „פּרץ און שלום עליכם") און בכלל צוליב זיין אומגאָרמאַלן לעבנסאַרט איז זיין געזונט־צושטאַנד דערשיטערט געוואָרן. דערפילנדיק זיך אָפּטמאָל מיד און אַפּאַטיש, פלעגט ער פאַרלאָזן גראָדנע און זיך אַראָפּכאַפּן אין נאָנטן קוסטין נאָך אַ ביסל היימישער רו. אָבער אויך דאָרט האָט ער נישט געקאָנט זיצן לײדיק, מיט פאַרלייגטע הענט. ער איז גאַנצענע טעג געזעסן איבער ביכער און מאַנוסקריפּטן, מיט התמדה געשריבן. געשריבן אָריגי־נעלע זאַכן, איבערגעזעצט. דער עיקר האָט ער דאַן אינטענסיוו געאַרבעט איבער דער איבערדיכטונג פון „יעווגעני אָניעגין". ער האָט געשליפט שורה נאָך שורה, סטראָפע נאָך סטראָפע, גלייך ווי עס וואָלט זיך שוין פאַרגנבעט צו אים אַ שוואַרץ פאָרגעפיל, אַז די דאָזיקע אַרבעט וועט שוין נישט ווערן פאַרענדיקט... האָט ער זיך געאײלט, געאײלט... געוואָלט אַריינ־כאַפּן נאָך אַ קאַפּיטל, נאָך אַ קאַפּיטל...

לאַנג זיצן אין קוסטין פלעגט אָבער לייב ניידוס נישט קאָנען. עס האָט אים תמיד געיאָגט אַן אומרו, געטריבן עפּעס אַ ווילדער אימפּעט. פלעגט ער, נאָך אַ דערשעפּטער, אַן אָפּגעשוואַכטער, לויפן צוריק קיין גראָדנע, און נישט נאָר קיין גראָדנע, נאָר אויך אין אַנדערע מקומות, ווו ער פלעגט אויפטרעטן מיט זיינע רעפעראַטן אָדער רעציטאַציעס.

אין אָט דער דאָזיקער צייט האָט ער עס געהאַט צוגעגרייט צום דרוק זיינע נייסטע לידער — די „אינטימע ניגונים".

זייער סימפּאַטאַמאַטיש פאַר זיין געמיט־צושטאַנד אין זיין לעצטן האַרבסט זיינען טאַקע די דאָזיקע לעצטע לידער זיינע. עס קלינגט ממש ווי אַ רעטעניש: הגם ניידוסעס שאַפונגען שפּרודלען על פּי רוב מיט פרייד און מיט זוניקייט, מיט פרילינג און געזאַנג; הגם ער אַליין איז בטבע תמיד געווען אַ צעזונגענער, אַ צעשפּילטער און אַ פריידיקער — קלינגט אין זיינע „אינטימע ניגונים" אַ בולטער טאָן פון רעזיגנאַציע. עס הערן זיך דאָ אַלץ מער אַקאָרדן טרויעריקע, אַקאָרדן, וואָס דערמאָנען שוין אַפילו אָן נאָענטן קבר...



אין גראָדנע 1917. אברהם זאַק און לייב ניידוס (פון רעכטס צו לינקס, אין צווייטער ריי) מיטן פּרעזידיום פון „יידישע קונסט": נח באַס, ד"ר מרדכי בראָדיצקי און דער זשורנאַליסט און פּעדאַגאָג ברוך קאַסין.

דער דיכטער פאַלט צו אין אַזעלכע שווערע רגעס, אין זיינע טרויעריקע אָנונגען, צו דער מוטער־ערד און זוכט פאַרגעסונג:

גוטע, ליבע ערד, מאַמע און שוועסטער,
כ׳בין אַזוי מיד ווי דו, און דו — ווי איך;
דריק מיך צו זיך, טוליע מיך פעסטער,
און לאָז מיך אָט אַזוי דיך פרעסן צו זיך.

מיינע לאָקן פאַלן, ווי די צווייגן פון דיינע ערבות,
אויף די נאַקעטע ברעגן פון דיין אלול־טייך.
האָרך — עמעץ זינגט: „צדקה תציל ממות!" —
דאָס באַגראָבט מען מיין זומער און אויך דיינעם צוגלייך...

עס גייען פון צפון לאַנגזאַמע קעלטן.
ליג רויק, ערד, אין די אָרעמס ביי מיר;
אַזוי ליגן אָרומגענומען צוויי מידע וועלטן,
צוויי פאַרלאָשענע חלומות פאַרן ווינטערס טיר...

(„אינטימע ניגונים")

אַזעלכע טרויעריקע אָנונגען קלינגען ווי אַ שוואַרצע נבואה, וואָס איז אין גיכן טאַקע מקוים געוואָרן...

איבעריקנס, נישט נאָר אין די „אינטימע ניגונים" — אַפילו אין זיין ערשטן באַנד „ליריק" (וואָס איז דערשינען אין 1915) איז פאַראַן אַן אָפּ־טיילונג „בענדער פון קרעפּ". דאָרט שטויסן מיר זיך אָן אויף אַזאַ ליד ווי „אַ חלום", אין וועלכן דער דיכטער זעט זיין אייגענע לוויה. אין די „ליט־ווישע אָראַבעסקן" איז פאַראַן אַזאַ גאַנצער ציקל לידער, וואָס באַזינגען זיין אייגענעם טויט, ווי: „לעצטער ווייטיק", „לעצטע זייטן", „נאָך מיין טויט" א״אַ. אָבער יענע לידער זיינען דערטרונקען געוואָרן אין זיין עשירות פון זון און פאַרבן, אין די פריידיק־צעזונגענע הימנען צו הימל און ערד. אַנדערש זיינען זיינע „אינטימע ניגונים". כמעט פון יעדן ליד ווייעט דאָ מיט טרויער, מיט קבר־שטימונג. דאָ זעען מיר ניידוסן אַ רעזיגנירטן, זיך טוליענדיק צו דער מאַמע־ערד.

אַזוי ליגן אָרומגענומען צוויי מידע וועלטן,
צוויי פאַרלאָשענע חלומות פאַרן ווינטערס טיר...

ניידוס, ווי שוין דערמאָנט, האָט נישט באַוויזן שוין אַריינצוגעבן אין דרוק זיינע „אינטימע ניגונים". צוריקקומענדיק קיין גראָדנע פון זיין לעצטן טורנע — ס׳איז געווען אומגעפער אין מיטן דעצעמבער — איז ניידוס

געוועזן אין גאַנצן צוזאַמענגעבראָכן. ער האָט דעמאָלט געהאַט פיל שוועריקייטן אויסצושטיין אין וועג. די באַנען זיינען געווען אָנגעפולט מיט פאַרשיידענע עלעמענטן, וואָס דער כאַאָס אין די אָקופּאַציע־יאָרן האָט געבוירן: שמוגלערס, שפּעקולאַנטן וכדומה מיט זייער קאָנטראַבאַנדע און שפּעקולאַציע־ענינים. לייב ניידוס האָט זיך דאַן אויך געשטופּט צווישן דעם דאָזיקן המון אין די קאַלטע וואַגאָנען. ער האָט אויך ריזיקירט און ערטערווייז די „שפּערע" אָן אַ „פּאַסיר־שיין" געשמוגלט. געשמוגלט זיך מיטן באַגאַזש זיינעם — מיט דער טעקע כתב־ידן...

אין וועג האָט זיך ניידוס צוגעקילט און איז געקומען צו פאָרן אַ הייזעריקער. ער האָט זיך צו בעט געלייגט ווי „אויף געלעכטער" און אַפילו קיין דאָקטער נישט געלאָזט רופן, נאָר יוצא געווען מיט עפּעס אַ היימישן פעלדשער (דער אַלטער כאָנעס). און ליגנדיק אין בעט, אין זיין סעפּאַראַטער, אָפּגעזונדערטער שטוב אויף דער פּאָלעוואַיאַ גאַס אין גראָדנע, האָט ער, נישט געקוקט אויף זיינע אָפּטע שוואַרצע אנונגען, דאָס מאָל אַליין נישט פאַרגעפילט, אַז דער טויט שטייט שוין ביי זיין צוקאָפּנס...

דאָס האָבן אויך נישט פאַרגעפילט זיינע פריינד און חברים, וואָס זיינען אים געקומען מבקר חולה זיין און צו באַזאָרגן אים וואָס נייטיק איז. (אויך איך, דער טאָג־טעגלעכער באַזוכער זיינער, האָב לחלוטין נישט אַרויסגעפילט די פאַרבאָרגענע געפאַר).

אויף אַ שטול פאַר זיין בעט זיינען געלעגן די אויסגעפּאַרטיקטע כתב־ידן זיינע מיט אויסגעכתיבהטע שער־זייטן: „ליטווישע אַראַבעסקן", „דאָס בוך פון פּאָעמען", „אינטימע ניגונים", „בלומען פון שלעכטס", א"אַ. אויך אויפן קראַנקן־בעט האָט ער געלעבט מיט זיי ווי גוף מיט נשמה. ער האָט גאָר נישט אויפגעהערט צו בויען זיינע ליטעראַרישע פּלענער: אַרויסגעבן אין באַנד, אַ צווייטן, אַ דריטן... און נישט געטראַכט האָט ער, אַפּנים, אַז מיט אָט די אַלע כתב־ידן, אין וועלכע עס זיינען געווען פאַרזיגלט שטיקער האַרץ און נשמה — אַז מיט אָט־די טייערע כתב־ידן וועט אים גאָר־גאָר אין גיכן אויסקומען זיך צו שיידן — — —

איין פרימאָרגן — אַ שאַרפע ענדערונג! עס ווייזט זיך אַרויס, אַז נישט קיין געוויינלעכע אַנגינע, נאָר — דיפטעריט!

אַ פּיינלעכער פאַרזען פונעם רופא...

אַליאַרעם־מינוטן... לויט דער אָנווייזונג פון דאָקטער — דאָקטער סאַיעט — האָב איך דעם שווער־קראַנקן לייב ניידוס תיכף אַריבערגעפירט אין

אַ קליניק אויף אַזשעשקאָווע גאַס. בעת כ'בין געזעסן מיט אים אינעם שליטל, האַלטנדיק אים אַרומגענומען מיט איין אָרעם, האָב איך אַליין נישט געוווּסט וועגן דער ערנסטקייט פון יענע מינוטן. דער דאָקטער האָט עס מיר נישט געזאָגט.

די מעדיצין מיט איר סערום איז שוין געקומען צו שפּעט: דאָס אָפּגעשוואַכטע האַרץ האָט נישט אויסגעהאַלטן און זיך אָפּגעשטעלט.

זיין טויט איז געקומען אומגעריכט פאַר אַלעמען: סיי פאַר די נאָנטע, סיי פאַר דער גאַנצער יידישער גראָדנע, ווו ניידוס איז אַזוי שטאַרק פּאָפּולער געווען. די שטאָט איז איינגעהילט געוואָרן אין טרויער.

געווען איז עס דעם דריי־און־צוואַנציקסטן דעצעמבער פון יאָר טויזנט ניין הונדערט אַכצן. אַ גליַיכגילטיקער תכריכים־ווייסער שניי איז דאַן געלעגן אויף די שטילע גאַסן פון דער ניעמאַן־שטאָט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לייב ניידוסעס לוויה האָט איבערגעשטיגן אין פאַרנעם די פּאַראַד־לוויה פון דער פּוילישער שריפטשטעלערין עליזאַ אָזשעשקאָוואַ (געשטאָרבן אין גראָדנע אין 1910). גאַנץ שטאָט, גרויס און קליין, אַלט און יונג, איז געקומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד איר באַליבטן דיכטער. אַ סך לענטעס, אַ סך קרענץ. רויטע פאָנען. אויך רויטע פאָנען פון יידיש־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו. צווישן זיי די פאָן פון „ס.ס.” („פאַראייניקטע”), אין וועלכער ניידוס איז ביי אַ „שטימונג” אַ ביסל געווען אַקטיוו.

אויפן גראָדנער בית־עולם איז אויסגעוואָקסן אַ פּריש בערגל איבער אַ יונג שעפעריש לעבן...

⁂

עלנט און פאַרלאָזן ליגט איצט, נאָכן יידישן חורבן, דער בית־עולם אין גראָדנע. עלנט און פאַרלאָזן איז דאָרט געבליבן לייב ניידוסעס קבר. איבער זיין בערגל דערהויבט זיך אַ מלאך־פיגור מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און צער־פולע איינגעקאָרטשעטע פליגל (די שאַפונג, ווי דערמאָנט, פון אַברהם אָסטזשעגאַ — שפּעטער דער קדוש פון וואַרשעווער געטאָ).

דער טרויעריק פונעם פאַרזונקענעם מלאך איז איצט נאָך פיל, פיל טיפער געוואָרן, האָט נאָך גרעסער זיך צעוואָקסן:

ער טרויערט נאָך אַ יונג־פאַרלאָשן לעבן פון אַ גרויסן דיכטער;

ער טרויערט נאָך זיין אייגענעם שעפער, וואָס איז אַוועק אין קרעמאַ־טאָריע;

ער טרויערט נאָך דער גאַנצער פאַרשניטענער גראָדנער עדה יידן, וואָס זייער לעצטער וועג איז געווען — ווי פאַר אַלע יידן פון אָקופּירטן פּוילן — אין די טרעבלינקעס...

---

פּאָסט־סקריפּטום:

איצט — אין 1966 — מוז איך אין פינאַל פון דער עסיי אַריינברענגען אַן ענדערונג:

לויט אויטענטישע ידיעות פון עדי־ראיה, איז דער גראָדנער בית־עולם ביי די סאָוויעטישע שטאָט־באַלעבאַטים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ספּאָרט־פּלאַץ. פון אַלע מצבות — מיט לייב ניידוסעס דענקמאָל בתוכם — איז דאָרט קיין זכר נישט געבליבן...

# א. אַלמיס יחידותדיקער וועג

(רעפלעקסן און זכרונות צו זיין 70סטן געבוירנטאָג)

אַ בלעטער טאָן דעם ספר החיים פון א. אַלמין הייסט פאַר מיר אויך — אַ מיש־אויפטאָן אַן אייגן בלעטל זכרונות. אַ מיש־אויפטאָן מיין ערשט קאַפּיטל וואַרשע. ליטעראַריש וואַרשע. דעם אָנהייב פון אַלמיס פרילינג און אויך פון מיינעם.

א. אַלמי (דעמאָלט א. ח. שעפּס) האָט אָנגעהויבן זיך דרוקן אַ ביסל פריִער פאַר מיר — אין 1907, אין דער „ראָמאַנצייטונג"; איך — אין 1908, אין ווילנער „דער טאָג אויף שבת". אַז איך בין זומער 1909 געקומען פון מיין היים־שטעטל (פון מיין כרך אַמדור) קיין וואַרשע, זיינען אין מיין ליטעראַרישן באַגאַזש געווען נאָר צוויי אָפּגעדרוקטע זאַכן; אייגנטלעך, אָנדערטהאַלבן זאַכן: אַ ליד אין דערמאָנטן זשורנאַל און אַ האַלבע סקיצע אין וואַרשעווער זשורנאַל „יוגנט־וועלט". אַ האַלבע — ווייל דער זשורנאַל האָט זיך אין מיטן דערינען אָפּגעשטעלט... און אַלמי האָט שוין דאַן געהאַט אָפּגעדרוקט אַ ריי זאַכן: אַחוץ אין „ראָמאַנצייטונג" אויך אין אַנדערע אויס־גאַבן פון יענער צייט אין וואַרשע און אין קראָקע.

אין יענער צייט, ווען איך האָב זיך מיט אים באַקענט, האָט שוין אַלמי געהאַט דורכגעמאַכט אַ שטיקל וואַנדערונג; איז שוין געהאַט געווען אין נאָנטן אויסלאַנד: אין קראָקע, אין ווין, אין טשערנאָוויץ. אין טשערנאָוויץ איז ער גראָד געווען בעת דער באַרימטער שפּראַך־קאָנפערענץ (אין 1908). אין קראָקע און אין טשערנאָוויץ האָט אים שטאַרק מקרב געווען אַברהם רייזען, וואָס האָט תמיד אַרויסגעוויזן פאָטערלעכע ליבשאַפט צו יונגע שריי־בער. אַברהם רייזען האָט דעם יונגן דיכטער באַקענט מיט עלטערע שרייבער (צוו"אַנד מיט מאָריס ראָזענפעלדן — אין קראָקע), געהאָלפן אים דאָ־דאָרט אָפּצודרוקן אַ ליד; האָט אַליין געדרוקט אַלמיס לידער אין זיין זשור־נאַל „קונסט און לעבן".

אַזוי אַז ווען איך האָב זיך געטראָפן אין וואַרשע מיט אַלמין, איז ער פאַר מיר שוין געווען אַ מער ליטעראַריש דערפאַרענער. אַלמי איז פּאַק־טיש געווען מיין ערשטער חבר אין וואַרשע. כ׳האָב זיך אויך באַקענט מיט זיין היים, מיט דער אָרימער דירה פון זיינע טאַטע־מאַמע אויף גענשע־גאַס. די אומעטיקסטע וואַרשעווער גאַס, איבער וועלכער עס האָבן זיך אַלע טאָג, אויסער שבת, לאַנגזאַם געצויגן די ייִדישע לוויות, די שוואַרצע עגלות, מיט די פערד איינגעהילט אין שוואַרצן געוואַנד, וועלכע זיינען געגאַנגען טריט ביי טריט צום גענשער בית־עולם...

אַלמי איז מיר באַלד געוואָרן נאָענט צום האַרצן. שרייבער־אָנפאַנגער האָבן זיך געזוכט. יעדער איינער האָט גוט געדענקט יענעמס לידער. אַמאָל אַפילו אויף אויסנווייניק. עס איז כלל נישט געווען צווישן זיי כמעט קיין שרייבערישע קנאה, נישט־פאַרגינערישקייט, נאָר להיפוך — ברידער־לעכע אהבת נפש. דעריבער האָט זיך אין יענע יאָרן געקענט שאַפן אמת־דיקע פריינטשאַפט; אַ חברשאַפט, וואָס קען דויערן אַ לעבן לאַנג.

און אַזוי האָט אויך אָנגעהאַלטן מיין חברשאַפט מיט אַלמין שוין העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט — הגם דער גורל האָט אונדז צעטיילט אויף באַזונדערע קאָנטינענטן. אַ. אַלמי האָט אין האַרבסט 1912 אויסגעוואַנדערט פון וואַרשע קיין אַמעריקע און איך בין געבליבן אַ וואַרשעווער. און כאָטש אויף אַזאַ דיסטאַנץ, זענען אָבער תמיד געווען פעדים, וואָס האָבן אונדז פאַרבונדן.

פאַרשטייט זיך, אַז, ווי אומעטום ביי שרייבער, זיינען אויך אין דעמאָל־טיקן וואַרשע געווען שרייבערישע קרייזלעך. נישט קיין קרייזלעך, וואָס האָבן זיך קעגנזייטיק באַקעמפט, נאָר עס האָט זיי פּשוט אָפּגעטיילט דער שרייבערישער סטאַזש: געווען שרייבער עלטערע, שרייבער שוין מיט אַ נאָמען אין דער ייִדישער ליטעראַטור, ווי אברהם רייזען, שלום אַש, ה. ד. נאָמבערג; געווען שרייבער ייִנגערע ווי י. מ. ווייסנבערג, יואל מאַסטבוים, משה סטאַווסקי, יונה ראָזענפעלד, מנחם, י. י. טרונק און אַנד. און געווען גאָר די ייִנגסטע, ווי אפרים קאַגאַנאָווסקי, א. אַלמי, יהושע פּערלע, מאַרק שווייד, שלמה גילבערט און אַנד. אונדזער דעמאָלטיקער קרייזל פון די גאָר יונגע שרייבער האָט געמאַכט זיין נעסט ביי יהושע פּערלען. פריִער אין זיין „קאַוואַלערסקן" צימער אויף אָרלע גאַס, ווו אויף אַלע אונדזערע צו־זאַמענקונפטן איז תמיד בייגעווען זיין „מוזע" — די זייער באַחנטע, לאַנג־צעפּיקע שרה; שפּעטער, נאָך פּערלעס חתונה־האָבן מיט זיין שרהן — אין

זייער דירה אויף נאָוואָליפּיע. די שטענדיקע איינגייערס צו פּערלען זיינען, אַחוץ אַלמין און מיר, אויך געווען זיינע ראַדאָמער „ראָדאַקעס" — די יונגע שרייבער גדליהו ווייסבאַרד, יוסף ראָזענפעלד, שפּעטער מ. ד. גיסער און אַנד. אַהין פלעגן אויך אַריינקומען די פאָלקלאָר־זאַמלער פּנחס גראַו־באַרד, שמואל לעהמאַן, וואָס נח פּרילוצקי איז זייער אָנרעגער געווען. (אגב האָט נח פּרילוצקי יעדן פון אונדז געגעבן די מיסיע צו זאַמלען פאַר זיינע פאָלקלאָר־אוצרות פאָלקס־ווערטלעך, רעדנסאַרטן, צונעמען פון שטעט וכדומה). צו פּערלען פלעגן זיך אַמאָל אויך ווייזן אפרים קאַגאַנאָווסקי און מאַרק שווייד. ביידע זיינען געווען גאָר אָפטע איינגייערס אויף צעגליאַנע 1, ביי פּרצן. שווייד איז אַפילו געווען אַ געוויסע צייט זיין סעקרעטאַר. אגב איז שווייד אויסער דיכטער אויך אַקטיאָר און אַז אויף פּרצעס איניציאַטיוו איז געגרינדעט געוואָרן אַ טעאַטער־סטודיע, איז שווייד געווען איינער פון אַנסאַמבל. אויב נישט אַזוי אָפט ווי קאַגאַנאָווסקי און שווייד, אָבער פון צייט־צו־צייט פלעגט יעדער פון די יונגע אַרויפקומען מיט זיינע „זאַכן" צו פּרצן: מיט אַ ליד, מיט אַ סקיצע, צי מיט אַ פּאָעמע. עס פלעגט איטלעכן



אַ גרופּע וואַרשעווער שרייבער אין 1920.

1. י. מ. ווייסנבערג; 2. ד״ר ב. צפור; 3. יואל מאַסטבוים; 4. ש. י. לאַנדינסקי; 5. ישראל שטערן; 6. פ. בימקאָ; 7. אברהם זאַק; 8. יהושע פּערלע.

אַ צי טאָן אויף צעגליאַנע 1, כדי צו זען פּרצן, כדי צו הערן זיין מיינונג, זיינע אָנווייזונגען, זיין דערמוטיקונג. פון צעגליאַנע 1 פלעגט אַ יונגער שרייבער אַרויסגיין אַ דערהויבענער —

מיט פּרצעס ברכה...

ליבע, זיסע ראָמאַנטישע יאָרן געווען. ס׳האָט אַ דיכטער געוווּסט, גע־פילט בחוש, אַז יעדעס ליד, וואָס ער שרייבט, איז פאַר עמעצן, צו עמעצן. געווען אַ טייערע יידישע יוגנט, געטרייע, געשוווירענע לייענער, וואָס פלעגן אויפנעמען די שאַפונגען פון די יונגע און אַוודאי און אַוודאי פון די עלטערע, פון די שוין באַרימטע און אָנערקענטע שרייבער. אין דער „ליטעראַרישער אַלייע" אין זאַקסישן גאָרטן פלעגט די יוגנט דיסקוטירן וועגן דער יידישער ליטעראַטור; פלעגט דעקלאַמירן אויסווייניק לידער פון דעם און פון יענעם פּאָעט. ס׳האָט אַ שרייבער דעמאָלט געוווּסט, אַז ס׳איז פאַראַן פאַר וועמען צו שרייבן... ווען מען פאַרגלייכט, אַ שטייגער, יענע פרילינגס־יאָרן מיט אונדזער היינטיקן מצב אין דער יידישער ליטעראַטור; מיט דער ירידה פונעם לייענערטום — ווערט זייער טרויעריק אויפן האַרצן... יידישע ביכער דערשיינען נאָך נישט ווייניק, אָבער — לייענער! לייענער! ווו און וויפל זיינען היינט די לייענער? די קוראים נכבדים פון אַמאָליקן שטייגער און שניט? נישט בחינם דער איכה־טאָן ביי אַ סך היינטצייטיקע יידישע שרייבער.

**
*

עס פאַרגעסן זיך נישט די זומער־פאַרנאַכטן אין דער „ליטעראַרישער אַלייע" אין זאַקסישן גאָרטן. אָפט פלעגט זיך דאָרט פּרץ באַווייזן אין זיין פּעלערינע, באַגלייט פון שרייבער ווי אַ רבי פון חסידים. יוגנט פלעגט אים מאַכן אָוואַציעס. אַלעמענס בליקן האָבן אים נאָכבאַגלייט מיט טיפער פאַרערונג. דאָ־דאָרט אויף די בענק זענען געזעסן יונגע שרייבער, אַרומ־גערינגלט פון פאַרערערס. פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין „פאַרערערינס" פון די דיכטער מיט די גרויסע טשופּרינעס. דאָ האָט מען געקענט זען די יונגע צעבליטע וואַרשעווער „הזמיר"־מיידלעך און די מיידלעך געקומענע פון די ליטווישע שטעט און שטעטלעך, פון וואַנען עס האָט זיי געצויגן צו דער גרויסער יידישער מעטראָפּאָליע — צו וואַרשע. מ׳איז געווען יונג. ס׳איז געווען די צייט פון אונדזער פרילינג. האָט מען געשפּילט ליבעס מיט די „פאַרערערינס" — אָדער די „ליטעראַרישע ביי־לאַגעס", ווי מ׳האָט זיי גערופן — און געשריבן סענטימענטאַלע ראָמאַנסן...

ווי איצט זע איך פאַר די אויגן דעם דעמאָלטיקן לעבנסלוסטיקן אַלמין, זיין אַמאָליקן יוגנטלעכן אויסזען, זיין געדיכטע שוואַרצע טשופּרינע און שטאָלצן גאַנג. איצט זיינען שוין די קעפּ ביי די שרייבער פון יענעם דור אָדער גאָר באַקעט, אָדער באַדעקט מיט פראָסט און שניי...

עס פאַרגעסן זיך מיר אויך נישט אונדזערעביידנס אָפטע בלאָנקעונישן איבער די נאַכטיקע וואַרשעווער גאַסן און אין יונגער האָפּערדיקייט די פאַרמעסטן אונדזערע מיט אימפּראָוויזירן שטיפערישע פּערזן, אָדער אַמאָל גאַנצע סטראָפעס, איבער דעם, וואָס מיר האָבן אויפגעכאַפּט מיט די בליקן אויף דער גאַס. אין שאַרזש איז אַלמי (אין דעם פאַל — עליאַש) תמיד געווען אַ מייסטער בחסד עליון. דערויף זאָגן עדות זיינע הומאָריסטישע יוגנט־לידער און פאַראַדיעס (זע זיינע ביכער: „אין עליאַשס קיניגרייך" און „פאַראַדיעס"). אַלמי האָט געשאַפן זייער טרעפלעכע און שאַרפזיניקע פאַראָדיעס אויף העכער פופציק יידישע שרייבער!

**
*

ס'האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז מיר ביידע — אַלמי און איך — האָבן געהאַט אין וואַרשע איין רעדאַקטאָר: צבי פּרילוצקי. ביידע זיינען מיר געווען זיינע סעקרעטאַרן. איך — פריִער, אין „אונדזער לעבן"; אַלמי — שפּעטער, אין „מאָמענט". און אַז אַלמי איז אין 1912 אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, האָב איך פאַרנומען דעם פּאָסטן אין „מאָמענט". אַזוי אַז אונדז איז אויסגעקומען איינצוזאַפּן אַ געוויסן פּעריאָד איין און די זעלבע אַטמאָספער; אויספּירן איין און די זעלבע רעדאַקציאָנעלע פונקציעס. צבי פּרילוצקי איז געווען זייער אַ צעשטרייטער, דער עיקר אין דעם יאַרידל פון רעדאַקציע. אַז אַלמי האָט סוף 1910 אָנגעהויבן אַרבעטן אין „מאָמענט" (נאָך פּרילוצקיס איבעררייסן מיט „אונדזער לעבן") פלעגט אים פּרילוצקי מחמת צעשטרייטקייט רופן: „זאַ־אַ־ק"... און אַז איך האָב ווידער אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס סעקרעטאַר ביי צבי פּרילוצקין אין „מאָמענט", נאָך אַלמיס אַוועקפאָרן, פלעגט דער רעדאַקטאָר שוין מיך רופן: „שע־ע־פס"... אַזוי אַז אַפילו אונדזערע נעמען האָבן זיך אויסגעמישט אין איינעם...

מיט אַלמין בין איך געווען שריפטלעך פאַרבונדן די אַלע יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. אין יענער צייט זיינען אויך אין וואַרשע דערשינען אַ ריי ביכער פונעם זייער שעפערישן אַלמי. און טייל ביכער זיינען דערשינען אונטער מיין השגחה. דער געשעפט־פירער פון די ביכער איז געווען אַלמיס

פּאָטער, וועלכער האָט געהאַט גענומען אויף זיך די אַלע קלאָפּאָטן און לויפּענישן אַרום די ביכער, און וואָס שייך קאָרעקטור און השגחה פלעגט עס אַלמי מיר אָנפאַרטרויען.

בשייכות דערמיט געדענקט זיך מיר, אַגב, אַזאַ כאַראַקטעריסטישער טרויעריקער פאַל:

שוין האַרט פאַר דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — אין 1939 — איז אין וואַרשע דערשינען אַלמיס אַ באַנד עסייען א״נ „קריטיק און פּאָלעמיק״ — אויך אונטער מיין השגחה (זיין פּאָטער האָט שוין דעמאָלט נישט געלעבט און מיט דער געשעפטלעכער זייט פונעם בוך האָט זיך פאַרנומען אַלמיס אַ שוועסטער). אין דאָזיקן בוך איז געווען אַן אַרטיקל א״ט „סטאַלין און היטלער״. אַלמי, וועלכער האָט שוין דעמאָלט זיך גוט געקענט אויף ביידע דיקטאַטאָרן, האָט אויך סטאַלינען אָנגערופן מיט זייער שאַרפע עפּיטעטן, ווי: „רוצח״, „תליון״... בין איך געווען אין אַ פאַרלעגנהייט: כ׳האָב געוווסט, אַז צוליב די דעליקאַטע באַציִונגען מיטן גרויסן און שטאַרקן מזרח־שכן, וועט די צענזור זיכער נישט דערלאָזן מ׳זאָל פאַרטשעפּען עפנטלעך אַזוי דראַסטיש דעם ראש פון שכנישן לאַנד. כ׳האָב פשוט מורא געהאַט, אַז ווען איך לאָז דורך די שאַרפע אויסדרוקן, איז דאָס בוך אין געפאַר קאָנפיסקירט צו ווערן. האָב איך געהאַלטן פאַר נייטיק בעסער פריִער, פאַרן דרוקן, זיך פאַרשטענדיקן מיטן צענזאָר, און בין טאַקע אַוועק מיט אַ קאָרעקטור־אָפּצוג פון יענעם מאמר אין רעגירונגס־קאָמיסאַריאַט. דער צענזאָר האָט איבערגעקוקט און אויף אַ קאַטעגאָרישן אופן, מיט זיין רויטער בליישטיפט, פאַרשטראָכן די צו שאַרפע עפּיטעטן אויפן אַדרעס פון סטאַלינען. „דער מחבר איז הונדערט פּראָצענט גערעכט — זאָגט מיר מיט אַ שמייכל דער צענזאָר — סטאַלין איז טאַקע אַ רוצח און תליון. אָבער... פּאָליטיק״... וואָס שייך אָבער די זייער שאַרפע שטעלן אויף היטלערס אַדרעס, האָט ער זיך דערויף גאָרנישט אָפּגעשטעלט. צי האָט ער עס נישט באַמערקט, אָדער די פוילישע פּאָליטיק האָט אַנדערש דיקטירט — דאָס ווייס איך נישט, און יענע שטעלן זיינען געדרוקט געוואָרן ווי דער מחבר האָט געשריבן, אָן שינויים. שפּעטער, ווען די היטלערישע האָרדעס זיינען אַריין אין וואַרשע, באַלד אין דער ערשטער וואָך, קומט צו מיר צוגיין אַלמיס שוועסטער מיט אַ שווער האַרץ: באשר בכן אין שטוב ביי זיי ליגן נאָך אַ צאָל עקזעמפּליאַרן פון ברודערס לעצטן בוך, און וועלכן היטלער ווערט אַזוי שאַרף אָנגעגריפן, און ווען, חלילה וחלילה, די „געסטאַפּאָ״ ווערט

געוויר דערפון און מען געפינט ביי זיי די עקזעמפּליאַרן, צעשיסט מען באַלד די גאַנצע שטוב מענטשן... איז וואָס זשע טוט מען? וואָס פאַר אַן עצה גיב איך איר?...

הגם עס איז געווען אומוואָרשיינלעך, אַז דער ענין זאָל דערגיין צו דער „געסטאַפּאָ", פון דעסטוועגן האָב איך זיך נישט אונטערגענומען איר צו געבן אַן עצה. אָט האָב איך דאָך אַליין מבער געווען פון שטוב אַ דייטשישע בראָשור „רייכסטאַגבראַנד", וואָס איז געדרוקט געווען ערגעץ אויסער די גרענעצן פון היטלער־דייטשלאַנד. דוכט, אין בעלגראַד.

— ווער ווייס... — זאָג איך איר אין פאַרלעגנהייט — טוט ווי איר פאַרשטייט... אין אַזאַ צייט איז שווער צו פּסקנען אַזאַ מין שאלה...

איז אַלמיס שוועסטער אַוועק פון מיר און מיט איר גרעסטן צער און ווייטיק דורכגעפירט אין אויוון אַן „אויטאָ־דאַ־פע" איבער אַלע עקזעמפּליאַרן פון ברודערס בוך...

אָבער דער דאָזיקער „אויטאָ־דאַ־פע" האָט דאָך נישט געראַטעוועט פון אומקום אַלמיס אַלע משפחה־מענטשן; זיי זיינען סיי־ווי אַוועק, ווי אַלע ייִדן, אין די גאַז־קאַמערן... און אַלמיס ביכער וואָלטן סיי־ווי געבליבן אונטער די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ...

אַן אַנדער ווייטיקלעכער פאַל איז, אַגב, אויך געשען דעמאָלט מיט אַ בוך פון אַלמיס ניו־יאָרקער קאָלעגע יצחק האָראָוויץ. איך דערצייל עס דאָ, ווייל יצחק האָראָוויץ איז געווען איינער פון די הויפּט־איניציאַטאָרן און צוזאַמענשטעלער פונעם בוך לכבוד אַלמיס יובל השבעים. געווען... ווייל באַלד נאָך דעם ווי דאָס בוך איז אַריין אין דרוק, איז יצחק האָראָוויץ געוואָרן אַ שוכן־עפר.

בכן: אין זעלבן פאַטאַלן 1939 האָט אין וואַרשע אויך געזאָלט דער־שיינען יצחק האָראָוויצעס בוך „טעג און נעכט מיט פּאַנאַיִט איסטראַטי". אַלמי האָט מיך געהאַט אָנגערעגט איך זאָל זיך מטפּל זיין מיטן דאָזיקן בוך פון זיין חבר. דאָס בוך איז שוין געווען אויסגעזעצט און מאַטריצירט און האָט שוין געזאָלט אַריינגיין אין דרוק. פונקט האָט אָבער אויסגעבראָכן די מלחמה און אַלץ איז פּאַראַליזירט געוואָרן. כ׳געדענק: אין מיין עגמת־נפש צוליב האָראָוויצעס פאַרלוסט האָב איך נאָך אין ערשטן טאָג פון קריג, נאָכן ערשטן לופט־אָנגריף אויף וואַרשע, בעת די פּאָסט איז נאָך כלומרשט געווען אָפן, אַוועקגעשיקט דעם מחבר אַן עקספּרעס־בריוו מיט טרייסט־

ווערטער, אַז די מלחמה וועט דאָך מסתמא אין אַ פּאָר וואָכן אַרום געענ־דיקט ווערן און דאַן וועט דאָס בוך תיכף אַריין אין דרוק...

אַזוי נאַיִוו איז מען עס געווען אין די ערשטע צעטומלטע טעג אין וואַרשע, אינעם אָנהייב פון אונדזער גרויסן בראָך...

אַפילו שפּעטער מיט אַ יאָר, אין מיין סאָוויעטישן גיהנום אין קאָנ־צענטראַציע־לאַגער, האָב איך ממעמקים געשריבן צו מיינע נאָנטע אין גראָדנע, זיי זאָלן אַלאַרמירן מיין חבר אַלמי ער זאָל אין אַמעריקע „מרעיש עולם זיין" פאַר מיינעטוועגן... כ'האָב עס, פאַרשטייט זיך, געטאָן אויף אַ פאַרשטעלטן אופן (זע מיין „קנעכט זענען מיר געווען"). אַפנים אויך לגבי היטלערס שותף, לגבי סטאַלינען, איז מען נאָך געווען אַ ביסל נאַיִוו...

דער לעצטער פּאַראַגראַף מיינט צו זאָגן, אַז תמיד, אין אַלע סיטואַ־ציעס, האָב איך אין אַלמין געזען מיין ערשטן חבר פון וואַרשע.

עס איז שוין אַזוי באַשערט, אַז אַפילו אין מיינע איצטיקע אַרגענטי־נער יאָרן, אַ דאַנק אונדזער אַלטער חברשאַפט און די פעדים, וואָס פאַר־בינדן אונדז, זאָלן עטלעכע אַלמיס ביכער ווידער דערשיינען אונטער מיין השגחה. ס'איז שוין אויך מהאי טעמא פאַרשטענדלעך פאַרוואָס דאָס אַלמי־יובל־בוך (צו זיין 70סטן געבוירנטאָג) זאָל דערשיינען אונטער מיין אויפ־זיכט: „אַלטע ליבע זשאַווערט נישט"...

***

א. אַלמי איז דורך זיין גאַנץ לעבן געבליבן פּאָעט און עסייִסט. הגם שוין פון זיינע ייִנגסטע יאָרן איז ער אין זיין שאַפונגס־וועג מיטגעריסן געוואָרן פון אַלערליי זשאַנערן (בעלעטריסטיק, עסייִסטיק, פּובליציסטיק, פעליעטאָן, רעפּאָרטאַזש, שאַרזש), איז אָבער פּאָעזיע זיין ערשטע ליבע און ער איז תמיד טריי געבליבן אויך זיין פּאָעטישן זשאַנער. זיינע נשמהדיקע עמאָציאָנעלע אויסגוסן קומען צום אויסדרוק ביי אים אין ליד. דערויף זאָגן עדות זיינע פינף לידער־זאַמלונגען, דערשיינען אין זיינע פאַרשיידענע עטאַפּן. אַלמי איז אַ געטרייער תלמיד פון דער קלאַסישער פאָרעם, אַ געטרייער אָפּהיטער פון דער דיכטערישער דיסציפּלין אינעם פערז־בוי. זיין ליד האָט ווילקלאַנג, מוזיק. עס לאָזט זיך זינגען. און לידער זיינען דאָך טאַקע אין תוך געזונגען געזאַנג. וואָס רייפער אַלמי איז געוואָרן אין זיין דיכטונג, איז זיין ליד געוואָרן מער פאַרטיפט. אַלמיס אַ ליד האָט, אַחוץ פּאָעטישער שטימונג, אויך אַ פילאָסאָפישע סענטענץ. זיינע לידער זאָגן עפּעס. דער

דיכטער קומט נישט בלויז מיט שטימונגען, בלויז מיט דיכטערישע אימאַזשן. ווייל אַלמי איז אַחוץ דיכטער אויך דענקער, און דאָס איז זיכער משפּיע אויף דער פאַרטיפונג פון זיין דיכטונג. איז דאָך אַלמי שוין געווען אַ גריבלער, מיט פילאָסאָפישע נטיות און מעדיטאַציעס זינט זיינע יונגע שאַפונגס־יאָרן. ס׳האָבן אים תמיד געפּאַנגען די פּראָבלעמען פון לעבן און טויט; די אָריענטאַלישע פילאָסאָפיע און איר מיסטיציזם. ווי אַ פּועל־יוצא דערפון קומען זיינע ווערק: „די צווייטע עקסיסטענץ", „די רייד פון בודאַ", „די כינעזישע פילאָסאָפיע", „אויפן וועג פון די געטער" און אַנד.

און נישט נאָר די אָריענטאַלישע פילאָסאָפיע — אויך די מערב־פילאָסאָפן ברענגען אים שפּעטער צו פאַרשיידענע פילאָסאָפישע קאָנצעפּציעס און מעדיטאַציעס און ער פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע ריי וואָגיקע אָפּהאַנדלונגען און עסייען וועגן ברוך ספּינאָזאַ, עמנואל קאַנט, שלמה מיימון, אַנרי בערגסאָן, סאַנטאַיאַנאַ און אַנד.

אַ רושם האָט געמאַכט אַלמיס פאָרש־אַרבעט „דאָס געהיימעניש אַרום ספּינאָזאָס טויט". אַלמי איז אין זיין פאָרשונג געקומען צו אַן אויסטערלישער אַנטדעקונג אין ספּינאָזאָס ביאָגראַפיע. ד״ה, אַז ספּינאָזאַ איז נישט געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, נאָר איז פאַרסמט געוואָרן פון זיינע פאַנאַטישע קעגנער. וועגן דער דאָזיקער אַרבעט האָט זיך אַפילו אַלבערט איינשטיין אָפּגערופן מיט לויב.

כדאי צו אונטערשטרייכן: אין זיינע אָפּהאַנדלונגען אויף פילאָסאָפישע טעמעס האָט אַלמי דערגרייכט דעם קלאָרסטן סטיל. מעג זיין טעמאַטיק זיין פון גאָר קאָמפּליצירטע מאַטעריעס, געפינט אַלמי תמיד דעם קלאָרסטן אופן און די פּשוטסטע ווערטער מבאר צו זיין דעם ענין — אַזוי אַז אַפילו „אַ קינד קאָן עס פאַרשטיין"... אין דער הינזיכט איז אַלמי דער סאַמע היפּוך פון יענע שרייבער, וואָס שרייבן זייערע וויסנשאַפטלעכע עסייען מיט דער שווערסטער „עברי", אָן שום נוצן און אָן שום נייטיקייט, סיידן נאָר כדי צו מאַטערן און דורכדעם אָפּשטויסן דעם לייענער און כדי זיך צו ווייזן ווי אַ „טיפער וויסנשאַפטלער"... אין דער אמתן איז דווקא דער קלאָרער, פּשוטער סטיל — אַ גאָטס מתנה פאַר שרייבער, פונקט ווי אַ פאַרפּלאָנטערטער סטיל איז דער גרעסטער מינוס! אַזוי האָט, למשל, טאָלסטאָיס פּשטות־דיקער אופן פון אויסדרוק לחלוטין נישט פאַרמינערט אויף אַ האָר דעם הויכן קינסטלערישן ניוואָ פונעם מחבר פון „מלחמה און שלום", נאָר פונקט

פאַרקערט: עס האָט דערהויבן זיין רום ביי זיין אייגענעם פאָלק און אין גאָר דער וועלט.

אין זיינע פּאָלעמיקעס איז אַלמי שאַרף און אָנגרייפעריש און ער קעמפט קאָנסעקווענט פאַר זיינע טעזעס. נישט מקנא צו זיין יענע קעגנער, וואָס פאַלן אַרונטער אונטער די פיילן פון זיין פעדער. אַלמיס פּאָלעמיק איז דורכגעדרונגען מיט לאָגיק, קלאָרקייט און שאַרפער סאַטירע.

אַ גאַנצע ריי אַרבעטן אַלמיס זיינען געווידמעט יידישע שרייבער און פּראָבלעמען פון יידישער ליטעראַטור. און נישט נאָר יידישער. אַלמי האָט פאַרעפנטלעכט אין משך פון זיינע שעפערישע יאָרן אַ סך, אַ סך צענדלי־קער אַרבעטן וועגן שרייבער און די דאָזיקע אַרבעטן זיינען על פּי רוב שוין אַריין אין זיינע ביכער. איר געפינט ביי אים אָפּשאַצונגען וועגן י. ל. פּרץ, שלום־עליכם, שלום אַש, ה. ד. נאָמבערג, מאָריס ראָזענפעלד, ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, דוד עדעלשטאַט, נח פּרילוצקי, א. לוצקי, ז. סעגאַלאָוויטש, אברהם רייזען, זישע לאַנדוי, יוסף באָוושאָווער, לעאָן קאָברין, פּרץ הירש־ביין, י. י. זינגער, משה נאַדיר, ד״ר א. קאָראַלניק און נאָך פיל, פיל אַנדערע יידישע שרייבער. אַלמיס גאַנץ לעבן איז געקניפּט און געבונדן מיט יידישער ליטעראַטור. זינט זיינע יונגע יאָרן האָט ער זיך אויסגעלעבט אין רעדאַק־ציעס, אין סביבה פון פעדער־מענטשן — אַזוי אַז ער האָט נישט נאָר גוט געקענט די ווערק פון שרייבער, נאָר אויך די מחברים פּערזענלעך, זייערע מעלות און זייערע שוואַכקייטן. דערויף זאָגן עדות זיינע בייסיקע סאַטירעס אויף דעם און אויף יענעם.

***

ווי שוין אויבן באַטאָנט: אַלמי איז אַחוץ עסייִסט אויך פּאָעט, ליריקער. אין זיינע לידער שפּיגלט ער אָפּ זיין אינערלעכע נשמהדיקע וועלט — די וועלט פון וויזיע און חלומות.

אויך אונדזער חורבן השלישי באַקומט זיין פּאָעטישן אויסדרוק ביי אַלמין. אין זיינע לעצטע צוויי לידער־זאַמלונגען: „געזאַנג און געוויין״ און „לעצטע געזאַנגען״ — וויינט אויס דער דיכטער זיין ווינד־און־ווי איבער אונדזערע טראַגישע יאָרן פון חורבן און אומקום.

א. אַלמי — וואָס איז אויך „אין טרעבלינקע נישט געווען״ — האָט אָבער פון דער ווייט מיטגעפיבערט די פּיין פון יענע גרויזאַמע קאָשמאַרן. זיין טיפער ווייטיק שרייט אַרויס פון זיינע פערזן:

אויף יענער זייט ים איז דער קריג,
אויף יענער זייט ים שרייט דער האַס...
און איך ליג אין שטוב דאָ און ליג
און האָרך צו דעם רויש פון דער גאַס...

איך האָרך צו דעם רויש פון דער גאַס
און איך שפּיר מיטן בלוט און געביין:
אין מיר איז דער קריג און דער האַס,
אין מיר איז דער חורבן־געוויין...

און אין זיינע יסורים רייסט זיך אַרויס ביים דיכטער אַ פּראָטעסט צום הימל:

וואָס שפּילסטו זיך מיט אונדז, אָ גאָט?
דאָס פייער, וואָס פאַרצערט אַ שטאָט,
דער פולווער, וואָס צעררייסט אַ לייב —
זיי זיינען דיין — דיין צייט־פאַרטרייב.

און ווייטער קומען אַזעלכע שטאַרקע אַקצענטן:

מיך עקלט דער, וואָס ליגט אין שטויב
און שיקט דיר פאַר זיין צער אַ לויב,
אַ לויב פאַר בלוט, פאַר ווי און ווינד,
פאַר אַ געקוילעטע ווייב און קינד...

די לעצטע סטראָפע שלאָגט־אָן אין טאָן פון ביאַליקס „שחיטה־שטאָט".

***

הגם אַלמי וווינט שוין לאַנגע יאָרן אין ניו־יאָרק, אין דער גרעסטער ליטעראַרישער מעטראָפּאָליע, דאָך געהערט ער נישט צו קיין שום ליטעראַרישע קלייזלעך. ער פראַוועט תמיד שבת פאַר זיך, איז שטענדיק געגאַנגען זיין שרייבערישן וועג אַליין. ווי אַלמי אַליין שרייבט אין דער הקדמה צו זיין לידער־בוך „לעצטע געזאַנגען", איז עס נישט געווען „מחמת וועלכע עס איז זייטיקע כוונות און חשבונות, נאָר מחמת אַזוי איז זיין טבע פון קינדוויַיז אָן. דאָס איז אַ טבע, וואָס הגם זי טוט קיינעם נישט די מינדסטע רעה, רופט זי אָבער אַרויס אַלערליי חשדים. עפּעס איז נישט גלאַט מיט אַ שרייבער, וואָס געהערט נישט צו קיין שום קלייזל, אָדער קרייזל, אַפילו נישט אין אַ ליטעראַרישער גרופּע; וואָס קהלט זיך נישט,

לאָזט זיך נישט הערן אויף פאַרזאַמלונגען און לעבט זיך אויס בלויז שרייבעריש״...

ביי אַן אַנדער געלעגנהייט (אין אַ שמועס מיט אים, געדרוקט אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״) זאָגט זיך אַלמי אַרויס וועגן זעלבן ענין:

„גרופּעס, קלייזלעך זיינען בעצם אַ געזונטע זאַך, אויב די אָנגעהעריקע זיינען באַזעלט פון געמיינשאַפטלעכע שעפערישע אידייען. די מיינסטע מענטשן האָבן ליב צו דאַוונען בציבור, בעת אַנדערע, ווי ווייניקע, געפינען זיך און גאָט — ביחידות. אויב אָבער אַ גרופּע, אַ ליטעראַרישע, צי אַ פּאָליטישע, פּראָקלאַמירט איר געמיינזאַמע אידייע ווי די איינציקאמתע און באַקעמפט מיט אַלע מיטלען אַנדערע, וואָס דענקען, שרייבן אַנדערש, ווערט זי געפערלעך ווי יעדע סעקטע, אָדער פּאָליטישע קליקע״.

אַזוי שרייבט אַלמי אַליין וועגן זיין יחידותדיקן וועג. אין זיין דאָזיקער איינשטעלונג, אָדער בעסער: נייגונג, איז ער געווען עקשנותדיק. מ׳האָט קיינמאָל נישט געהערט וועגן אַלמיס אַן אַרויסטריט אין דער עפנטלעכקייט בחברותא מיט אַנדערע שרייבער. ס׳איז דאָך נישט דערפאַר, ווייל אַלמי איז אפשר נישט קיין רעדנער (מיר איז עס אומבאַקאַנט. ווייל אויך איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו הערן אַלמין פון אַ טריבונע); אָבער פאַראַן דאָך אַ סך שרייבער — אומבאַהאָלפענע רעדנער; גיט מען זיך דאָך אַן עצה: לייענט מען אַ רעפעראַט פון פּאַפּיר. אויך פּראָפעסאָרן, מיניסטאָרן און פּרעזידענטן טוען דאָך דאָסזעלביקע. הייסט עס טאַקע, אַז אַלמי האָט עקשנותדיק און בכוונה אויסגעמיטן טריבונעס און עפנטלעכן פּרסום, מאַניפעסטאַציע.

אַ כאַראַקטעריסטישע אילוסטראַציע:

בעת אין 1954 איז אין בוענאָס־איירעס דערשינען אַלמיס לידערזאַמלונג „לעצטע געזאַנגען״, האָט דער קלוב „טלאָמאַצקיע 13״ אַראַנזשירט לכבוד דעם מחבר — ווי פאַר אַ שרייבער פון וואַרשע, אַ בן־עיר — אַ באַערונגס־אָוונט. אַז כ׳האָב נאָכדעם צוגעשיקט אַלמין אַ פּאָר צייטונגס־אויסשניטן מיט די נאָטיצן וועגן דעם אָוונט, האָט מיר מיין חבר געענטפערט, אַז ער איז זייער גערירט פון דער באַערונג; אָבער ער איז זייער צופרידן, וואָס ער גופא איז דערביי נישט געווען; וואָס עס איז געשען הינטער זיינע אויגן... ווייל ער לאָזט זיך קיין מאָל נישט מאַכן קיין באַערונגען מיט זיין פּערזענלעכער באַטייליקונג...

אָבער אויב יחידותשאַפט אין אונדזערע קרייזן שאַדט אָפט די שריי־

בערישע ערדישע אינטערעסן — איז עס אָבער זיכער אַ מעלה פאַרן שרייבערס שעפערישקייט. און אַלמי האָט אין משך פון זיין שעפעריש לעבן (העכער אַ האַלבער יאָרהונדערט!) געשלאָגן רעקאָרדן מיט זיין ליטעראַרישער פּראָדוקטיווקייט. זיין ליטעראַרישער אַקטיוו — דאָס זיינען זיינע צאָלרייכע ביכער און בראָשורן. תמיד געשטאַנען אויף דער וואַך פון זיין שרייבערישן באַרוף און געלאָזט הערן אָפט זיין קינסטלעריש וואָרט. זיין סטאַבילע קרעטשמע איז זינט יאָרן די „פרייע אַרבעטער־שטימע״, ווו מ׳טרעפט תמיד אַלמיס מוטיקע עסייען און אַרטיקלען. אַלמי רעאַגירט אויף אַלע וויכטיקע דערשיינונגען אין אונדזער ליטעראַטור און קולטור. אָפט איז ער שאַרף און קריגעריש. ער קען נישט פאַרשווייגן קיין עוולות, נישט פון יחידים, נישט פון אינסטיטוציעס. שאַפט ער זיך דאַדורך קעגנער און רייסט איין מיט אַ וועלט. אָבער אַלמי גיט נישט אויף זיין קעמפערישקייט קעגן נעגאַטיווע דערשיינונגען אין אונדזער וועלטל.

די ירידה פון ייִדיש לשון אין אַמעריקע — און נישט נאָר אין אַמע־ריקע — האָט ביי אַ סך שרייבער אַרויסגערופן יאוש־שטימונגען. ביי דעם צופיל עמפינדלעכן אַלמי איז די דאָזיקע שטימונג דערגאַנגען צו היפּער־



ייִדישע שרייבער אין וואַרשע ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: נחמן מייזיל, איציק מאַנגער, א. אַלמי (בעת אַ באַזוך), אַברהם זאַק, אפרים קאַגאַנאָווסקי און יהושע פּערלע.

טראָפּיע און ער האָט זיין פינפטע לידער־זאַמלונג באַטיטלט: „לעצטע געזאַנגען“.

וואָס שייך פּראָזע, האָט אַלמי — נאָך די „לעצטע געזאַנגען“ — אַרויס־געגעבן צוויי וואָגיקע ביכער: „אין געראַנגל פון אידייען“ און „חשבון און סך־הכל“. לייענענדיק אים, האָבן מיר דעם איינדרוק, אַז דאָס רעדט אַ שרייבער, וואָס איז נאָך אין סאַמע בלי פון זיין שאַפן. און דאָס נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיין פּריוואַט־לעבן (אָן משפּחה) איז פאַרבונדן מיט טראַגישע מאָמענטן, וואָס האָבן אים גורם געווען זיין אַליניק לעבן (זע אַלמיס בוך „חשבון און סך־הכל“).

מיט אַ צוויי יאָר צוריק לערך האָב איך מיין ערשטן חבר פון וואַרשע באַזוכט אין ניו־יאָרק אין זיין „קאַוואַלערסקער“ דירה אויף דער 75סטער גאַס. איך האָב זיך אומגעקוקט אין אַלע ווינקעלעך און עס האָט אויף מיר געווייעט מיטן עלנט פון אַליינשאַפט. אַלמי האָט מיר אָנגעוויזן אויף זיין פריינד, וועלכער העלפט אים אַמאָל אַרויס ביינאַכט, בעת („מ׳איז דאָך נאָר אַ מענטש“...) ער דערפילט זיך ערנסט קראַנק — דאָס איז דער טעלעפאָן... דורכן טעלעפאָן רופט ער דאַן אַרויס אַ מעדיקער...

ס׳איז אַ גבורה אַזוי צו קאָנען לעבן און אָפּצוהיטן דעם שרייבערישן כח היצירה.

פּיריאַפּאָליס (אורוגוואַי), 1961.

# ביי אַלמיס פרישן קבר

צוויי בריוו אין איין פרימאָרגן פון קאָלעגן־שרייבער אין ניו־יאָרק האָבן מיך טיף דערשיטערט; דערשיטערט ביז טרערן: ביידע בריוו דער־ציילן מיר וועגן טויט... וועגן אַלמיס טראַגישן טויט... וועגן זיין לוויה...

איינער פון די געציילטע אַמאָליקע חברים מיינע — מיין ערשטער יוגנט־חבר פון וואַרשע — איז שוין, הייסט עס, אויך נישטאָ. דאָס האַרץ טוט זיך אַ קאָרטשע פון דער אומגעריכטער שוואַרצער בשורה. נאָך אַן אַדרעס ווערט פון זיך אַליין פאַרשטראָכן: 306 וועסט, 75סטע גאַס אין ניו־יאָרק. מער וועט מיר שוין די פּאָסט נישט ברענגען די אָפטע בריוו פון אַלמין — בריוו, וואָס טייל פון זיי זיינען ממש שאַרפזיניקע פעליעטאָנען וועגן היימישע ליטעראַרישע ענינים — פּרא דאָמאָ סואָ.

פאַרשטראָכן ווערט אַ פריינטשאַפט, אַ חברשאַפט, וואָס ציט זיך נאָך פון אונדזערע פרילינגס־יאָרן, פון די פּרץ־יאָרן אין וואַרשע, ווען מיר האָבן געפלאָטערט מיט אַזוי פיל גלויבן און האָפענונג. אַזוי פיל פעדים האָבן אונדז פאַרבונדן דורך אַ גאַנץ לעבן — אַפילו אויף אַ דיסטאַנץ פון אָרט און רוים; אָבער נאָענט אין געמיט, אין חברשאַפט. און איצט זיינען די פעדים איבערגעריסן געוואָרן אויף שטענדיק...

ווי אומגעריכט! איך נעם צונויף די געדאַנקען און מאַך אַ חשבון: דינסטיק דעם 24סטן סעפּטעמבער 1963 איז די דאַטע פון אַלמיס טראַגישן טויט, און מיט איין טאָג פריִער — דעם 23סטן סעפּטעמבער — האָט ער צו מיר זיין לעצטן בריוו געשריבן. איך כאַפּ ווידער לייענען יענעם בריוו. אַ בריוו גראָד אַ מער רויִקער און באַזאַכטער; רויִקער ווי זיינע פריערדיקע בריוו, אין פעריאָד פון זיין קראַנקייט, וועלכע האָבן געאָטעמט מיט גרויל, מיט פאַרצווייפלונג, מיט דערשלאָגנקייט פון פיזישע און גייסטיקע יסורים...

נאָך די צוויי אָפּעראַציעס, וואָס אַלמי האָט לעצטנס דורכגעמאַכט,

האָט ער נישט געקאָנט צוריקקומען צו קיין גלייכגעוויכט. די אַליינשאַפט זיינע האָט שווערער געמאַכט און פאַרגרעסערט אין פילפאַכיקער דימענסיע זיינע לעצטע שווערע איבערלעבונגען. די ד׳ אמות פון זיין איינזאַמער דירה זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן פאַר אים אין אַ גיהנום. נישט געווען מיט אים סטאַביל קיין היימישער נאָנטער מענטש, וואָס זאָל אים לינדערן, טרייסטן מיט אַ גוט וואָרט, פאַרטרייבן די פינצטערע שאָטנס פון זיין טריב געמיט... אמת, געוויסע קאָלעגן־שרייבער פלעגן זיך יאָ אַריינכאַפּן צו אים בייטאָג (ער האָט עס מיר אַליין געשריבן). געקומען און אַוועק. און די איינזאַמע שלאָפלאָזע נעכט האָבן געטאָן דאָס זייעריקע: געפּייניקט אָן רחמנות.

אין אַ בריוו פון 9טן סעפּטעמבער שרייבט מיר אַלמי:

„וואָס ס׳איז שייך מיין געזונט, האָט מיין צושטאַנד נישט קיין דירעקטן שייכות מיט דער אָפּעראַציע. ס׳איז מיין געמיט, מיין האָפנונגס־לאָזיקייט, מיין אַליינקייט. דאָ קאָנען קיין באַזוכערס נישט העלפן. איך וואָלט געקאָנט האָבן קאָלעגן און פריינד, אָבער דערנאָך פילט זיך דער עלנט נאָך שטאַרקער. חוץ לזה איז מיר טאַקע שווער צו פאַרברענגען מיט מענטשן. ערשטנס, שלאָף איך זייער ווייניק און בייטאָג קאָן איך ממש דעם קאָפּ נישט האַלטן. אויסערדעם קריג איך נערוון־אַטאַקעס, וואָס איך ווייס קיין מאָל נישט ווען זיי וועלן קומען. איך בין דעריבער געצוווּנגען פּשוט צו אַנטמוטיקן באַזוכערס. קיין גוזעלשאַפטלעכער מענטש בין איך דאָך, ווי איר ווייסט, קיין מאָל נישט געווען. נאָך עפּעס: נישט יעדער פאַרגרינגערט איך... טייל מאַכן נאָך ערגער... ס׳איז נישט זייער שולד, וואָס איך האָב נישט קיין אינטערעס אין די אַלע ענינים, וואָס זיי דיסקו־טירן. לעצטנס האָב איך זיך פּשוט געצוווּנגען אָנצושרייבן אַן אַרטיקל פאַר דער „פּ. אָ. ש.״ [„פרייע אַרבעטער שטימע״], — און ס׳האָט מיר גענומען אַ לאַנגע צייט. וואָס ווייטער? אַזוי איז עס, מיין טייערער חבר! די נידער־געשלאָגנקייט וויל נישט אָפּטרעטן. דאָס באַרויבט סיי מיין אַפּעטיט צום עסן, סיי מיין שלאָף, כאָטש דער דאָקטער האָט מיר פאַרשריבן שלאָף־פּילן״.

און אַזוי, אין דער אַליינשאַפט, האָבן זיך געוועבט זיינע שוואַרצע מחשבות...

דאָס איז שוין געווען נאָך אַלמיס צווייטער אָפּעראַציע אין דעם קורצן צייט־אָפּשניט. נאָך דער ערשטער אָפּעראַציע האָט ער זיך אַריינגענומען

אין זינען, אַז זיין קראַנקייט איז אַן אומהיילבאַרע און זיינע פיזישע יסורים און פיינלעכע איבערטראַכטענישן האָבן אים געבראַכט צו אַ פאַרצווייפלטן פּרווו... (ער האָט זיך איבערגעשניטן אַ וועגע...). מען האָט אים באַוויזן אָפּצוראַטעווען און לסוף אים איבערגעצייגט, אַז זיין קראַנקייט איז נישט מאַליגנאַ, פון בייזוויליקן כאַראַקטער.

אין איינעם אַ בריוו, נאָך דער צווייטער אָפּעראַציע, שרייבט מיר אַלמי:

„איך בין נאָך אַלץ אַ חולה און דאַרף יעדע וואָך גיין אין שפּיטאָל אַריין — צוליב די שווערע קאָמפּליקאַציעס, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט פון די צוויי אָפּעראַציעס. שווער, זייער שווער! נישט איך קאָן לעבן, נישט איך קאָן שטאַרבן — אַזוי איז מיין לאַגע“.

אין אַן אַנדער בריוו ווענדט ער זיך צו מיר מיט אַ בקשה וועגן מאַכן באַמיִונגען אַרויסצוגעבן זיין נייע אַרבעט „ספּינאָזאַ קאָנטראַ ספּינאָזאַ“. זיין „פינאַנציעלע לאַגע“, שרייבט ער, איז אַ שווערע. די קראַנקייט האָט אים געצוווּנגען צו פאַרנוצן אַ היפּשע סומע פון זיין קליינער אָפּשפּאָרעניש. און סך־הכל האַנדלט זיך עס וועגן אַ בראָשור פון עטלעכע דרוק־בויגן. פראַגמענטן דערפון זיינען שוין געדרוקט געוואָרן אין „דער יִדישער קעמפער“ און אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע“. „איר ווייסט דאָך — שרייבט ער — אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס איך בעט אַזאַ טובה. ס׳וועט פאַר מיר מיינען אַזוי פיל! קיין אַנדער פרייד האָב איך נישט“.

האָב איך דעם זעלביקן טאָג זיך פאַרשטענדיקט מיט עטלעכע פריינד פון קולטור־קאָנגרעס, וואָס האָבן זיך ספּאָנטאַן און וואַרעם אָפּגערופן אויף מיין ווענדונג און כ׳האָב געשריבן אַלמין ער זאָל תיכף צושיקן דעם מאַנוסקריפּט; אַז זיין אַרבעט וועגן ספּינאָזאַן וועט דאָ זיכער אַרויסגעגעבן ווערן. *)

און אַזוי איז טאַקע געווען: כ׳האָב אין קורצן באַקומען דעם כתב־יד

---

*) ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז אַלמיס באַקלאָגן זיך אויף זיין „שווערער פינאַנציעלער לאַגע“ געווען אַ קרענקלעכע דערשיינונג ווי אַ רעזולטאַט פון זיין פּסיכישן מצב אין דעם לעצטן מאָמענט פון זיין לעבן: אַ ראיה דערצו איז זיין פאַרבליבענע ירושה... אגב: נאָך אַלמיס טויט האָט מיין פריינד ש. ל. שניידערמאַן אינטערווענירט ביים אַדוואָקאַט און אַפּוטראָפּוס איבער דער ירושה, וועלכער האָט מיר אָפּגעשיקט דעם פולן באַטרעף, וואָס דאָס ביכל האָט געקאָסט; און איך האָב צוריק־געצאָלט אַלע ביישטייערער זייער ביישטייער — צוליב אַלמיס כבוד־וועגן...

פון אַלמין און די בראָשור איז שוין אין דרוק. אין אַ 10־15 טעג אַרום דאַרף זי שוין דערשיינען.

אָבער אַלמי האָט אויף דער פרייד נישט געוואַרט... גלייך ווי אַ גע־היימע האַנט וואָלט אים אַ שטויס געטאָן אין די אָרעמס פון אייביקער נאַכט...

אין אַלמיס בוך „חשבון און סך־הכל" איז פאַראַן אַן אויטאָביאָגראַפי־שע דערציילונג „די האַנט". שילדערט דאָרט אַלמי ווי דער מענטש ווערט אַריינגעשטויסן אין לעבן אַריין דורך אַ געהיימער רשעותדיקער האַנט, וואָס וואַקסט ביי אים אויס צו אַ סימבאָל.

„אַ מאַכטיקע האַנט פון אַ גרויסן אומבאַקאַנטן — די יד־חזקה — גיט אונדז אַזאַ אומגעריכטן שטויס אין דער וועלט אַריין, אין לעבן אַריין — און לאָזט אונדז אויף הפקר, צו אונדזער אייגענעם גורל.

נאָר טייל דערפילן זיך שנעל היימיש, גוט־ברודעריש מיט אַלעמען; און אַנדערע, די וויניקערע, פילן זיך דאָ אייביק פרעמד, אייביק פאַרלוירן, אייביק ווי פאַרבלאָנדזשעטע.

פאַר מיר איז די וועלט אַלעמאָל געווען ווי אַ פרעמדער גרויסער זאַל מיט אַ סך אומבאַקאַנטע מענטשן. אַלע מיינע אָנשטרענגונגען זיך צו מאַכן היימיש, צו ווערן גוזעלשאַפטלעך, האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. אין בעסטן, אָדער אין ערגסטן פאַל — מיט עפּעס אַן אומגעלומפּערטער טאַט, ווי ס'טרעפט אַלעמאָל, ווען אַ מענטש וויל ווערן „נאַטירלעך" אויף אַן אומנאַטירלעך־געקינצלטן אופן".

און אַ ביסל ווייטער פרעגט אַלמי:

„אפשר ווערן טאַקע נשמות פאַרבלאָנדזשעט אַהער פון אַנדערע פּלאַ־נעטן און זיי בלייבן שטענדיק פרעמד אויף דער ערד, בענקענדיק אַהין, צו ערגעץ אַנדערש, צום אומבאַקאַנטן שורש? דערפאַר אפשר די אייביקע אומרו, די אומבאַשטימטע, אין שעפערישע מענטשן? אפשר. ווער ווייסט? ווער קאָן וויסן? ווען מיר זאָלן וויסן אַזוי פיל וויפל מיר ווייסן נישט, וואָלטן מיר דאָך געוווּסט זייער אַ סך". —

רייסט זיך איצט אַ פראַגע — אַ פראַגע אין זעלבן נוסח־אַלמי:

אפשר? אפשר האָט אויך די זעלביקע געהיימנישפולע רשעותדיקע האַנט אין פאַטאַלן דינסטיק, דעם 24סטן סעפּטעמבער, אים אַ שטויס גע־טאָן דורכן פענצטער אין פינצטערן אָפּגרונט אַריין? — — —

**
*

אַלמיס לעצטער בריוו צו מיר איז געשריבן געוואָרן, ווי געזאָגט, איין טאָג פאַר זיין טראַגישן טויט. איך לייען אים נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל און זוך אין די שורות און צווישן די שורות עפּעס אַ רמז, אַ צייכן — אָבער ניין. איך געפין לחלוטין נישט קיין ניצוץ, קיין שפּליטער פון קיין שוואַרצן געדאַנק. אדרבה, דער דאָזיקער בריוו איז גראָד דער רו:קסטער פון די אַנדערע בריוו, וואָס ער האָט מיר געשריבן נאָך זיינע דורכגעמאַכטע צוויי אָפּעראַציעס. דאָס איז אַ תשובה אויף מיינעם אַ בריוו, אַז זיין כתב־יד איז שוין אין דרוק און אַז גאָר בקרוב שיק איך אים אַרויס די קאָרעקטורן. ער דאַנקט און שרייבט: „איר זייט דער איינציקער וואָס קומט נישט אָפּ מיט רייד"...

ווייטער גיט ער מיר אָנווייזונגען ווי אַזוי אים צו שיקן די קאָרעקטן, ווייל ס׳קאָן זיין ער זאָל נישט זיין אין שטוב.

ער שרייבט:

„בעת איר שיקט מיר די קאָרעקטור־בויגנס, זייט אַזוי פריינטלעך און מאַכט אויך אייער אייגענע קאָרעקטור, דערנאָך וועט מעןביידע פאַר־גלייכן. פאַרוואָס? ווייל אין מיין צושטאַנד איז מיר בפירוש שווער, אָפּט אומ־מעגלעך זיך צו קאָנצענטרירן אויף לייענען, שרייבן, בפּרט קאָרעגירן — און ס׳קאָן אַרויסקומען אַ טשעפּוכאַ"...

און ווייטער:

„מען רעדט מיך צו, אַז איך זאָל ערגעץ אַרויספאָרן אויף געווינען עטלעכע פונט. כ׳וועג שוין באַלד גאָרנישט".

טראַכט איך דעריבער, אַז אַזאַ בריוו שרייבט מען נישט אַ טאָג פאַרן איבעררייסן דעם לעצטן חשבון מיט דער לעבעדיקער וועלט...

סיידן טאַקע — די האַנט! די סימבאָלישע, רשעותדיקע האַנט — — —

**
*

אוודאי וואָלט אַן אַנדער האַנט, — אַ האַנט פון אַ נאָנטן — קעגנגעווירקט יענער געהיימנישפולער גורלדיקער האַנט און וואָלט אַלמין צוריקגעהאַלטן פון זיין לעצטן פאַרצווייפלטן שריט. אָבער זיינע נאָנטע פון וואַרשע זיינען אַוועק אין די גאַז־קאַמערן; אַ ברודער אין אַמעריקע (אַן אויסטער־לישער פאַל!) איז אים זינט יאָרן פאַרלוירן געגאַנגען. אפנים — ס׳איז פּסיכאָלאָגיש פאַרשטענדלעך — וואָס זיין לעצטער אַרטיקל, וואָס ער האָט מיט אָנשטרענגונג אָנגעשריבן פאַר דער „פרייער אַרבעטער שטימע", איז

געוועזן טאַקע וועגן זיין פאַרלוירענעם ברודער: עס האָט אים איצט גע־פעלט די האַנט פון אַ ברודער...

אַ פרוי ווידער? דאָס איז אַ באַזונדער טראַגיש קאַפּיטל אין אַלמיס לעבן: נאָך אין 1938 האָט זיין פרוי — פראַדל וויטמאַן — אַליין פאַרענדיקט מיט איר לעבן... זיין גאַנץ צוזאַמענלעבן מיט פראַדלען איז געוועזן אַ מיספאַרשטייעניש; ווייט פון ליבע און האַרמאָניע. אַלמי אַליין דערציילט עס — ווי אַ מין ווידוי — אין זיין בוך „חשבון און סך־הכל״, אינעם קאַפּיטל „מיין ווייב — פראַדל וויטמאַן״. „דאָך — דערציילט אַלמי — זיינען מיר געוועזן שטאַרק צוגעבונדן איינער צום אַנדערן, ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, מער ווי וועלכע אַנדערע צוויי מענטשן. אין איר הילפ־לאָזיקייט בין איך פאַר איר געוועזן אַן אָנשפּאַר, אַ יסוד, און זי פאַר מיר איז געוועזן מער ווי אַ ווייב — זי האָט אויך פאַרנומען דאָס אָרט פון אַ מאַמען און אַ קינד.

אָבער קיין ליבע איז מער נישט געוועזן, נישט קיין ראָמאַנטישע, נישט קיין עראָטישע — פון מיין זייט פון כמעט דעם סאַמע אָנהייב אָן, נאָך די ערשטע חדשים דערנענטערונג; פון איר זייט — אין די לעצטע יאָרן. דאָס איז געוועזן אפשר אַן איינציקאַרטיקע דערשיינונג — אַזאַ אומגעהייערער קעגנזייטיקער צובונד און אומגעהייערע געטריישאַפט פון צוויי מענטשן, וואָס האָבן ממש געפלאַטערט איינער פאַרן אַנדערנס געזונט און מערכה, דערביי אָן ליבע און שטענדיק אין קריג״.

נו, איז פראַדל אַוועק אין דער אייביקייט און אַלמי איז פאַרבליבן אין זיין אַליינשאַפט שוין אַ גאַנץ לעבן. גלייך ווי ער וואָלט זיך אַליין פאַר־משפּט צו לעבנסלענגלעכן עלנט...

זיין סקיץ וועגן פראַדלען פאַרענדיקט זיך מיט אַ פּאָר כאַראַקטעריס־טישע סטראָפן:

היום קצר... די שעהען איילן<br>און אַרבעט איז נאָך דאָ אַ סך!<br>און אָט פאַרלעשן זיך שוין שטראַלן<br>אויפן קרומען דאַך.

לאַנגע שאָטנס לייגן זיך אויף שוועלן,<br>ווי היטער פון דער לעצטער שעה;<br>און דער באַלעבאָס און די געזעלן<br>זיינען שוין נישטאָ.

און ס׳טראַכט זיך איצט: ווען פראַדל וואָלט געלעבט... עס האָט גע־פעלט אין אַלמיס טראַגישע שעהען פראַדלס געטרייע האַנט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳דערמאָן זיך:

בעת כ׳האָב אָנהייב פרילינג 1959 באַזוכט אַלמין אין זיין „קאַוואַלער־סקער" דירה אויף דער 75סטער גאַס אין ניו־יאָרק*), האָט אויף מיר פון אַלע ווינקעלעך געווייעט מיט עלנטקייט. האָב איך אים געפרעגט האַלב אין שפּאַס:

— פאַרוואָס נעמט איר נישט אַריין אין אייער דירה עפּעס אַ פרוי?... האָט איר נישט קיין קאַנדידאַטקע?...

— פאַראַן איינע אַ קאַנדידאַטקע, וואָס קומט צו מיר; אָבער אַריינגע־מען זי אין דער ראָל פון אַ ווייב — האָב איך מורא... כ׳בין זיכער, אַז אין עטלעכע וואָכן אַרום וואָלט איך זיך געפילט נאָך ערגער... איז שוין גלייכער אַזוי ווי עס איז...

כ׳האָב זיך אין דער רגע דערמאָנט אָן פראַדלען און מער שוין נישט גע־רעדט וועגן מיין „שדכנות"...

האָב איך באַוואונדערט מיין חברס גבורה — צו קאָנען לעבן אַליין, ביחידות, ביי זיינע כמעט שוין 70, צו זיין אַזוי פריש אין זיין שרייבערי־שער שעפערישקייט.

און אַזוי שעפעריש איז ער געווען ביזן לעצטן יאָר פון זיין לעבן. שעפעריש און אַמאָל אויך קריגעריש... דער היפּער־עמפּינדלעכער אַלמי האָט נישט געקאָנט פאַרשווייגן קיין עוולות — אין דער געזעלשאַפט און דער עיקר אין אונדזער ליטעראַרישער וועלט — און פלעגט רעאַגירן מיט זיין פען. אין דער פּאָלעמיק איז ער געווען שאַרף און טרעפלעך און זיינע פיילן פלעגן טרעפן אין ציל. די געטראָפענע האָבן אים, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט מוחל זיין. אַזוי האָט ער אַ לאַנגע צייט געפירט אַמאָל מלחמה מיט ד״ר יעקב שאַצקי, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ משפט. בראש פונעם ערן־געריכט איז דעמאָלט געווען ד״ר חיים זשיט־לאָווסקי.

יאָרן־לאַנג איז אויך אָנגעגאַנגען אַ פען־מלחמה צווישן אַלמין און

---

*) זע דעם פינאַל פון דער פּאַריקער עסיי וועגן אַלמין.

— יבדל לחיים — י. ראַפּאָפּאָרטן.ביידן פעלן נישט קיין שאַרפע פיילן, וואָס טרעפן אין פינטל אַריין...

און כאַראַקטעריסטיש: אין אַלמיס ערשטן בריוו צו מיר נאָך זיינע צוויי אָפּעראַציעס שרייבט מיר אַלמי צווישן אַנד:

...„גראָד בעת איך האָב זיך געראַנגלט אין די ערגסטע פיזישע און גייסטיקע יסורים, האָט זיך ראַפּאָפּאָרט אויף מיר אַרויפגעוואָרפן און דאָ אָן אַנדערער — אין זשורנאַל „אויפן שוועל״...

ראַפּאָפּאָרט, אין ווייטן מעלבורן, האָט אוודאי נישט געוווסט, אַז אַלמי איז שווער קראַנק. ווען ער וויס עס, וואָלט ער מסתמא געווען אַ דזשענטעלמען און נישט געצילט צו אַ קעגנער, וואָס ליגט...

אין זיינע פאַרצייכענישן „נחת און צער צו 60 און 65״ שרייבט אַלמי:

„אַלע באַמיִונגען אויפצוּנעמען סטאָיִש די סביבה, זאַכן, געשעענישן און אַפילו די גרעסטע עוולות קעגן מיר און לעבן רויִק, אין שלום מיט זיך און מיטן אַרום — זיינען אַרויסגעוואָרפן״.

און אַזוי האָט אַלמי, אין זיין אייביקן אומרו, געפירט מלחמה מיט דער וועלט. אַ מלחמה קעגן אַלערליי עוולות פון וואַנען זיי זאָלן נישט שטאַמען. אַ מלחמה דורך בייסיקער פּאָלעמיק, דורך שאַרפער קריטיק, דורך הומאָר און סאַטירע. אים זיינען אייגן געווען אַלע זשאַנערן — פון פילאָסאָפישן עסיי, עכטער ליריק ביז לייכטן שאַרזש אין פערז. אין זיין ליטעראַרישן עזבון האָבן מיר, פון איין זייט, אַזעלכע וואָגיקע ביכער ווי: „מענטשן און אידייען״, „קריטיק און פּאָלעמיק״, „די רייד פון בודאַ״, „די צווייטע עקסיסטענץ״, „מענטש און וועלט״, „ביי די ראַנדן״, „פאַר די ליכט״, „לעצטע געזאַנגען״, „אין געראַנגל פון אידייען״, „חשבון און סך־הכל״ און אַנד. און, פון דער דער צווייטער זייט, זאַמלונגען פון לייכטע פעליעטאָנען אין פּראָזע און פערז, ווי: „אין עליאַשס קיניגרייך״, „פּאַראָדיעס״, „הומאָרעסקעס און שאַרזשן״, „ווען ס׳גלוסט זיך מיר לאַכן״.

אַלמי איז אין זיינע זשאַנערן געשווומען ווי אַ פיש אין וואַסער. ער האָט לייכט געקאָנט איבערגיין פון איין זשאַנער אין אַ צווייטן, פון שווער־וואָגיקער טעמאַטיק אין לייכטן טאָן, אין גראָטעסק. דאָס איז פאַר אים געווען אַ מין „אָנטשפּאַנונג״. אָט פאַלט אים גאָר איין אַ שפּיצל, וואָס איז געוואָרן די סענסאַציע פון טאָג: ער שיקט אַוועק אין דער קאָמוניסטישער „מאָרגן־פרייהייט״ אַ לידל „דער שונא״, אַן אַקראָסטיך, וואָס אַז מען לייענט די ערשטע אותיות פון די שורות פון אויבן־אַראָפּ, באַקומט זיך: „סטאַלין

רוצח". אַלמי האָט דאָס לידל אונטערגעשריבן מיט אַן אויסגעטראַכטן נאָמען פון דער הפטורה. דאָס ליד ווערט אָפּגעדרוקט. בלויז אַ צוויי־דריי פריינד אַלמיס האָבן געוווּסט דערפון און — ס'דערגייט צו דער יידישער פּרעסע. ס'ווערט דער וויץ פון דער וואָך. אַפילו די „ניו־יאָרק טיימס" כאַפּט עס אויף. אויך די פּרעסע אין איראָפּע און ישראל. די גאַנצע ליבעראַלע רוסישע פּרעסע אין עמיגראַציע איז פול דערמיט.

דעם דאָזיקן קוריאָז דערציילט אַלמי אַליין אין זיין בוך „חשבון און סך־הכל" (ז' 233). און אין אַ שעה פון איינזאַמקייט און באַדאַכטונג פּלאָגט אים די שווערע סוגיא: „וואָס פאַר אַ מאָדנער פּלאַנטער איז עס פאַרט אין מיר — אָט דער כסדרדיקער געראַנגל צווישן אַלערליי כוחות, וואָס אַמאָל האָט 'דער כוח די אויבערהאַנט און אַמאָל אַן אַנדער כוח?"

א. אַלמי — אַ קינד פון דער וואַרשעווער אָרעמשאַפט — איז אַרויס פון זיין היים אַן שול און אָן בילדונג; אָבער ער האָט אַליין באַוויזן, ווי אַן אויטאָדידאַקט, צו דערוווערבן אַ סך וויסן און איז אויסגעוואַקסן אַן ערודיט און דענקער, וואָס האָט געקאָנט אַריינדרינגען אין די קולטור־אוצרות פון דער וועלט. אַן עדות זיינען זיינע פילצאָליקע ווערק פון נישט דורכשניט־לעכן ווערט.

און אַזוי איז אַוועק פון אונדז — „מיט אַ קלאַפּ מיט דער טיר" — דער איינזאַמסטער פון אונדזערע שרייבער. דער איינזאַמסטער, אָבער איינער פון אונדזערע שעפערישסטע פּען־מענטשן. ער וואָלט נאָך געקאָנט לעבן און שאַפן ווען ס'וואָלט געווען מער ליכט, מער ליבע און וואַרעמקייט אַרום אונדז...

***

לאָמיר פאַרענדיקן מיט אַלמיס אַ ליד. אַ ליד וועגן זיין אייגענער לוויה, וואָס דער איינזאַמסטער דיכטער האָט אויסגעחלומט:

## לוויה

איך גיי נאָך מיין אייגענער לוויה
און לופטיק און ווינטיק־גרינג איז מיין שפּאַן;
מיטן ניגון פון אמר אביי
ווייַנט אַן אומבאַקאַנטער מאַן.

די גאַסן ווי וואָלקנס רויך און נעפּל,
גיסן זיך צונויף מיט הימלישן סטעפּ;

די זון — אַ גרויסער גאָלדענער עפּל —
וויגט זיך, וויגט זיך איבער קעפּ.

קעפּ צינדן זיך אָן אין לעצטן פלאַקער,
פעלד לויפט אַנטקעגן, געשאָכטן, רויט;
אין ווייטן ווו — אַ מאַן מיט אַן אַקער
פאַרפלאַנצט קערנער — פרישן טויט.

מויערן לעשן זיך אויס, ווי ליכטער
און ס׳פאַרלעשט זיך אויך דער פרעמדער געוויין;
אין רויך צערינען טריט און געזיכטער
און לופטיק שפּאַן איך אַליין.

ב. איירעס, אָקטאָבער 1963

# דער אײביק-אײנזאַמער ז. סעגאַלאָוויטש

אין אײנעם אַ טריבן טאָג פון 1949 האָט אונדזער ליטעראַטור פאַר־לוירן אײנעם פון אירע פראָדוקטיװסטע שעפער — ז. סעגאַלאָװיטשן. אויף אַ ניו־יאָרקער יידישן בית־עולם האָט דער אײביק אײנזאַמער סעגאַלאָװיטש אין זײנע װאָגל־יאָרן געפונען זײן לעצטן אַזיל.

סעגאַלאָװיטש איז געװען אײנער פון אונדזערע פּאָפּולערסטע, שעפע־רישסטע שריפטשטעלער. דער מחבר פון עטלעכע צענדליק ביכער. אײנער פון די אַממערסטן געלײענטע. דער צװײ־זשאַנערדיקער שעפער — אין ליד און אין פּראָזע. אים איז געװען אײגן סײ דער ראָמאַן, סײ די קורצע נאָװעלע, סײ דאָס ליד. אין זײן גרויסן ליטעראַרישן עזבון האָבן מיר אַלע זײנע זשאַנערן.

סעגאַלאָװיטש איז דורך און דורך ראָמאַנטיקער, ליריקער — אַפילו אין זײן פּראָזע. אין אַלע זײנע שאַפונגען פילן מיר אים אַלײן, דעם „איך" פון מחבר. כמעט אין יעדער נאָװעלע, כמעט אין יעדן ראָמאַן זײנעם זעען מיר אים, פילן מיר אים װי דעם הויפּט־העלד — אָפן אָדער „אינקאָגניטאָ". ער שװימט אויף ממש פערזענלעך. דערפאַר איז סעגאַלאָװיטשן שטענדיק פרעמד געװען אין זײן פּראָזע דער עפּישער עלעמענט. אַן אילוסטראַציע דערצו זײנען זײנע פּראָזע־װערק: „קרימער נעכט", „ראָמאַנטישע יאָרן", „איך, זי און ער", „אײביק אײנזאַם", „אונדזער פרוי" און אַנד. און אװדאי און אװדאי זײנע לעצטע ביכער „געברענטע טריט" און „מײנע זיבן יאָר אין תל־אָביב", װאָס זײנען אײגנטלעך נאָר קינסטלערישע רעפּאָרטאַזשן פון זײנע װאַנדערונגען זינט דעם אויסברוך פון דער צװײטער װעלט־מלחמה.

אין דער דיכטונג איז סעגאַלאָװיטש על אחת כמה וכמה בײ זיך אין דער היים. זײן גאַנצע דיכטערישע שאַפונג איז כולו ליריק. דאָס זעט איר און פילט, בעת איר בלעטערט זײנע לידער־זאַמלונגען „שטילע טרוימען" (אגב: זײן ערשט בוך), „סטרונעס", „קאַפּריזן"; זײנע פּאָעמעס „אין קאַז־

מיעזש״, „רעגינע״ און אַנד. דאָס זעלבע קאָן געזאָגט ווערן וואָס שייך סעגאַלאָוויטשעס שאַפונגען פון נאָכן חורבן, ווי: „דאָרטן״, „בישטאָ״, „טרע־בלינקע״ און אַנד. פון אַלע זיינע לידער און פּאָעמעס ווייעט אויף אונדז דער אָטעם פון אַ צאַרטן ליריקער.

און סעגאַלאָוויטש דער ראָמאַנטיקער איז תמיד געבליבן טריי זיך אַליין. תמיד געגאַנגען אין דער ליטעראַטור זיין אייגענעם וועג. ס׳איז זיין פערז פרעמד געווען יעדע עקסטראַוואַגאַנץ, יעדע קינסטלעכע פּאָזע. ער האָט נישט געגראָבן צו טיף און נישט געפלויגן צו הויך. און ווען אין די צוואַנציקער יאָרן פון אונדזער אויסטערלישן יאָרהונדערט האָט זיך אין דער יידישער דיכטונג צעקלונגען און צערוישט די „כאַליאַסטרע״ מיט פּרץ מאַרקישן אין דער שפּיץ; ווען ס׳האָט אַ וויינע געטאָן מיט נאָכגעקייטער „מאַיאַקאָווסקישינאַ״ און ס׳האָט זיך אַ וויז געטאָן דער נאָכגעקרימטער פוטוריזם מיטן „צילינדער אויף די פיס״ — אין יענע טעג האָט סעגאַלאָ־וויטש געהאַט אויסצושטיין אַ סך, אַ סך עגמת־נפשן. מען האָט אים דעמאָלט פאַרשריִען ווי אַן אָפּגעשטאַנענעם, ווי אַ רעאַקציאָנער אין דער פּאָרעם, ווי אַ דיכטער אַן עובר בטל. סעגאַלאָוויטש האָט זיך מיט ווייטאָג צוגעקוקט צו יענער וואַקכאַנאַליע אין דער יידישער דיכטונג; צוגעקוקט זיך האַלב־פאַרלוירן צו די ווילדע, שלא־כדרכודיקע עקספּערימענטן איבערן אָרעמען יידישן פערז — און ווייטער טריי געגאַנגען זיין אייגענעם שליאַך, אָן אַ זייט פונעם טומלדיקן און פוסטן יאַריד.

סעגאַלאָוויטש האָט דעמאָלט געזונגען, ווי תמיד, ביחידות:

לייגט מיר נישט קיין שטיינער
אויף מיינע שטילע וועגן.
כ׳וועל סיי־ווי ווייטער גיין
אויף מיינע שטילע וועגן.

איך בין אַן אַלטער וואַנדערער
און האָב אַליין אין שאָטן
דעם תהילים פון מיין לעבן
פאַר זיך אַליין געדאַוונט...

(„קאפּריזן״)

און אין מינוטן פון פאַרביטערונג האָבן זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט אַזעלכע שורות:

אין אונדזער טעמפּל קומען אָפּטער אַלץ אַריין פּיגליאַרן
מיט קונצנמאַכעריי און מיט געשריי.
זיי קרימען זיך פּאַיאַציש, ברעכן זיך און נאַרן,
דער עולם גייט זיי נאָך, דער עולם גייט מיט זיי.

זיי שרייען הויך און אומעטום, זיי ווילן שטענדיק איבערצייגן,
אַז זיי אַליין זיינען באַרופן און געבענטשט פון גאָט:
די נאָכקרימערס! וואָס פרעמד איז זיי די הייליקייט פון שווייגן,
וואָס קאָנען שטאָלץ נישט זיין מיט זיך אין שכינה־סוד.

דער לעצטער פון פּאַרנאַס באַהאַלט זיך אין זיין טאָגע
און גנבעט זיך אַראָפּ אין שאָטן און אין נאַכט.
זשאָנגלערן! זאָל אייך וויל באַקומען אייער חגא,
איר לעבט אַליין זיך אָפּ אין אייער פאַלשער מאַכט.

(„קאַפּריזן")

און דערפאַר טאַקע וויל סעגאַלאָוויטש איז תמיד געגאַנגען זיין אייגע־נעם, נאַטירלעכן וועג פון אַ שרייבער, אָן אָפּנייגן און „נענועים" אויף רעכטס אָדער לינקס, האָט ער שעפּעריש אַ סך דערגרייכט און איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער ביי דעם יידישן מאַסן־לייענער צווישן ביידע וועלט־מלחמות. ביי דעם לייענער און נאָך מער ביי דער לייענערין. ער איז סיי מיט זיין טעמאַטיק, סיי מיט זיין סטיל געווען צוגענגלעך פאַר אַלעמען, פאַרשטענד־לעך און נאָנט — אפילו פאַרן פּרימיטיוון לייענער.

סעגאַלאָוויטש!

אַ געשטאַלט, וואָס רופט אַרויס ביי אונדז אַזוי פיל רעמיניסצענצן. ביי אונדז — ביי די, וואָס האָבן זיך אויסגעלעבט אין דער ליטעראַרישער סביבה פון פאַרמלחמהדיקן וואַרשע.

אַמאָליק יידיש וואַרשע!

דאָס יידישע קולטור־לעבן פולסירט. אַ פאַרצווייגטע יידישע פּרעסע מיט אַ 7־8 טאָג־צייטונגען. מאָרגן־צייטונגען און אָוונט־צייטונגען. זשור־נאַלן. ביכער. טאָג־טעגלעך שפּילן 3—4 יידישע טעאַטערן. יידישע קונסט. יידישע מוזיק. אַ ברייט־פאַרצווייגטע נעץ פון יידישע שולן — — — עס דאָמינירט אומעטום דאָס יידישע וואָרט. עס קלינגט דאָס יידישע ליד — — — און אין צענטער פון דער דאָזיקער יידישער גייסטיקייט — טלאָמאַצקיע 13. דאָס „מעקאַ" פון יידישן שרייבער, פון דער יידישער ליטע־ראַטור. טלאָמאַצקיע 13 — און, פאַרשטייט זיך, סעגאַלאָוויטש! סעגאַלאָוויטש איז געווען אַריינגעוואָקסן אין יענע דלד אמות. ער האָט זיך דאָרט געפילט

פאַרוואָרצלט, מעשה־באַלעבאָס — נישט דערפאַר ווייל ער איז פּילמאָליק געווײלט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון ליטעראַטן־ פאַראיין, נאָר דערפאַר, ווייל הינטער די ווענט פון טלאָמאַצקיע 13 האָט אַ ייִדישער שרייבער געפילט פאָלק, ייִדיש פאָלק. דערפאַר, ווייל אויך מחוץ דעם שרייבער איז אָנגעגאַנגען אַ פּערמאַנענטער פּראָצעס פון ייִדישן שאַפן, האָט זיך געוועבט אַ ייִדיש קולטור־לעבן. עס האָט אַ שרייבער געפילט דעם וואַרעמען אָטעם פון אַ ייִדישער מאַסע, וואָס האָט אים דערמוטיקט און באַפליגלט...

מיט וואַסער ליבע און פאַרכאַפּטן אָטעם פלעגן ייִדישע שרייבער אָבסערווירן דעם ערשטן מאַי פונעם טלאָמאַצקיע־באַלקאָן די צוגן פון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען (אגב: טייל שרייבער פלעגן אַליין גיין אין די דאָזיקע רייען). דער ייִדישער שרייבער האָט אין זיי געזען אַ פרײדיקע,



אַ פאַרוואַלטונג פון ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין וואַרשע

פון רעכטס צו לינקס: אין ערשטער ריי: **מ. קיפּניס, ז. סעגאַלאָוויטש;** צווייטע ריי: **א. איינהאָרן, ב. קאַרלינסקי, ש. יאַנאָווסקי, ב. שעפנער, ד״ר יצחק שיפּער, א. גאָלדבערג, סעקרעטאַר געלבערג, אברהם זאַק, בערנאַרד זינגער.** דריטע ריי, אויבן: **ש. וואַגמאַן.**

טריומפירנדיקע דעפילאַדע. דאָס איז פאָלק, דאָס איז אונדזער קולטור, דאָס זיינען אונדזערע טרייע לייענער...

סעגאַלאָוויטש אויף טלאָמאַצקיע 13 — דאָס האַרץ און די נשמה פון ליטעראַטן־פאַראיין. וויפל זאָרג, וויפל צייט און מי פלעגט ער אָפּגעבן אונדזער ליטעראַרישער היים. געזאָרגט, אַז אין אונדזער סביבה זאָל זיין געמיטלעך און עסטעטיש. אויף אַלץ געהאַט אַ וואַך אויג: אויף די ווענט, אויף די בילדער און שאַרזשן, אויף דער זויבערקייט פון דער פּאָדלאָגע, אויף דעם פּאַטעפאָן און אפילו אויף דער דיקער, פוילער מיוחסת פון פאַראיין — די קאַץ „פּיפּי"... (ווי סעגאַלאָוויטש האָט איר אַ נאָמען געגעבן). אגב, איז דעם דאָזיקן באַשעפעניש באַשערט געווען צו ווערן „פאַראייביקט" ווי אַ כאַראַקטעריסטישער דעטאַל אין פיל שאַרזשן פון אונדזערע מאָלער אויף לאָקאַלע היימישע טעמעס.

שטענדיק, ווען איר פלעגט אַריינקומען אין פאַראיינס־לאָקאַל, פלעגט זיך אַרויסזען און אויסטיילן סעגאַלאָוויטשעס פיגור מיט דער ליולקע אין מויל. שטענדיק עלעגאַנט, זויבער, מיט דער פיינער בוטאָניערע און פיינ־שמעקערישן זיידענעם קראַוואַט. שטענדיק איז ער געווען אויבן־אָן — סיי אויף ליטעראַרישע אימפּרעזעס, סיי אויף רעפּרעזענטאַנץ־אָוונטן און סיי אויף די פּריטיק־צו־נאַכטיקע לייכטע פאַמיליע־אָוונטן פאַר מיטגלידער און פאַרבעטענע געסט. אויף די דאָזיקע פאַרוויילונגס־אָוונטן פלעגט טעטיק זיין דער פאַטעפאָן. סעגאַלאָוויטש אַליין פלעגט טוישן די פּלאַטן. זיין הויכע, שלאַנקע פיגור פלעגט זיך ביי די טאַנגאָס שטאַרק אַרויסהויבן איבער זיין פאַרטנערין. (די דעמאָלטיקע „טאַנצאָמאַניע" פון אַרום האָט אויך אַריינגע־דרונגען אין אונדזער „זיבעטער מלוכה").

**
*

כדאי דאָ צו מאַכן אַ קליינע דיגרעסיע, וואָס וועט וואַרפן אַ ביסל שיין אויף סעגאַלאָוויטשעס פּערזענלעך לעבן:

סעגאַלאָוויטש האָט געפירט אַ לעבן פון אַ באַהעמיען. דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן — אָן אַ פאַמיליע, אָן היים. זיין צוזאַמענלעבן מיט פרויען האָט נישט צו לאַנג געדויערט. דערפאָלגן האָבן זיך געביטן מיט אַנטוישונ־גען. זיין לענגסטע פאַרבינדונג — ווי אָפיציעלע מאַן־און־ווייב — איז געווען מיט דער אַקטריסע קלאַרע סעגאַלאָוויטש. פון אים טאַקע האָט זי איר בינע־נאָמען באַקומען. אָבער די דאָזיקע ליבע זיינע האָט אים

לסוף פאַרשאַפט נישט וויינק צרות און עגמת־נפש. קלאַרע איז געווען צו עקסצענטריש. זי האָט זיך צו לאַנג נישט געקאָנט האַלטן ביי איין מאַן. אויך סעגאַלאָוויטש איז געווען איר צווייטער מאַן. נו, איז שפּעטער אויך מיט אים, מיט סעגאַלאָוויטשן, געקומען צו אַ ריס. צו אַ גט. קלאַרע ווערט נאָך דעם די פרוי פון באַקאַנטן בונדישן עסקן שלמה מענדעלסאָן. מענדעלסאָן האָט זי נאָך וויניקער צייט געקאָנט בינדן צו זיך. איר לעצטער מאַן איז געווען איינער פון די „דזשאָינט"־דירעקטאָרן אין וואַרשע — נוישטאַט. אָבער דאָ האָט זיך אָנגערוקט די טראַגישע היטלער־צייט. דער „דזשאָינט" איז די ערשטע חדשים נאָך טעטיק געווען אין וואַרשע. דער „דזשאָינט"־לאָקאַל אויף לעשנאָ 13 איז געוואָרן אַ מין טרעפפונגס־פּונקט פאַר שרייבער, אַקטיאָרן, קינסטלער. דער נייער לאָקאַל פון ליטעראַטן־פאַראיין אויף גראַניטשנע 11 איז בעת דער דייטשער אינוואַזיע פאַרברענט געוואָרן. געדענק איך: איין טאָג, אַז כ'בין אַרויפגעקומען אין „דזשאָינט", האָב איך דאָרט געטראָפן קלאַרען אין דער ראָל פון אַ באַאַמטין. זי איז געווען פאַרפאָרעט מיט אַרויסגעבן מלבושים פאַר די פּליטים, וואָס זיינען מחמת סכנה אַנטלאָפן פון די פּראָווינץ־שטעטלעך נאַקעט און בלויז.

כ'בין געשטאַנען מיט נאָך אַ פּאָר שרייבער — מיט דעם שפּעטערדיקן קדוש, דעם דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן און דעם העברעיִשן שרייבער־פּעדאַגאָג יצחק בערקמאַן — און מיר האָבן קאָמענטירט די גרויסע באַוועגונג אין „דזשאָינט". קלאַרע פלעגט פון צייט צו צייט פאַרבייאיילן צו אַן אַנדער צימער און אין איר איילעניש דאָך נישט פאַרפעלט אונדז צוצוואַרפן אַ וואָרט, אַן אומעטיקן שמייכל.

— ווי קומט דאָ קלאַרע? — פרעגט קאַצענעלסאָן.

קאַצענעלסאָן, וואָס האָט מיט געציילטע וואָכן צוריק געהאַט פאַרלאָזט זיין לאָדזש, איז נישט געווען באַהאַונט אין די וואַרשעווער ליטעראַרישע הינטער־קוליסן. גיי דערצייל אים אַ מעשה... זאָג איך אים נאָר:

— עס אַרבעט דאָ איצט נאָך אַן אַקטיאָר — יאָנאַס טורקאָוו. עס אַרבעטן דאָ אויך די שרייבער ד"ר מיכאל וויכערט, ד"ר יוסף קרוק. די לענטע פון „דזשאָינט" אויפן אַרבל: „סאָציאַלע פאַרזאָרגונג" ראַטעוועט דערווייל פון די „לאַפּאַנקעס" *) אויף די גאַסן.

די שיינע רייצנדיקע קלאַרע סעגאַלאָוויטש האָט זיך אַפילו אין יענע

*) דאָס כאַפּן דורך די דייטשן אויף אַרבעט.

טרויעריקע טעג אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע פרויען מיט איר אָנטאָן זיך, מיט איר „שיק". אַזוי אויך שפּעטער אין געטאָ — ווי עס דערציילט מיר דאָ איצט אַ ניצול־געוואָרענע פון וואַרשעווער געטאָ. איר סוף איז אַלע־איינס געווען אַ טראַגישער: ווי איינע פון די קרבנות פון דער אַפּערע מיט פרעמדע פּעסער איז זי שפּעטער דורך דער „געסטאַפּאָ" דערשאָסן גע־וואָרן אויפן הויף פון וואַרשעווער „פּאַוויאַק".

און צו דער דאָזיקער קלאַרען האָט סעגאַלאָוויטש אַ סך לידער געשריבן. און נישט נאָר לידער. אין זיין ראָמאַן „אונדזער פרוי" איז קלאַרע (אונטער אַן אַנדער נאָמען, פאַרשטייט זיך) די הויפּט־העלדין. אַזוי טיף האָט זי באַהערשט זיין דיכטעריש געמיט. און נאָכן פאַרלירן זי איז אויף לאַנג, לאַנג זיין מוזע באַטריבט געווען...

אין רגעס פון זיין געפּאַנגענשאַפט ביי איר האָט ער אין זיין אָביעקט געזען ווי אַ כישוף פון לילית און ער האָט געשריבן אַזעלכע היפּער־סענסי־טיווע פערזן:

> היינט בין איך, לילית, ביי דיר אין די הענט...  
> פּייער דיין זיג ווי דו ווילסט, ווי דו קענסט.  
> איך האָב אַליין זיך דיין ווילן פאַרשקלאַפט —  
> וואָס איז מיין שטאָלץ היינט, וואָס איז מיין קראַפט?



עס פלעגן קאָלעגן האָבן טענות צו סעגאַלאָוויטשן צוליב אַ געוויסער שוואַכקייט זיינער — עגאָצענטרישקייט. ער האָט צופיל געזען אין דער ליטעראַטור נאָר זיך און צופיל גערעדט וועגן זיך (אגב אורחא: ער איז אין דער היינזיכט נישט געווען דער איינציקער...). דער קנאת סופרים, וואָס איז נאַטירלעך כמעט ביי יעדן שרייבער, איז ביי אים אָבער געווען צו פיל צוגעשפּיצט און איז אָפט דערגאַנגען ביז היפּערעמפּינדלעכקייט. אויף דעם באָדן איז מן הסתם געווען דער אָפטער רוגז זיינער אויף נאָמבערגן, אויף אַשן און אויף נאָך אַנדערע שרייבער. אָבער אין גרונט האָט ער ליב געהאַט די ליטעראַרישע משפחה און איז מיט איר תמיד פאַרקניפּט און פאַרבונדן געווען — אינקלוסיווּ אפילו די יעניקע שרייבער, מיט וועלכע ער פלעגט פון צייט צו צייט פירן אַ ברוגז. אַזוי טרעפט עס אויך אין יעדער פּריוואַ־טער משפחה, אַז מען צעווערטלט זיך אַמאָל; אָבער משפחה־בלוט לאָזט

פּאָרט נישט אויסוואָרצלען די סענטימענטן, די צוגעבונדנקייט, די גע־טריישאַפט און אהבת נפש.

איך דערמאָן זיך ווי אַן אילוסטראַציע:

אויף די פּאַרוואַלטונגס־זיצונגען אויף טלאָמאַצקיע 13 בין איך נישט איין מאָל געווען אַן עדות פון אַ ברוגזן ווערטער־אויסטויש צווישן נאָמ־בערגן און סעגאַלאָוויטשן. נאָמבערג, ווי אַ מענטש, וואָס האָט געקאָנט זיין אומצופרידן פון זיך אַליין, האָט סעגאַלאָוויטשן נישט געקאָנט מוחל זיין די פּאַרליבטקייט אין זיך גופא, און סעגאַלאָוויטש ווידער האָט נישט סובל געווען נאָמבערגס סקעפּטיציזם און ביטול. און דאָס איז געווען די פּאַקטישע סיבה, וועלכע פלעגט פון צייט־צו־צייט ברענגען צו אַ שאַרפערן טאָן אין זייער רעפּליק — אַפילו בעת עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן סתם פאַר־שיידענע פאַראיינס־ענינים.

איך דערמאָן זיך אָבער אויך אַ גאָר אַנדער מאָמענט — אַ מאָמענט אַ טרויעריקן, וועלכער וואַרפט אַן אַנדער שיין אויף סעגאַלאָוויטשעס באַ־ציונג צו נאָמבערגן:

פון אָטוואָצק האָט מען אויף טלאָמאַצקיע 13 געבראַכט דעם קופערנעם אָרון מיטן פאַרשטאָרבענעם הערש דוד נאָמבערג. און ווי נאָר מ'האָט דעם אָרון אַוועקגעשטעלט אין מיטן פון אין טרויער־דעקאָרירטן זאַל, צווישן טרויער־פּאַלמעס און ברענענדיקע ליכט, איז צוקאָפּנס פונעם אָרון באַלד אויסגעוואָקסן די הויכע, אָבער איינגעבראָכענע, פיגור פון סעגאַלאָוויטשן. מיט אַ ציטערדיקער שטים, וואָס קומט דורך פאַרשטיקטע טרערן, האָט ער דאַן געהאַלטן די ערשטע טרויער־רעדע ביי דעם טויטן נאָמבערג. איך געדענק: דאָס זיינען נישט געווען קיין אָפיציעלע רייד, קיין קאַלט־קלינגענ־דיקע טראַפאַרעטן — דאָס האָט דעמאָלט גערעדט אַ טיף־דערשיטערטער מענטש, מיט אויפריכטיקער ליבע און מיט אויפריכטיקן טרויער — — —

***

סעגאַלאָוויטשעס טראַגעדיע הייבט זיך אָן אין 1939.

עס קומט פאַר אים — ווי פאַר אַ סך אַנדערע, ווי פאַר אונדז אַלעמען — די צייט פון די „געברענטע טריט", דער נע ונד, די אויסגעוואָרצלטקייט, די טאָטאַלע פאַרניכטונג פון פּוילישן ייִדנטום. עס ווערט אָפּגעמעקט דער קערנדיקסטער טייל פון פאָלק. עס פאַרשווינדט דער ייִדישער מאַסן־לייע־נער — סעגאַלאָוויטשעס לייענער און, אייגנטלעך, אונדזערע אַלעמענס

לייענער. סעגאַלאָוויטש לעבט איבער דעם גרויסן חורבן פון דער ווייט.
אָבער ווי ער אַליין קלאָגט אין זיין ליד:

די טויטע וועלט איז ביי מיין פענצטער,
די מתים זיצן אויף די שוועלן...

עס ברעכט אים איין פיזיש און גייסטיק. זיינע לעצטע אַרבעטן זיינען
איין פיינלעכער וויי־געשריי אויף דעם גרויסן „נישטאָ", אויף דעם חרובן
„דאָרטן" און דעם חרובן „נעכטן" — — — זיין געמיט איז אין גאַנצן
איינגעקנאָטן אינעם „מאַידאַנעק־אַש". דאָס זיינען אויך זיינע לעצטע
אַקאָרדן.

מאַידאַנעק־אַש האָט אַלץ פאַרשאָטן,
פאַרדעקט מיין גאַנצן לעבנס־קרייז.
מאַידאַנעק־אַש איז איינגעקנאָטן
אין מיין געמיט און אין מיין שפּייז.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ז. סעגאַלאָוויטש געהערט צו די, וואָס גייען דורך דאָס לעבן „אייביק
איינזאַם" — און איינזאַם איז אויך זייער טויט. אין דעם גרויסן רוישיקן
ניו־יאָרק איז סעגאַלאָוויטש אויסגעגאַנגען אַן איינזאַמער, אַן עלנטער —
מיט דעם גרויסן ווייטאָג און מיט דעם טיפן טרויער נאָכן „אויסגעהרגעטן
פאָלק" — — —

# אַראָפּגעפאַלן די קרוין...

נישט איין יידישער שרייבער האָט ביי דער טרויעריקער בשורה וועגן ה. לייוויקס טויט אַ טראַכט געטאָן:

„אַראָפּגעפאַלן די קרוין פון דער יידישער ליטעראַטור"...

און אין דער אמתן: אין אונדזערע טעג — נאָך דעם ווי דער טויט האָט אַרויסגעריסן (דורך חורבן, דורך גזרה, דורך בלוטיקער האַק און אויף אַ נאַטירלעכן אופן) אַזוי פיל שיינגייסטער פון אונדזער ליטעראַטור — איז לייוויק געווען דער ציר, דאָס שיינדל, מיט וואָס מיר האָבן זיך געגרויסט.

לייוויק איז געווען אַחוץ גרויסער פּאָעט און דראַמאַטורג אויך — פערזענלעכקייט. די ליטעראַרישע פערזענלעכקייט און לויטערער מענטש, צו וועמען עס האָבן זיך תמיד געווענדט די בליקן סיי פון שרייבער, סיי פון לייענער. זיין מאַיעסטעטישער שניי־ווייסער קאָפּ, זיין איןליידן אויסגעפּרוווט און געלייטערט וואָרט האָט געוועקט פּיעטעט, דרך ארץ. פון לייוויקן האָט תמיד עמאַנירט, אַרויסגעשטראַלט געטריישאַפט, ליבשאַפט צום יידישן קינסטלערישן וואָרט; צו יידיש לעבן און לשון, צו יידישער שעפערישקייט. און דאָס האָט געפילט סיי יחיד, סיי כלל. צום בולטסטן האָבן מיר עס געזען בעת לייוויקס אַרויסטריט אויף דעם אידעאָלאָגישן קאָנגרעס אין ירושלים. וויפל שטאָלץ און מאַיעסטעטישקייט אין זיין האַלטונג, אין זיין פּאַטעטישן וואָרט! פון אים האָט אַרויסגערעדט דורותדיק יידיש לעבן, דורותדיקע יידישע קולטור, די דערהויבנקייט פון אַ ליטעראַטור, וועמעס ווירדיקער פאַרטרעטער ער איז געווען. עס האָבן עס געזען און געהערט מיט גרעסטן דרך ארץ סיי חסידים און פאַרערער, סיי פאַנאַטישע קעגנער פון אַלדאָס שיינעם און שעפערישן, וואָס שטאַמט פונעם גלות... לייוויקס וואָרט האָט אַלעמען אויפן עיון־קאָנגרעס געבראַכט צו עיון... צו פאַרטראַכטן זיך, צו פאַרטיפן זיך, צו באַזינען זיך... דער רע־

זאַנאַנס פון לייוויקס ווירדיקן אַרויסטריט אין ירושלים איז אַוועק איבער אַלע ייִדישע צעשפּרייטקייטן.

ווייל לייוויקס וואָרט איז תמיד געווען אָנגעלאָדן מיט יסורים און ליב־שאַפט; מיט די שענסטע סובסטאַנצן, אַרויסבאַקומענע פון די טיפסטע פאָלקס־קוואַלן. זיין פּאַטאָס איז געווען דורכגעפלאָכטן מיט עקידה־פּלאַם, מיט גאולה־לעכצעניש, מיט פאָלקס־טראַגיזם, מיט קידוש־העם...

לייוויק איז תמיד געשטאַנען אין צענטער פון די גלויביקע עקשנים אין שוץ פון אונדזער פאָלקס־קולטור. ער האָט עס באַטראַכט פאַר זיין שליחות.

אין איינעם פון זיינע עסייען שרייבט ער:

„ווען נישט די עקשנותדיקייט — דאָס אמונהדיקע אַריינטאָן זיך אין די מיסטעריעזע כוחות, וואָס ליגן אין די טיפענישן פון אונדזער גאַנצער פאָלקס־קולטור, וואָלט קיינער פון אונדז — נישט דער פּאָעט, נישט דער לערער, נישט דער טוער — נישט געקאָנט ווי אַ שעפערישער ייִד לעבן אַפילו איין טאָג".

„אין אמתן — איז עס טאַקע נישט וווּנדערלעך? וואָרום טוט נאָר אַ טראַכט: צי זעט ער דען נישט, דער ייִדישער שעפערישער מענטש, אַז אַלץ, סיי אין אַמעריקע און סיי אין דער גאָרער וועלט, איז קעגן אים? צי זעט ער דען נישט די גרויסע אַסימילאַציע־כוואַליעס וואָס שטורעמען אַרום אים און שלאָגן אים איבערן קאָפּ? צי זעט ער דען נישט ווי עס רייסן זיך צו אים די מערדערישע הענט פון טאָטאַליטאַרע פאַלשע אויסלייזער, וואָס האַלטן גרייט פאַר אים טורמעס און פּיין־לאַגערן און כרת־דעקרעטן און שאַרפע מעסערס אַרויסצושניידן אים זיין ייִדישע צונג?"

„און פאַר וואָס זאָלן מיר ריידן נאָר וועגן די סכנות און די שרעקן, וואָס עס וואַרפן אָן אָפענע כרת־דעקרעטן פון אָפענע רשעותדיקע פאַר־טיליקער? צי ווירקן דען נישט אויף אונדז מיט דער זעלבער פיינטלעכקייט — און אַמאָל נאָך אפשר שאַרפער — די נישט־אָפענע, די סימבאָלישע כרת־דעקרעטן, וואָס קומען פון אונדזער אייגענער סביבה? צי ליידט דען נישט אונדזער סענסיוויטעט פון קלעפּ, וואָס מיר קריגן פון זיך אַליין? קלעפּ, וואָס ווען מיר זאָלן זיך לאָזן באַווירקן פון זיי, וואָלטן מיר באַדאַרפט אונטערגיין אין איין רגע".

און לייוויק רופט צו וואַכזאַמקייט:

— „מיר מוזן שטענדיק זיין אויף דער וואַך! און ס'איז גוט וואָס מיר האַלטן אין איין אויפציטערן אין אונדזער וואַכיקייט!"

ס'איז דאָ נישט דאָס אָרט און נישט איצט די צייט אָנצוווייזן ווער איז נאָך פּרצן דער באַרופנסטער שרייבער, וואָס האָט פאַרנומען פּרצעס פּלאַץ. עס גייט דאָ נישט בלויז אין קינסטלערישער גרויסקייט. גרויסע שרייבער, גרויסע וואָרט־מייסטער האָבן מיר געהאַט און האָבן נאָך אויך איצט נישט ווייניק. עס גייט דאָ וועגן דער דעפיניציע פון אַ שרייבער — פערזענלעכקייט.

ווער נאָך ווי לייוויק האָט, נאָך פּרצן, באַוויזן צו שאַפן אַרום זיך סביבה? אַזאַ באַציונג צו זיך מצד דער געזעלשאַפט און דער עיקר אויך מצד שרייבער? צו וועמען נאָך אַזאַ פאַרערונג, אַזאַ ליבשאַפט, אַזאַ פּיעטעט מצד דער מאַסע, מצד פאָלק?

לייוויק האָט באַזעסן אַלע אַטריבוטן פון אַ שרייבער־פּערזענלעכקייט.

לייוויק האָט אָנגעהייבן מיט פּיין און ליידן פאַר אידעאַל, פאַר פאָלק; מיט תפיסה און קאַטאָרגע, מיט סיביר; און די דאָזיקע קדושה פון יסורים גייט דורך ווי אַ רויטער פאָדים דורך זיינע לידער און דראַמען אין משך פון זיין גאַנצן שאַפונגס־וועג; דורך אַלע זיינע גאולה־זוכענישן און ראַנגלעניש. לייוויק האָט תמיד מיטגעפיבערט מיט פאָלק אין אַלע זיינע נסיונות. און כאָטש לייוויק איז „אין טרעבלינקע נישט געווען", האָבן יענע שוידערן, יענע מאַקאַברישע קאָשמאַרן געפונען דעם טיפסטן און פיינפולסטן אויסדרוק אין די שאַפונגען זיינע פון דער שוואַרצער היטלער־תקופה. ער האָט שטענדיק געלעבט און געאָטעמט מיט פאָלק, געזונגען פאַר פאָלק און געווען דער מקונן פון „אויסגעהרגעטן פאָלק" אין דער משוגע־געוואָרענער וועלט...

***

נישטאָ שוין מער לייוויק. עס באַוויינט אים פאָלק. עס באַוויינען אים שרייבער אין ניו־יאָרק ווי אין דער ברייטער וועלט. ער וועט אַלעמען פעלן. עס בלייבט נאָך אים אַ פּאַריתומטקייט אין אַ סך, אַ סך הערצער. שרייבער האָבן אים ליב געהאַט, פונקט ווי ער האָט ליב געהאַט דעם שרייבערישן כלל. עס איז געווען אַ קעגנזייטיקע ליבשאַפט. שרייבער האָבן לייוויקן ליב געהאַט און פאַרערט ווי אַ חבר און ווי אַ גרויסן פּאָעט פון סאַמע אויבן־אָן, ווי אַן אויסדערוויילטן.

דערמאָנט זיך מיר לייוויקס אַ באַזוך אין פּאַריז אין די נאָך־מלחמה־יאָרן.

ווי נאָר לייוויק איז אָנגעקומען אין פּאַריז, איז זיין ערשטער וויזיט געווען אויף גי פּאַטען 9 — דער אַדרעס, וווּ עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן די שרייבער־פּליטים. אים האָט דווקא קודם־כל אַ ציִ געטאָן צו די געליטנסטע, צו די אויסגעפּייניקטע אין די אַלע נע־ונדן... מיר האָבן נישט געוווּסט, אַז לייוויק דאַרף אָנקומען. ס׳איז געווען פאַר אונדז אומגעריכט. ווען מיר ווייסן, וואָלטן מיר אים דאָך זיכער אָפּגעוואַרט אויפן פליפעלד.

ס׳איז געווען פּונקט מיטאָג־צייט אין אונדזער געזעלשאַפטלעכער קיך און מיר האָבן תיכף צונויפגערוקט די טישלעך אין עס־צימער און לייוויק האָט צוזאַמען מיט אונדז געגעסן דעם באַשיידענעם פּליטים־מיטאָג. דער מיטאָג איז אָבער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער שענסטער יום־טובדיקער סעודה. אונדזער פרייד מיטן גרויסן גאַסט איז געווען אין לשער, און אויך לייוויק האָט געשטראַלט ביי אונדזער יום־טובדיקן טיש.

די לייוויק־טעג אין פּאַריז זיינען אַדורכגעגאַנגען פאַר אונדז אין גרעסטער געהויבנקייט. זיין קומען צו אונדז האָט אונדז אַלעמען דערמוטיקט. אַריינגעבלאָזן אַ רוח־חיים אין אונדזערע געמיטער. אין אונדזערע נשמות האָבן דאָך געדריקט אַזוי פיל טרויערן... לייוויקס עפנטלעכע אויפטריטן האָבן צוגעצויגן אַ גאָר גרויסן עולם. דער באַנקעט פאַר אים אין גרויס־אַרטיקן „לוטעציאַ״־סאַלאָן האָט געבראַכט, אַחוץ אַלע פען־מענטשן, די סאַמע פּני פון ייִדישן פּאַריז. לייוויק האָט אין פּאַריז געהאַט אַ ריי מסיבות, אויפנאַמעס: אין דער פעדעראַציע, אין וועלט־קאָנגרעס און אַנדערע; מ׳האָט זיך פאַר לייוויקן אַראָפּגערעדט פון האַרץ ווי פאַר אַ ברודער. מיר האָבן פּונקט דעמאָלט געהאַט שקלא וטריאס מיט דער פעדעראַציע אין שייכות מיט אונדזער ציִטווייליקער „היים״ אויף גי פּאַטען 9 (אינעם ראָטשילד־הויז) און מיר האָבן אויסגענוצט לייוויקס אויטאָריטעט פאַר אַ השתדלות. (כ׳מייד דאָ אויס פּרטים מכח דעם ענין גי פּאַטען — פעדעראַציע, ס׳איז אַ טעמע פאַר־זיך). דער דאָזיקער עפּיזאָד זאָגט אויך עדות וועגן לייוויקס חברישער פּשטותדיקער באַנעמונג צו קאָלעגן־שרייבער, צו זייערע נויטן, זיין איבערגעגעבנקייט צו דער שרייבער־משפּחה אין כלל און אין פּרט. און אַזאַ באַציִונג איז גורם פאַרערונג, ליבשאַפט צו אַן עלטערן שרייבער.

**
*

עס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן מיין באַזוך ביי לייוויקן אין זיין ניו־יאָרקער היים, אָנהייב אַפּריל 1959 (בעתן צווייטן צוזאַמענפאָר פון קולטור־קאָנגרעס).

לייוויק איז שוין דאַן געווען פאַראַליזירט און איז געזעסן, ווי אַ צו־געשמידטער, אין אַ פאָטעל. כ׳בין געקומען אַהין צוזאַמען מיט חנה אויער־באַך — די פרוי פון דיכטער אפרים אויערבאַך, וועמעס גאַסט כ׳בין יענע טעג געווען. חנה איז געווען אַ היימישע ביי די לייוויקס און אַן אָפטע באַ־זוכערין. אין קאָרידאָר האָט אונדז באַגעגנט שרה לייוויק. פון שרהס אומע־טיקן, שטאַרק מידן פנים האָט געוויייעט מיט צער. זי האָט אונדז אַ ווייל פאַרהאַלטן אין פאָדערשטן צימער, גערעדט מיט אונדז בלחש, ווי אין דער שכנות פון אַ שווער קראַנקן. נאָכדעם איז זי אַריין צו לייוויקן אים צו־צוגרייטן צו אונדזער באַזוך.

— איר קאָנט אַריינגיין, — זאָגט זי אונדז, אַרויסקומענדיק פון לייוויקן.

מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם בין איך אַריין צום חולה. דאָס בילד פון לייוויקן אין פאָטעל האָט מיך טיף אַ צופּ געטאָן אין האַרצן: לייוויק איז ווי איינגעשרומפּן און קלענער געוואָרן. זיין ווייסער קאָפּ האָט זיך נאָך בולטער אויסגעטיילט אויף זיינע שמעלער געוואָרענע אַקסלען.

ער האָט מיך באַגעגנט מיט אַן אומעטיקן שמייכל און זיינע אויגן האָבן קרענקלעך געגלאַנצט. ער האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו מיר (די צוויי־טע האַנט, די פאַראַליזירטע, איז געהאַנגען אויף אַ פעטליע) און דערנענ־טערט זיין פנים צו מיר, צום קושן זיך. אין זיין קושן זיך איז געווען אַזוי פיל הילפלאָזיקייט, אַזוי פיל פאַרשטיקטער וויי... ס׳איז קענטיק געווען אין קראַנקן אַ היפּערגערירטקייט, וואָס קאָלעגן קומען צו אים, אין זיין אָפּגע־גרעניצטער, אָפּגעהתמעטער מחיצה. פון דער גאַנצער ליכטיקער וועלט זיינען אים נאָר געבליבן די דלד אמות, דער פאָטעל, דער תפיסה־פאָטעל... לייוויק האָט אין די רגעס אויסגעזען אין מיינע אויגן ווי אַן אונטערגעשאָ־סענער אָדלער. אַן אָדלער מיט איינגעבראָכענע פליגל, וואָס קאָנען שוין נישט פליען... וואָס האָט פאַרלוירן די עטערשע בלויקייטן... די הימלען...

אין די ערשטע רגעס נעבן לייוויקן בין איך געווען שטום. שטום פון פאַרלוירנקייט, פון פאַרקלעמונג. לייוויק האָט אָבער מיך גענומען פרעגן, אַן קלאַנגען, מיט די בליקן, מיט באַוועגונגען פון דער איינציקער באַוועג־לעכער האַנט. און כ׳האָב פאַרשטאַנען זיין שפּראַך: „נו, רייד, דערצייל... דערצייל עפּעס פון דער לעבעדיקער וועלט“... האָב איך זיך גלייך אָריענ־

טירט, אַז איך דאַרף טאַקע ריידן, דערציילן. אַז ער נעמט אויף און פאַר־שטייט אַלץ, וואָס מ׳רעדט צו אים. האָב איך זיך צערעדט. בכוונה זיך צערעדט מיט „ניין מאָס רייד" ממש... רייד, וואָס זיינען מיר נאָר אונטער־געקומען:

— כ׳האָב אייך געבראַכט אַ סך גרוסן פון בוענאָס־איירעס... פון קאָלעגן־שרייבער, פון דער גאַנצער שרייבער־משפּחה...

לייוויק שאָקלט מיטן קאָפּ און שמייכלט מיט גלאַנציקע אויגן.

איך רייד ווייטער:

— דאָס יִדישע בוענאָס־איירעס וואַרט, איר זאָלט וואָס שנעלער גע־זונט ווערן. ווי איך ווייס, האָט די דאָרטיקע קהילה געוואָלט אייך היי־יאָר איינלאַדן ווי אַ שרייבער־גאַסט צום קולטור־זמן... אָבער דאָס וועט שוין זיכער געשען אין קומענדיקן סעזאָן... זעט נאָר, אַז איר זאָלט ביז דעמאָלט שוין זיין געזונט און שטאַרק...

דער חולה נעמט אויף מיינע רייד מיט אומעטיקער פריידַ. איך לייען בולט אַרויס פון זיינע אויגן רעזיגנירטקייט... לייוויק מאַכט ווידער צייכנס מיט די אויגן, מיט דער האַנט, אַז איך זאָל ווייטער ריידן, דערציילן. רייד איך שוין איצטער וועגן ניו־יאָרק; וועגן מיינע איינדרוקן פון צוזאַמענפאָר פון קולטור־קאָנגרעס; וועגן דעם זייער אימפּאָזאַנטן באַנקעט אין סטאַטלער־האָטעל. ס׳איז געווען אַן אויסטערלישער שמועס. אַ שמועס פון צוויי, אין וועלכן נאָר איינער האָט גערעדט. חנה, ווי אַ היימישע ביי די לייוויקס, איז אַריין און אַרויס און האָט גערעדט מער מיט שרה לייוויק אין פאָדערשטן צימער. דער קראַנקער האָט געוואָלט הערן וואָס מער וועגן אַלץ און אַלע־מען — פון אַ וועלט, פון וועלכער ער איז אַזוי פלוצלונג אָפּגעריסן געוואָרן.

אין מיטן שמועס קומט אַריין שרה און גיט מיר אַ צייכן כ׳זאָל איבער־רייסן אַ ווייל און אַריינגיין אין צווייטן צימער. דער חולה, שוין צופיל עמאָציאָנירט, פאַלט אַריין אין אַ מידקייט. כ׳וויל זיך שוין געזעגענען; אָבער לייוויק מאַכט צייכנס, אַז כ׳זאָל נאָך בלייבן. וואַרט איך אַ ביסל אין פאָדערשטן צימער צוזאַמען מיט חנהן. דויערט נישט לאַנג און שרה בעט כ׳זאָל ווידער אַריינגיין אויף עטלעכע מינוט צו לייוויקן. גייט ווידער דער אויסטערלישער שמועס. דאָס מאָל דערמאָן איך לייוויקן זיינע פאַריזער טעג. באַמערק איך אויף זיין אויסגעבלייכטן פּנים, אַז ער איז צופרידן פון מיין דערמאָנונג. כ׳האָב כסדר אַזוי געמוזט זיין דער איניציאַטאָר פון רייד, אַבי אויסצומיידן דאָס פּיינלעכע שווייגן...

און כדי ווידער אויסצומיידן דער חולה זאָל נישט אַריינפאַלן אין דערשעפּונג, הויב איך זיך אויף פון מיין שטול און געזעגן זיך מיט לייוויקן.

ווידער דערנענטערט ער צו מיר זיין פּנים צום קושן זיך. פאַר־קלעמט נאָך שטאַרקערביים האַרץ. אין זיינע אויגן — אַזאַ טרויעריקער גלאַנץ... אַזאַ יאוש... ווער ווייס, צי כ׳וועל נאָך אַ מאָל זען לייוויקן, זיין מאַיעסטעטישן ווייסן קאָפּ...

דער אַרונטערגעשאָסענער אָדלער מיט די איינגעבראָכענע פליגל איז ווייטער געבליבן אַ צוגעשמידטער אין זיין פאָטעל, אַ פאַרזונקענער אין זיין שווייגן...

**
*

לייוויקס פּטירה איז אין אונדזערע טעג דער פילבאַרסטער קלאַפּ פאַר דער גאַנצער יידישער קולטור־וועלט. איז דאָך לייוויק געווען תמיד צו־נויפגעוואַקסן מיט יידישן פאָלקס־לעבן, מיט יידישער גייסטיקייט, מיט יידישער שעפערישקייט, מיט יידיש לשון. יידיש איז געווען זיין אינסטרו־מענט, מיט וועלכן ער האָט געוויזן זיינע פּאָעטישע ווונדער. אין זיין ליד „יידיש" האָט לייוויק געזונגען:

מיין וויג שטייט לעבן מינסק, אין איהומען.
מיינע קייטן ליגן אין סיביר ווו, אין אַרכיוו.
דאָס ליד, וואָס איך האָב אין ניו־יאָרק פאַרנומען,
קרייזט אַרום בוענאָס איירעס, מאָסקווע *), תל־אָביב.

לייוויקס קראַנקייט אין משך פון פיר יאָר לערך, זיין פאַרשטומטקייט איז שוין געווען — האַלבער טויט. און איצט איז געקומען דער פולער טויט. איצט וועט מען שוין לייוויקן נישט קאָנען מער זען אַפילו אַ צוגעשמידטן אין זיין פאָטעל, אַ שווייגעוודיקן, מיטן שטומען, טרויעריקן שמייכל...

לייוויק איז אַוועקגעריסן געוואָרן אומברחמנותדיק פונעם לעבן — אין פאָלק אָבער בלייבט ער לעבן עד סוף כל הדורות.

ב. איירעס, יאַנואַר, 1963

---

*) דאָס ליד האָט לייוויק געשריבן, ווען אין מאָסקווע איז נאָך אויך געווען אַ יידיש־שעפעריש לעבן... — (א. ז.)

# אַ וועטעראַן פון דער ראָמאַנטישער צייט

אַוועק אַ וועטעראַן פון דער ייִדישער ליטעראַטור — יואל מאַסטבוים. איינער פון פּרצעס פאַרבנרייכן דור. דער אָנגעזעענער שרייבער מיטן הדרתדיקן בעטהאָווען־קאָפּ.

העכער 50 יאָר איז יואל מאַסטבוים געווען שעפעריש אין דער ייִדי־שער ליטעראַטור און ביז אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן האָט ער נישט אַרויסגעלאָזט די פּען פון זיין האַנט. און אַוועק איז ער ערב אַ פייערונג צו זיין 75־יעריקן יובל. ער האָט עס נישט דערלעבט און די שמחה פון דער ייִדישער ליטעראַטור איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אבלות...

צו די אַלע גרויסע קלעפּ, וואָס די ייִדישע ליטעראַטור האָט געליטן אין די לעצטע יאָרן, איז צוגעקומען איצט נאָך אַ ווייטיקלעכער קלאַפּ — דער טויט פון יואל מאַסטבוים.

***

יואל מאַסטבוים האָט זיך באַוויזן אין דער נייער ייִדישער ליטעראַטור אין דער תקופה פון איר אויפגאַנג. געווען איז עס אין פּרצעס צייטן, ווען עס האָט זיך גענומען אויסקריסטאַליזירן אַ נייער דור שריפטשטעלער און דיכטער. אין דער ייִדישער פּראָזע אין פּוילן זיינען דאַן אויפגעגאַנגען די שטערן פון י. מ. וויסענבערג, יונה ראָזענפעלד, ז. י. אַנוכי, משה סטאַווסקי, דוד קאַסעל, י. י. טרונק, א. קאַציזנע און אַנדערע. צו דער זעלבער פּלעיאַדע פּראָזאַיקער האָט אויך געהערט יואל מאַסטבוים.

די דאָזיקע גרופּע פּראָזאַיקער איז באַפליגלט געוואָרן קודם־כל פון פּרצן. דאַן איז יעדער איינער פון דער יונגער גענעראַציע אַוועק מיט זיין דרך אין דער ליטעראַטור. און הגם די השפעות זיינען שוין שפּעטער געווען פאַרשיידענע — האָט אָבער אַלעמען פאַראייניקט די פרייד פון יצירה; די יום־טובדיקייט פון נייער בראשיתדיקער שאַפונג; האָט איבער

אַלעמען געשוועבט אין גייסט — דער גרויסער גייסט פון יצחק לייבוש פרץ!

די אַלע אויבן אויסגערעכנטע שריפטשטעלער מיט יואל מאַסטבוים בתוכם צוזאַמען מיט די עלטערע פון זיי אברהם רייזען, ה. ד. נאָמבערג, שלום אַש און צוזאַמען מיט דער יינגערער פלעיאַדע ווי יהושע פערלע, שלמה גילבערט, י. י. זינגער, אפרים קאַגאַנאָווסקי און אַנדערע זיינען עס געווען דער קערן פון דער יידישער פראָזע אין פוילן פאַר און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ווען מיר וואָלטן צוגערעכנט די פּראָזאַיקער און דיכטער, וואָס האָבן געהאַט אויסגעוואַנדערט פון פוילן און געשאַפן מחוץ פוילן, דאַן וואָלט די רשימה געווען אַ ביז גאָר לאַנגע.

ווען מיר ריידן וועגן מאַסטבוימען, איז שווער אָנצווייזן אונטער וועמענס דירעקטער השפעה ער איז געווען אין זיין אָנהייב. מאַסטבוים איז געקומען מיט זיין אייגענעם דרך. ער איז געקומען ווי אַ סטיכיע, מיט גלי, מיט פייער און מיט אומרו. דער דאָזיקער שאַפונגס־אומרו, די ברויזנדיקע שאַפונגס־פרייד סטימולירט מאַסטבוימען אין משך פון זיין גאַנצער ליטעראַרישער תקופה.

אָנגעהויבן האָט מאַסטבוים מיט קורצע נאָוועלן (דעביוטירט האָט ער מיט אַ סקיצע אין וואַרשעווער „וועג" אין 1906). שפּעטער ווייזט ער זיך מיט אַ ווערק פון גרויסן פאַרנעם א"נ „מאַריטאַס גליק". אין דאָזיקן ווערק פאַרקערפּערט מאַסטבוים אַן עפּאָכע אין יידישן לעבן אין פוילן — דאָס קליינבירגערטום, זיין אויפקום און בהדרגהדיקן אונטערגאַנג. אין „מאַריטאַס גליק" זעען מיר ווי דער מחבר קאָן נישט געוועלטיקן איבער די צו שטאַרקע שאַפונגס־שטראָמען, וואָס רייסן אים מיט און פאַרכליניען אים. אויך אין די שפּעטערדיקע ווערק זיינע, ווי: „סאַלאַמאַנדרע", „ציגיינער־פליט", אין די קלענערע נאָוועלן ווי אין די גרעסערע דערציילונגען — אומעטום דערשיינט מאַסטבוים מיט זיין אויפברויז, מיט זיין סטיכישקייט. מעג עס זיין אויפן פּאָן פון זיינע תמיד־פלאַקערנדיקע גלאָז־הוטעס (מאַסטבוימס באַליבטע פּאָן); מעג עס זיין אין שטאָטישן סאַלאָן — אומעטום רייסט זיך און רייסט־מיט זיין ברויזנדיקער אימפּעט. אָפט מאָל, ווען מיר לייענען זיך אַריין אין יואל מאַסטבוימען, האָבן מיר דעם איינדרוק ווי אַן אומרויִקער טייך וואָלט אַדורכגעריסן די שליוזן און צערוישט זיך און צעברומט זיך אין הפקרער סטעפּישער פרייקייט. ס'איז אויך דעריבער נישט קיין

וווּנדער, וואָס אין אַזאַ אימפּעטיקן סטיכישן פּראָצעס פון שאַפן פאַרלירט אַ מאָל מאַסטבוים די קאָנטראָל איבער דער גראַמאַטיקאַלישער פּרעציזקייט פון סטיל. מיר פאַלן אַריין צוזאַמען מיט אים אין דער ספערע פון רויע, נישט פאַרענדיקטע וועלטן.

מאַסטבוימס העלדן דערשיינען פאַר אונדז מיט זייער אייגנאַרטיקייט. עפּעס דרייען זיי זיך אַרום אויף אונדזער ערד ווי געשפּענסטער, ווי גע־שטאַלטן פון אַן אַנדער פּלאַנעט. אַפילו דער פאַן, אויף וועלכן מאַסטבוים מאָלט זיינע טיפּן, איז על פּי רוב אַ האַלב לעגענדאַרישער. די וואָר פּלאָנ־טערט זיך מיט אַ מעשהלע, מיט לעגענדע. מיר זעען ביי אים גלאָז־הוטעס מיט זייערע אייביק רויט־פלאַקערנדיקע אויוונס, אין וועלכע עס ווערן גע־בוירן סאַלאַמאַנדרעס; אַלטע חורבות מיט פאַרקלאַפּטע פענצטער אין די פּעריפעריעס פון שטעט; אויסטערלישע פאַרשוינען, וואָס דרייען זיך דאָרט אום, ווי כישוף־מאַכער מיט זייערע סודותדיקע שפּרוכן... ס׳איז אפשר דער־פאַר, ווייל אין הונדערט־פּראָצענטיקע רעאַליסטישע ראַמען וואָלט זיך יואל מאַסטבוים מיט זיין עמאָציאָנעלן אופן און שטייגער פון זיין סטיל נישט געקאָנט אַריינפּאַסן. דערצו וואָלט אים אויסגעפּעלט עפּישע רויִקייט — דער הויפּט־עלעמענט ביי אַ פּראָזאַיִקער. לויט זיין טעמפּעראַמענט און מענטאַ־ליטעט איז ער אפשר מער דיכטער ווי פּראָזאַיִקער. ווערן ביי מאַסטבוימען געבוירן אַזעלכע שטימונגספולע דערציילונגען ווי „סאַלאַמאַנדרע״, „אַ חלום פון פערעלעס יאָרן״, „ציגיינער־פליט״, „מיטן זון־אונטערגאַנג״ און פיל אַנדערע, ווו סיפּור־המעשה איז אויסגעמישט מיט דיכטערישער וויזיע און עס באַקומען זיך געשטאַלטן דעמערדיקע צווישן טאָג־און־נאַכטיקע. אַפילו אינעם מאָלן פון אַ פּייזאַזש, צי פון אַ זון־אונטערגאַנג שפּירט מען ביי מאַסט־בוימען אַזעלכע ליריש־אומרויִקע טענער, אַזעלכע ברויזיקע אַקאָרדן, ווי ערב־שטורעם.

ווען מיר בלעטערן מאַסטבוימען, שטעקט ער אונדז אָן מיט זיין אומרו, ער רייסט אונדז אָפּ פון דער אַזוי געריפענער „נאָרמאַלער״ ווירקלעכקייט און פאַרטראָגט אונדז אויף אַן אַנדער פּלאַנעט, צווישן אַנדערע מענטשן און אַנדערע טעמפּעראַמענטן און ליידנשאַפטן. ער עפנט פאַר אונדז די וועלט פון וויזיע. עס דוכט זיך אונדז, גלייך ווי איבער אונדז וואָלט עמעצער געשטאַ־נען און געמורמלט:

„אַמאָל... אַמאָל... ערגעץ־ווייט... ערגעץ־ווייט״...

***

דאָס אויבן געזאָגטע איז, אייגנטלעך, כאַראַקטעריסטיש דער עיקר פאַר יואל מאַסטבוימס ערשטן שאַפונגס־פעריאָד, ווען דיכטערישע עמאָציעס האָבן זיך געראַנגלט אין זיין נשמה און געזוכט אַן אויסגאַנג. שפּעטער קומט צו מאַסטבוימען אַ מער רויִקערער פעריאָד אין זיין שאַפן. אגב באַנוצט ער זיך שוין אויך מיט געשיכטלעכן שטאָף פון זיין צייט. איך מיין מאַסטבוימס ראָמאַן „דאָס רויטע לעבן“, אין וועלכן ער מאָלט אונדז אַ גאַנצע גאַלעריע פיגורן פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905. עס קומט דאַן זיין ווערק „נחומקעס וואַנדערונגען“, דער ציקל נאָוועלן „אין דער פרעמד“, די ביל־דער פון די ייִדישע שטעט און שטעטלעך אין דער זאַמלונג „גאַליציע“ און אַנד׳. אין דעם זעלבן פעריאָד דערשיינט זיין ראָמאַן „נייע מענטשן“. דאָס איז אַ ראָמאַן פון חלוצישן לעבן, געמאָלן מיט עכט רעאַליסטישע פאַרבן. מאַסטבוים ווערט אין זיין שרייבן מער קאָנצענטרירט און מער רעאַליסט.

זינט 1933 האָט יואל מאַסטבוים געלעבט און געשאַפן אין ארץ־ישראל. ביסלעכווייז האָט זיך מאַסטבוים אַריינגעפאַסט און אַריינגעפילט אין דעם אָרטיקן לעבן און שטייגער. על פי רוב איז זיין שרייבערישע אויפמערק־זאַמקייט געשפּאַנט געוואָרן פונעם קיבוצים־לעבן. די קיבוצים האָבן אים געגעבן אַ סך, אַ סך שטאָף פאַר זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן. אין „הארץ“, אין „דבר“ און „העולם“ האָט מאַסטבוים פאַרעפנטלעכט פיל הונדערטער בילדער און דערציילונגען. מאַסטבוים איז דער שילדערער פונעם לעבן פון דער יוגנט, פון די סאַברעס, פון די חלוצים, פון די קיבוצים און זייער שטייגער. אין אַ ריי בילדער האָט ער אויך די לעצטע יאָרן געבראַכט צום אויסדרוק די ייִדישע העראָיִק פון דער ייִדישער יוגנט אין די רייען פון פלמ״ח און „הגנה“. מיט זיין קינסטלערישן אויג האָט מאַסטבוים אויפ־געכאַפּט אין ישראל דאָס אייגנאַרטיקע, דאָס נייע, דאָס ספּעציפישע, וואָס ווערט דאָרט געבויט און געשאַפן און ער האָט דאָס אַלץ אָפּגעשפּיגלט אין זיינע ווערק. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס ביי מאַסטבוימען דעם ייִדיש־שרייבער ווערט דאָס ישראל־לעבן אַ סך מער און אַ סך ברייטער אָפּגעשפּיגלט ווי ביי טייל באַדייטנדיקע העברעיִשע שרייבער...

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט יואל מאַסטבוים פאַרעפנטלעכט אַ גרויס־פאַרמאָסטיק ווערק — אַ טרילאָגיע פון ארץ־ישראלדיקן לעבן א״נ „דער כוח פון דער ערד“. דאָס דאָזיקע ווערק איז דאָס באַדייטנדיקסטע, וואָס מאַסט־בוים האָט געשריבן אין ישראל און וועגן ישראל. אין דאָזיקן ראָמאַן זעט מען דאָס לאַנד, די ערד, די אַרבעט, די בויונג, די שאַפונג און דעם גע־

ראַנגל. מען זעט דעם קאַמף צווישן אַלט און יונג, צווישן עלטערן און קינ־
דער. דער הויפּט־העלד איז אַ רוק (אָן אַ פרוי) — אַ מענטש, וואָס פאַרטווישט
די פרייד פון פאַמיליע־לעבן אויף דער אַרבעט אין די פעלדער.

נישט געקוקט אויף די העכער צוויי צענדליק יאָר, וואָס מאַסטבוים האָט
געלעבט אין ישראל, איז ער געבליבן נאָר אַ ייִדיש־שרייבער אַפילו מיט
זיין מענטאַליטעט. זיינע ווערק זיינען אָבער איבערגעזעצט געוואָרן אין הע־
ברעיִש און אויך אין דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור האָט מאַסטבוים
פאַרנומען זיין אָנגעזעענע פּאָזיציע. ביז איצט זיינען דערשינען זיינע ווייַ־
טערדיקע ביכער אין העברעיִשער איבערזעצונג: „מאַריטאַס גליק", „דאָס
רויטע לעבן", „ציגיינער־פּליט", „סאַלאַמאַנדרע", „וואַרשע 1939", „דער כוח
פון דער ערד", „אויפן לייטער" און נאָך אַנדערע.

„אויפן לייטער" — יואל מאַסטבוימס לעצטע ליטעראַרישע אַרבעט —
איז אַ באַנד זכרונות וועגן אַמאָליקן ייִדישן און ליטעראַרישן וואַרשע, און
נישט נאָר וואַרשע. דאָס איז אייגנטלעך אַ חשובער צושטייער צו דער גע־
שיכטע פון ייִדישן רענעסאַנס אין פּוילן. דאָס ווערק איז געדרוקט געוואָרן
אין „המשכים" אין תל־אביבער „לעצטע נייעס". מאַסטבוים האָט געמאַכט באַ־
מיאונגען, אַז דאָס בוך זאָל דערשיינען אין בוך־פאָרעם אויך אין ייִדיש. אַגב,
אויך אין זיינע בריוו צו מיר האָט ער אַ פּאָר מאָל געבעטן צו זאָרגן דעם
באָדן אין די בועניאָס־איירעסער ייִדישע פאַרלאַגן. אָבער מאַסטבוים האָט
שוין נישט דערלעבט צו זען דאָס דאָזיקע ווערק אין בוך־פאָרעם. דער
גרויזאַמער טויט האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין שעפערישן לעבן.

יואל מאַסטבוימס שטוב אויף רחוב דיזענגאָף אין תל־אביב איז תמיד
געווען אָפן און גאַסטפריינטלעך פאַר פּען־מענטשן. אין מאַסטבוימס דירה
איז, אגב, אין 1950 פאָרגעקומען די „היסטאָרישע" אויפנאַמע פאַר אַ גרו־
פּע שרייבער־פּליטים פון פּאַריז: שמערקע קאַטשערגינסקי ע"ה, משה גראָס־
מאַן ע"ה, אברהם זאַק און פּאַרן גאַסט פון אַרגענטינע מאַרק טורקאָוו.
אַ זייער אָנגעלאָדענע מסיבה איז דאָס געווען, פון גאָר הויכער טעמפּעראַטור.
די רעדעס פון יצחק גרינבוים (דעם פּאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג) און
י. זרובבל האָבן נאָך דעם אַרויסגערופן אַ הילכיקן אָפּקלאַנג אין דער
ייִדישער וועלט און מ'האָט זיי אומעטום קאָמענטירט.

נישטאָ מער דער ישראלדיקער גאַסטגעבער מיטן הדרתדיקן ווייס־
צעשויבערטן קאָפּ. איינער פון די געציילטע, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן פון
יענעם דערהויבענעם, שבת־יום־טובדיקן פּרץ־דור... ב. איירעס, 1957

# די לעצטע פון פּרצעס דור

י. י. טרונק איז געווען איינער פון די לעצטע שטאַם־געסט פון פּרצעס הויז. ער איז געווען אַ חד במינו אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אויב דאָס רוב שרייבער אונדזערע זיינען געקומען פון דער אָרעמשאַפט, פון דלותדיקע היימען — איז י. י. טרונק געווען אַ יוצא מן הכלל; ער איז געקומען פון דער חסידיש־נגידישער וועלט, באַלאָדן מיט תורה און חכמה; מיט זוהר און רמב״ם; מיט יחוס און אָפּגלאַנץ פון חז״ל; מיט ירושהדיקן הייליקן פייער פון זיין זיידן ר׳ יהושיעלע קוטנער. און מיטן דאָזיקן פייער אין דער נשמה איז טרונק אויך אַריין אין דער נייער וועלט, ווען ער האָט איבערגעטראָטן פּרצעס שוועל אויף צעגליאַנע 1.

דורך מיין גאַנץ לעבן געדענק איך קלאָר, מיט אַלע פּרטים, מיין ערשטן באַזוך ביי פּרצן, נאָך מיין אָנקומען, ווי אַ יונג בחורל, אין וואַרשע. דאָס זיינען געווען די לעצטע יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין פּרצעס שטוב האָב איך דאָן געטראָפן אַ גרופּע שרייבער: מנחם, ש. ל. קאַווע, מאַרק שווייד און י. י. טרונק. טרונק איז געווען געקליידט ווי אַ משכיל, אין אַזאַ מין סורדוט פון זיין לאָדזשער חסידישער היים. מנחם איז שוין דאָן באַקאַנט געווען מיט זיינע פּאָעמעס „קדוש״, „תפילות״ און „שוואַרצע רויזן״ און טרונק — מיט זיינע בילדער און פּייזאַזשן („פון דער נאַטור״). שוין דאָן איז טרונקס לעבן פאַרקניפּט און פאַרבונדן געווען מיט דער ייִדישער ליטעראַטור.

שפּעטער — צווישן ביידע וועלט־מלחמות — ווען טרונק האָט שוין געוווינט מיט זיין משפּחה אין וואַרשע, האָט ער זיך געווידמעט כמעט אין גאַנצן דער ליטעראַטור (זיינע גוטע געשעפטן — ווי אַן איידעם פון די פּריוועסעס — זיינען שוין אַליין געגאַנגען...). די פּעריפעריע פון זיין שאַפונג, די טעמאַטיק זיינע איז שטאַרק אויסגעברייטערט געוואָרן. זיינע אָפּטע

רייזעס אין מרחקים — דער עיקר אין אָריענט — האָבן באַרייכערט און באַפליגלט זיין מוזע. רוים און אַטען זיינען געווען אין צענטער פון זיינע פאַראינטערעסירונגען. אַחוץ בעלעטריסטיק, איז ער אויך אַרויסגעקומען מיט זיינע ראַפינירטע און פאַרטיפטע עסייען פון אייגנאַרטיקן סטיל און באַנעם. אַזוי ווי ס׳זיינען אים נאָנט געווען דער זוהר, דער רמב״ם, דער בעש״ט — אַזוי האָט ער אויך געקאָנט זיך פאַרטיפן אין דער רוימישער און גריכישער פילאָסאָפיע. עס האָט זיך אין טרונקן דעם תלמיד־חכם גע־שאַפן אַ מין סינטעז פון יידישער פאָלקסטימלעכקייט, פון טראַדיציאָנעלער אַלט־ייִדישקייט מיט אוניווערסאַלישקייט. טרונק האָט פונאַנדערגעעפנט די טויערן פון אַ הערשעלע אָסטראָפּאָליערס גיטער, אָדער פון „דער קליגסטער שטאָט אין דער וועלט״, פון כעלעם, צי פון אַ „סימכע פלאַכטעס״ עולם קטן, און געשעפט דאָרטן גאַנצענע אוצרות פאָלקסטימלעכקייט. טרונקס ביכער „דער פריילעכסטער ייִד אין דער וועלט״ (וועגן הערשעלע אסטראָ־פאָליער), „כעלעמער חכמים״ און „די וועלט איז פול מיט ניסים״ זיינען פון די פיינסטע ביישטייערן פאַר אונדזער ליטעראַטור. אין דער ייִדישער עסייִסטיק וועלן אויך פאַרנעמען דעם אויבן־אָן זיינע וואָגיקע אַרבעטן וועגן נאָמבערגן און שלום עליכמען. די פיל פּרעכטיקע קאַפּיטלען פון מעמואַריסטישן כאַראַקטער אין פינפטן באַנד „פּוילן״ וועגן פּרצן, זיין מיליע און זיינע השפעות אויף זיין דור שרייבער.

אין זיינע גייסטיקע בלאָנדזשענישן און זוכענישן איז טרונק לסוף דער־גאַנגען צום סאָציאַליזם. ער איז געוואָרן אַ גלויביקער סאָציאַליסט. און אָט דער זייער רייכער מאַן פלעגט מאַרשירן אין די ערשטע־מאַי־מאַניפעס־טאַציעס איבער די וואַרשעווער גאַסן, אונטער די רויטע פענער פון „בונד״. און ביי דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע האָט ער זיך געהאַלטן ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן.

***

י. י. טרונק איז געווען אַ טעטיקער מיטגליד אין וואַרשעווער ייִדישן פּען־קלוב. דער פּען־קלוב האָט נאָך געהאַט דעם ערשטן רייץ, וואָס איז אין אים אַריינגעהויכט געוואָרן פון זיין לאָנדאָנער שעפער גאַלסוואָרטי. אויף דער אידייע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער גייסטיקער ברידערלעכער פאַרבינדונג איז נאָך נישט געפאַלן דער שאָטן פון די דייטשישע נאַצים־טישע חיות־רעות... אין איינעם פון די יערלעכע פּעריאָדן איז מיר אויס־

געקומען צו זיין אין דער פאַרוואַלטונג פון פען־קלוב צוזאַמען מיט טרונקן. טרונק איז געווען פאַרזיצער, און די זיצונגען פלעגן דאָס רוב פאָרקומען אין זיין נגידיש־געמיטלעכן הויז, בשכנות פון די אויאַזדאָווער אַלייען. פאַרשטייט זיך, אַז נאָכן דערליידיקן די ענינים פון סדר־היום פלעגט מען דאָרט סתם פאַרבלייבן ביי אַ גלעזל טיי. זיין רייכע היים איז אַזוי אַרום געוואָרן אַ ליטעראַרישער אַדרעס. אמת, אַן אַדרעס נישט פאַר סתם שרייבער, נאָר פאַר די יעניקע, מיט וועמען ער איז נענטער געווען.

געדענקט זיך מיר אויך, ווי נאָך איינער אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פון פען־קלוב אין טרונקס קאַבינעט האָט אַלטער קאַציזנע (דער שפּעטער־דיקער קדוש) פאַרגעלייענט פאַר אונדז זיין ניי־אָנגעשריבן סצעניש ווערק „דעם ייִדס אָפּערע". מיר זיינען אַלע געזעסן אין די באַקוועמע פאָטעלן און געהערט. אויף דעם דיל איז געלעגן נאָך אַן אויסטערלישער צוהערער: טרונקס אויסגעקאַליעטער גרויסער ראַסאָווער שוואַרץ־קודלאַטער הונט ניק. דער כלב, האָט מען באַשיימפּערלעך געזען, האָט זיך אויך אויפמערקזאַם צוגעהערט ווי קאַציזנע לייענט. ניק האָט דרך־ארצדיק געשוויגן, אָנגעשטעלט די לאַנגע אויערן, אַמאָל אַ שאָקל געטאָן מיט אַן אויער, און שטום געקוקט אויפן מחבר... דער דאָזיקער שטומער צוהערער אויפן דיל האָט געצויגן אונדזער אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. און בעת אַ הפסקה האָט יהושע פערלע (שפּעטער אַ קדוש פון מיידאַנעק) ליצנותדיק באַמערקט:

— זאָגט נאָר, טרונק, צו וועלכער ליטעראַרישער שול געהערט אייער ניק?...

און טרונק ענטפערט:

— ניק איז אַ פאַרערער פון אַלע ריכטונגען אין דער פּאָעזיע... ער בילט נאָר אויף גראַפאָמאַנען...

— אוים אַזוי — רופט זיך אָפּ קאַציזנע — מעג איך טריאומפירן: דער כלב האָט, מיך הערנדיק, נישט געבילט...

טרונק האָט באמת געהאַט אַ קולט פאַר זיין קלוגן ניק. ער דערמאָנט אים אין געוויסע קאַפּיטלען פון „פוילן", און אין זיין ביכעלע לידער „בלעטער אויפן ווינט" ווידמעט אים טרונק אַפילו אַ ליד א״נ „מיין הונט ניק". טרונק טענהט זיך אויס מיט זיין שטומער באַשעפעניש:

אָ, ניק, מיין שוואַרצער פּודעל ניק,
תמיד זיינען מיר צוזאַמען —
מיר האָבן נישט קיין געמיינזאַמע שפּראַך.

דו גלויבסט אין מיר גאָר אַ סך,
העגנסט־אָן אין מיר דיין אומעט,
העגנסט־אָן אין מיר דיין גליק.

בין נאָר אַן אָרעמער נישטיקער מענטש —
דו גלויבסט, אַז אין אויבן
פון אַלע וועלטן שטיי איך, און בין דער אַלמעכטיקער גאָט,
און אַלע וועלט־עשרותן שטייען מיר צו געבאָט.
דאָס טרייבן די געטער מיט מיר שפּאָט
אין דיין טרויעריקן הינטישן גלויבן.

***

פון אַלע צענדליקער ווערק טרונקס צייכנט זיך אויס זיין מאָנומענטאַל 7־בענדיק ווערק „פּוילן". אַ ווערק, וואָס נעמט אַרום אַ ברייט שטח לעבן פונעם ייִדישן פּוילן: סיי אין דער ברייט, סיי אין דער טיף. און היות ווי דאָס רעאַלע ייִדישע לעבן גופא איז אין פּוילן אָפּגעמעקט געוואָרן, בלייבט עס נאָר אין דער ליטעראַטור. עס בלייבט אין די ביכער פון י. ל. פּרץ, שלום אַש, אברהם רייזען, יוסף אָפּאַטאָשו, י. מ. וויסענבערג, יואל מאַסטבוים, אפרים קאַגאַנאָווסקי, י. י. זינגער, יהושע פּערלע, שלמה גילבערט און פיל, פיל אַנדערע. אויך אַ גאָר אַנזעעוודיקן אופן — אין טרונקס „פּוילן".

י. י. טרונקס „פּוילן" איז איינע פון די בכבודיקסטע מצבות נאָכן פאַר־שניטענעם פּוילישן ייִדנטום. דאָס דאָזיקע ווערק, קען מען זאָגן, איז געווען זיין קרוין־ווערק.

„וואָסער באַטייט האָט די תקופה ייִדן אין פּוילן געהאַט פאַר דער געשיכטע פון ייִדישן וועלט־פאָלק? — פרעגט דער מחבר אין זיין הקדמה און ענטפערט:

„עס וועט אפשר נישט זיין קיין צו גרויסע גוזמא ווען איך וועל וואָגן צו באַהויפּטן: אויב די מחשבה פון דער ייִדישער געשיכטע האָט באַקומען איר פּלאַסטיש געשטאַלט, איר פאָרעם און איר סטיל סיי אינעם ייִדישן יחיד און סיי אין דער ייִדישער מאַסע — איז עס געווען דער קיבוץ פון פּוילישע ייִדן. אין דעם איז אפשר געלעגן זייער דיאַלעקטישער שיקזאַל און דער סוד פון זייער אומקום. די ייִדישע געשיכטע האָט אין פּוילישע ייִדן דער־גרייכט אַ שפּיץ פון וואַנען מיזאַמען באַרג־אַרויף".

טרונק האָט געזען אינעם פּוילישן ייִד די „דיסציפּלינירטקייט פון אַ סטיל. אַלצדינג איז געווען דער שטרענגער נוסח פון אַ לעבנס־קולטור. דער

נוסח פון אַ באַזונדערן קוק אויף דער וועלט. דער נוסח פון אַן אינערלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער וועלט. אָט דער נוסח האָט דורכאויס געשטימט מיטן שטילן ליריש־ראָמאַנטישן געמיט פון דעם ייִד אין פוילן. אַ נוסח וואָס איז געווען אין איינקלאַנג מיט דער ריטמיק און מיט דעם זינגזאַנג פון זיין ייִדישער שפּראַך — מיט דער שפע פון שטיל־באַשיידענער אָבער מיט אַ ווונדערלעכער רייכקייט פון קאָנען זיך אויסדריקן. דאָס לשון־ייִדיש וואָס ייִדן האָבן געערדט אויף דער פוילישער ערד האָט אין זיך געהאַט אַ שפע פון ניואַנסן און גאַמעס".

„די מענטשלעכע מאַכטלאָזיקייט האָט אין פּוילישע ייִדן געוויזן דאָס געשטאַלט פון אירע מענטשן ווי אַזוי זיי קוקן אויס אין פייערלעכן און אין גראָטעסקן, אין שטאַרקייטן און אין שוואַכקייטן, אין אַסקעזיע און אין תאווה".

אַזוי האָט טרונק באַנומען דעם אייגנאַרטיקן כאַראַקטער פונעם פּוילישן ייִד און ער איז צוגעגאַנגען צו זיינע שילדערונגען מיטן ציטער און ברען פון פאַרליבטקייט. דאָס פילן מיר אַרויס ווען מיר פאַרטיפן זיך אין די קאַפּיטלען, וואָס וויקלען פאַר אונדז פונאַנדער די ברייטע פּאַנאָראַמע פון געשטאַלטן און בילדער, וואָס זיינען שוין איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עבר; וואָס זיינען אכזריותדיק אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער פּוילישער אויבערפלאַך...

טרונק האָט אין זיין מאָנומענטאַל ווערק נישט אויסגעמיטן אויך דעם ייִדישן ליטעראַטן־פאַראיין אין וואַרשע — טלאָמאַצקיע דרייצן. אין דעם נאָמען „טלאָמאַצקיע דרייצן" זעט טרונק איצט, נאָכן חורבן, דעם „סימבאָל פון דער חברישער געמיינשאַפט פון ייִדישע שריפטשטעלער — און עס איז אַ ביסל שווערלעך עפּעס צו מינערן פון דער דאָזיקער סימבאָלישער גלאָריע".

דערמאָנט ער טאַקע אין טייל קאַפּיטלען אַ ריי ליטעראַרישע נעמען, שילדערט די סביבה, די געשטאַלטן און קאַרגט נישט קיין פאַרבן זיינע געשילדערטע אָביעקטן. אַמאָל זיינען די פאַרבן אַ ביסל צו גראָטעסק; אָבער אַפילו צו די יעניקע, וועמען ער וויזט אין גראָטעסק, גייט ער צו מיט ליבשאַפט. מאַכט עס דעם איינדרוק ווי אַ מין גוטמוטיק קיבעצן איבער אייגענע שוואַכקייטן... און דאָס שאָקירט קיין מאָל נישט.

וועגן דער דאָזיקער אינסטיטוציע דערציילט טרונק: „די הויפּט־גרינדער פון טלאָמאַצקיע דרייצן — דאָס הייסט פון אַ קאָלעקטיוו פון ייִדישע

שריפטשטעלער — זיינען געווען די יתומים פון פּרצעס שטוב, יעקב דינע־זאָן און ה. ד. נאָמבערג. מען האָט געוואָלט די געשטאַלט פּרץ — דאָס הייסט, די געשטאַלט פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער געשטאַלט פון אַ פּערזענלעכקייט אַריבערטראַנספּאָרמירן, ווערליק דעם גייסט פון דער צייט, אין אַ קאָלעקטיווער געשטאַלט פון יידישע שריפטשטעלער. דאָס, וואָס פּרץ איז געווען אויף צעגליאַנע איינס, האָט מען געוואָלט, אַז יידישע שרייבער צוזאַמען זאָלן עס זיין אויף טלאָמאַצקיע דרייצן״... „אַלע יידישע שרייבער צוזאַמען זאָלן ווערן אַ י. ל. פּרץ! זאָלן זיי אַלע צוזאַמען פירן די יידישע ליטעראַטור צו איר באַשטימונג אין דעם אידעאָלאָגישן וועג פון דער יידישער געשיכטע״.

פון די דאָזיקע מעדיטאַציעס טרונקס פליסט אַרויס די טיפע התלהבות־דיקע ליבשאַפט און דער יראת־הכבוד צו דער ליכטיקער פּערזענלעכקייט פון זיין רבי — צו יצחק לייבוש פּרץ!

***

נאָך אַן איבעררייס פון טראַגישע יאָרן האָב איך טרונקן ווידער געזען שוין אין ניו־יאָרק, אין 1959, בעתן צוזאַמענפאָר פון קולטור־קאָנגרעס. כ׳האָב אים געטראָפן אין די קולואַרן פון סטאַטלער־האָטעל, ווו עס זיינען פאָרגעקומען די פּלענאַרע זיצונגען. מיר האָבן זיך ביידע דער־פרייט מיט דער באַגעגעניש. אָבער בעת מעשה האָט מיך פאַרקלעמט ביים האַרץ: כ׳האָב געזען פאַר זיך אַ זקן, מיט אַ ווייסן קאָפּ און גרוי בערדל. ער האָט געטראָגן אויף זיך אַ לאַנגן מאַנטל מיט אַ ברייטער פּעלערינע, וואָס האָט דערמאָנט אָן אַמאָליקער פריצישקייט. אין מיין מחשבה האָט אַ בליץ געטאָן: יורדישקייט... אָבער טרונק האָט זיך גראָד געהאַלטן האָפער־דיק. און ער איז עס, זעט אויס אין פּלוג, יאָ געווען — הגם ער האָט אין זיין פּערזענלעכן לעבן אַלץ און אַלעמען פאַרלוירן: זיין פרוי, וואָס איז גע־שטאָרבן אין זיין ניו־יאָרקער „גלות״; זיין טאָכטער, וואָס איז געבליבן אין פּוילן ווי אַן אָפּגעפרעמדטע פון טאַטן און פון זיין שטאַם... (אַ טראַגישע איבערלעבונג פאַרן טאַטן...).

טרונק האָט געפונען טרייסט אין זיין נישט־אויסשעפּלעכער יצירה, אין זיין שעפערישער התמדה. איז דאָך זיין ניו־יאָרקער שרייבערישער פּעריאָד געווען דער שעפערישסטער: אַזוי פיל ווערק — אינקלוסיוו זיין מאָנומענטאַל

ווערק „פוילן״ — האָט ער דאָרט געשאַפן! און די דאָזיקע שעפערישקייט זיינע האָט אויסגעפילט זיין איינזאַם לעבן אויף דער עלטער.

מיר שטייען אין אַן אָפּגעזונדערט ווינקל און כאַפּן אַ שטיקל שמועס בעת דער הפסקה. אַ קעגנזייטיק אויספרעגן זיך פון פערזענלעכן כאַראַקטער.

כ׳דערמאָן אים אַן עפּיזאָד פונעם אַמאָל, פון די „גוטע צייטן״... אַן אָוונט אויפן צאָפּאָטער „שטראַנד״. נאָך אַ לאַנגן שפּאַציר מיטן ברעג ים ביז גלעטקאָו האָבן מיר זיך אַריינגעזעצט אין אַ פּלאַזשע־קויש, אויסגע־דרייט צום נאַכטיקן ים. שעהען־לאַנג אַזוי געזעסן, טוישנדיק זיך מיט אָפּ־געריסענע פראַזן, מיט די בליקן געווענדט אין די טונקעלע ימישע רחבותן...

— „געדענקסטו די נאַכט?״... — פרעג איך אים שפּאַסיק מיטן נוסח און ניגון פון אַ סענטימענטאַלער אַריע אין „טשאַרדאַש פירשטין״...

יאָ, יאָ, ער געדענקט עס אויך. ס׳איז באמת געווען אַ שטימונגספולער אָוונט ביים איינגעשלאָפענעם שטילן באַלטיק. אַן אָוונט, וואָס געדענקט זיך.

ער פאַרבעט מיך צו זיך אין זיין „קאַוואַלערסקן״ צימער:

— קומט, קומט למען השם. כ׳וועל אַליין מאַכן אַ גלעזל טיי...

ס׳האָט פאַר מיר געקלונגען מיט אַן אומעטיקן אונטער־טאָן: ער, וואָס איז אַראָפּ פון אַזאַ עשירות און פריצישער גדולה — ער אין אַ „קאַוואַ־לערסקן״ צימער, ווו ער אַליין „מאַכט אַ גלעזל טיי״...

דאָס לעצטע מאָל אין ניו־יאָרק האָב איך טרונקן געזען אין אטראַן־הויז, אויף דער מסיבה, וואָס די וואַרשעווער קאָלעגן־שרייבערס פון קלוב „טלאָמאַצקיע דרייצן״ האָבן פאַר מיר איינגעאָרדנט קורץ פאַר מיין צוריק־פאָרן פון ניו־יאָרק. טרונק איז ספּעציעל געקומען מיך געזעגענען און ער האָט אויך גענומען אַ וואָרט. ער האָט מיט סענטימענטאַלע טענער דערמאָנט דעם אַמאָליקן וואַרשעווער קלימאַט... ס׳איז אייגנטלעך געווען אין נוסח פון דער מסיבה: אַלע שרייבער, וואָס האָבן גערעדט, האָבן דערמאָנט. ס׳איז געווען וואָס צו דערמאָנען... און אין אָט דעם דערמאָנען איז געלעגן די אומבאַגרענעצטע בענקעניש נאָך דעם פאַרשניטענעם „נעכטן״ — — —

נאָך זיין רעדע איז טרונק אַוועק נאָך איידער די מסיבה האָט זיך גע־ענדיקט. אפּנים, די עלטער־מיחושן האָבן אים שוין דערמאָנט, אַז ער דאַרף נישט קומען צו שפּעט אין דער נאַכט אַהיים; אַז ער דאַרף רוען... רוען...

איך ווייס נישט, צי טרונק האָט געקאָנט רוען אין זיין איינזאַמקייט, אין זיין אַליינקייט... אין דער זיקנה, וואָס האָט זיך אויף אים אָנגערוקט, באַגלייט מיט שלאַפקייטן...

צי האָט ער אין די שלאָפלאָזע נעכט אַליין נישט געבלעטערט אַמאָל זיין קליין ביכעלע לידער „בלעטער אויפן ווינט" און זיך נישט פאַרהאַלטן מיט די בליקן און מחשבות, ביי דעם עלעגישן „וויג־ליד":

נאַכט.
אין אַ טויטנבעט
לייג איך מיך צו רו.
העסלעכער סקעלעט
זעצט זיך צו מיר צו,
שטשירעט אויס די ציין,
וויגט מיך צו און לאַכט.

וויג מיך, וויג מיך צו,
העסלעכער סקעלעט.
זינג מיר אויס מיין ליד.
איך בין אַלט און מיד.
וויג מיך, וויג מיך צו,
העסלעכער סקעלעט.

צי נאַר איין די פיס,
דרימל איין אין שלאָף.
ס'האַלט מיט דיר ביים סוף —
טויט איז שטיל און זיס.

וויג מיך, וויג מיך צו,
העסלעכער סקעלעט.
— — — — — — — — — — —

דער „העסלעכער סקעלעט" האָט טאַקע איצט איינגעוויגט טרונקן אין אייביקן שלאָף. פאַרבליבן איז פאַרן פאָלק זיין גרויסע ליטעראַרישע ירושה.

ב. איירעס, 1961

# איציק מאַנגער

איינס פון די שענסטע קאַפּיטלען אין דער מאָדערנער יידישער דיכטונג האָט אַריינגעשריבן איציק מאַנגער. איינער פון די באַליבטסטע זינגער אויף אונדזער פּאַרנאַס.

איציק מאַנגער האָט פאַרלאָזן זיין היימשטאָט יאַס און איז דערשינען אויפן וואַרשעווער ליטעראַרישן האָריזאָנט צווישןביידע וועלט־מלחמות. ער האָט אויף טלאָמאַצקיע 13 באַלד צוגעצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט — סיי מיט זיינע אייגנאַרטיקע לידער, סיי מיט זיין באָהעמישקייט. ער האָט דעמאָלט געפּרוווט אימיטירן דעם רוסישן צעכראַסטעטן פּאָעט סערגיי יע־סענין — נישט אַזוי מיט זיינע פּערזן, ווי מיט זיין רגילות צו אַ „כוסה״...

אָבער אין דער אמתן האָט מען אויף טלאָמאַצקיע געוווּסט, אַז מאַנגער איז נישט אַזאַ בריה אין טרינקען ווי יעסענין. פאַר מאַנגערן איז געווען גענוג אַ צוויי גלעזלעך צו ווערן בגילופין — דאַן ווען יעסענין האָט מסתמא גע־דאַרפט אויסטרינקען אַ גאַנץ פלעשל „וואָדקאַ״, כדי צו פאַרלירן די קאָנ־טראָל איבער די אייגענע רייד און האַנדלונגען...

אַגב: יעסענינען — דעם ראָמאַנטישן ליריקער — האָט דאָס „פלעשל״ נישט געראַטעוועט פון דער ניכטערקייט צו דערזען די באַלשעוויסטישעווירקלעכקייט אין די טרויעריקסטע פאַרבן — און ער האָט אין רגעס פון פאַרצווייפלונג אַליין אַ סוף געמאַכט צו זיין יונג לעבן...

אָבער לאָמיר דאָ אָוועקשטעלן אַ פּונקט און לאָמיר צוגיין צו אונדזער מאַנגערן, דעם זינגער פון יאַס.

***

מאַנגער איז דערשינען אין אונדזער וואָכעדיקער, גרויער יידישער גאַס ווי אַ וויזיע פון די הויכקייטן. ער האָט מיטגעבראַכט אַ שלל יום־טובדי־קייט, דערהויבנקייט. ער איז געקומען מיט זיין אייגענעם סטיל, מיט זיין

אייגנאַרטיקן ניגון, מיט זיין אייגענעם קלימאַט און קאָלאָריט. ווען מיר לייענען זיך אַריין אין מאַנגערס לידער און באַלאַדן, האָבן מיר דעם איינדרוק, ווי עפּעס אַ כישוף־מאַכער וואָלט אונדז מיטגעריסן מיט זיינע ניגונים און טראָגט אונדז אויף די פליגל פון זיין „גאָלדענער פּאַווע״ דורך צעשטערנטע הימלען, דורך פאַנטאַסטישע רוימען און אַלטע, אוראַלטע וועלטן און צייטן. עס פאַרשווינדט לחלוטין דאָס רעאַלע, דאָס ערדישע, דאָס וואָכעדיקע. מיר ווערן באַהערשט דורכן צויבער פון וויזיאָנערישער פאַרוואַנדלונג.

אַ מאָל ווידער קאָן מאַנגער באַווייזן פּונקט דאָס פאַרקערטע: דורכן זעלבן צויבער ברענגט ער גאָר אַראָפּ די אורצייט צו אונדז, אויף אונדזער ערד און אין אונדזער צייט. ער ברענגט צו אונדז אַראָפּ דאָס אַלטע כנען אין זיין פּרעהיסטאָרישער פאַרב. ער ברענגט אונדז אַראָפּ, ווי פון קאַטאַקאָמבן אַרויס, ווי פון לאַנג־פאַרחתמעטע סאַרקאָפאַגן, די אָבות און אימהות, און ער לאָזט זיי ריידן אויף אונדזער לשון, קליידט זיי אָן אין לבוש פון היינטצייטיקייט און פּוצט זיי אויס ווי היימישע העלדן מיטן רעקוויזיט פון אַ גאָלדפאַדענישן טעאַטער־שפּיל. דאָס איז, אמת, דיכטערישע גענוואַגטקייט, דיכטערישע קונדייסעריי; אָבער מאַנגערן געלינגט עס אויסגעצייכנט און עס באַקומט ביי אים אַ זעלטענעם חן, אַן עכטן פאָלקסטימלעכן יידישן חן. די דאָזיקע גאַלעריע פון אונדזערע אַקטואַליזירטע היסטאָרישע און פּרעהיסטאָרישע פּערסאָנאַזשן ביי מאַנגערן צעוואַקסן זיך אַלץ מער און פאַרנעמען אַ זייער חשובן טייל פון זיין שאַפן.

מאַנגער, אין זיין הקדמה צו די חומש־לידער, זאָגט אַליין:

„די דאָזיקע לידער זיינען אַ שטיפעריי אַזאַ מיט די גרייז־גרויע בערד פון די אָבות און מיט די שטערנטיכלעך־עקן פון די אמהות״.

כדאי צו ברענגען אַ פּאָר ציטאַטן פון מאַנגערס חומש־לידער, וואָס קלינגען אַזוי היינטצייטיק־פאָלקסטימלעך און גראָטעסק. למשל, עטלעכע סטראָפן פון „אברהם און שרה״:

„אַווּרעמל, ווען וועלן מיר האָבן אַ קינד?
מיר זיינען ביידע שוין אַלט.
ביי לייטן אַ פרוי אין די יאָרן ווי איך
איז שוין דאָס אַכצנטע מאָל אויף דער צייט״.

אברהם אָבינו שמייכלט און שוויגט
און פּיפּקעט פון זיין ליולקע רויך:
„בטחון, מיין ווייב, אַז דער אייבערשטער וויל
שיסט אַ בעזים אויך״...

„אוורעמל, דו הערסט, איעדע נאַכט
הער איך ווי ס׳כליפּעט מיין לייב,
און הגר איז דאָך נאָר דיין דינסט
און איך בין דיין אמתדיק ווייב.
אאַז״וו

אָדער נעמען מיר אַ פּאָר סטראָפן פון „הגר פאַרלאָזט אברהמס הויז״:

די בלאָקייט טאָגט אין פענצטער,
דער האָן האָט דריי מאָל געקרייט.
אין דרויסן הירזשעט דאָס פערדל
אין ווייטן וועג געגרייט.

הגר שטייט אַ פאַרוויינטע
מיטן קינד אויף די הענט
און ס׳וואָגלען אירע אויגן
צום לעצטן מאָל אויף די ווענט.

דער בעל־עגלה דינגט זיך אין דרויסן
מיט אברהמען וועגן דעם לוין:
„לייגט־צו, ר׳ אברהם, אַ זעקסער,
ס׳זיינען דאָך צוויי פאַרשוין״.
אאַז״וו

מאַנגער שאַפט אַזוי־אַרום דעם סינטעז פון אַלטער, אוראַלטער ייִדיש־קייט מיט דער ייִדישקייט, מיטן שטייגער פון אונדזערע טעג. ייִדישער עבר און ייִדישער הוה ווערט ביי מאַנגערן איינס, ווערט צוזאַמענגעהאָפטן אין איין האַרמאָניש בילד, אין איין שטייגער. דאָס איז טאַקע דער עכט־מאַנגע־רישער סינטעז. דאָס איז די קראַפט פון וויזיע, דער כוח פון זיין באַפליגלטן דיכטערישן וואָרט.

מאַנגער האָט באַוויזן דעם ווונדער צו פאַרתנכן אונדזער ייִדיש און צו פאַרהיינטצייטיקן, פאַרייִדישן דעם תנ״ך. און פון דאָזיקן סינטעז האָט זיך באַקומען מאַנגערס ווונדערבאַרער ייִדישער נוסח. פון אים זינגען אַרויס דור־רות: פון נח ביז אברהם, פון אברהם ביז די מלכים און נביאים, פון די נביאים ביזן בעל שם־טוב און ר׳ לוי יצחק מבאַרדיטשעוו.

מאַנגער איז אַ לעבעדיקער, שפּרודלדיקער קוואַל פון פאָלקלאָר. ער איז פאָלקסטימלעך, ער איז שטייגעריש, ער איז פשטותדיק, ער איז ביבליש. פון מאַנגערס ייִדיש ווייעט אויף אונדז מיט אַלט־ייִדישקייט, פונקט ווי פּו־

נעם יידיש פון אונדזערע אַמאָליקע פרומע תחינהדיקע מאַמעס, פון אונדזע־רע פאַרצייטיקע באָבעס אין די שטערן־טיכלעך.

און פונקט ווי מאַנגער פאַנגט אונדזער געמיט ווען ער איז וויזיאָנע־ריש, ווען מיר לאָזן זיך מיטפליען מיט זיין „גאָלדענער פאַווע“, צי מיט די וואָלקנס איבערן דאַך, — פונקט אַזוי פאַרכאַפּט ער אונדז אויך מיט דער שיינקייט און צויבער פון זיין גראָטעסק, מיט זיין אייגנאַרטיקן שאַרזש, מיט זיין פאָלקסטימלעכן הומאָר, מיט זיינע דיכטערישע שטיפערייען און פאַר־



אויף אַן אויפנאַמע פאַר יעקב גלאַטשטיין אויף
גי־פאַטען 9, פאַריז.
**איציק מאַנגער** (וואָס איז אַליין אַ גאַסט פון לאָנדאָן) רעדט וועגן **י. גלאַטשטיינען.** עס זיצן פון רעכטס: **שמערקע קאַטשערגינסקי, יעקב גלאַטשטיין, אברהם זאַק.**

שייטקייטן. אין מאַנגערס גראָטעסקן פילן מיר אָפט עלעמענטן פון אַ שלום עליכם און שאַגאַל; אָבער די דאָזיקע עלעמענטן ווערן בטל בשישים אי־נעם נוסח מאַנגער. אין קורצע געלייטערטע פערזן — פונקט ווי דער גרוי־סער קינסטלער־ווירטואָז, וואָס אָפּערירט געשיקט מיט פאַרבן — צייכנט אונדז מאַנגער זיינע ציקלען שאַרזשן, דוכט, אַזוי פשוט, אָבער אַזוי שלימותדיק, מיט אַזוי פיל עכט־קינסטלערישער פינעזיע. מיר זעען עס סיי אין זיינע ביבלישע פערסאָנאַזשן, סיי אין די היינטצייטיקע מאָטיוון.

מאַנגער קומט נישט צו אונדז פון פּאַלאַצן — הגם צווישן זיינע פּער־סאָנאַזשן זעען מיר מלכים, מלכהס און פּרינצן; אין זיין רעקוויזיט — קרוי־נען, בגדי מלכות, פּערל און בריליאַנטן. מאַנגער קומט צו אונדז פון דער ייִדישער אָרעמקייט, פון דער אָרעמער ייִדישער שטוב, פון דעם אָרעמען ייִדישן יאָס. ער קומט פון דער שטוב „פון זיין עקסעלענץ דעם טאַטן דעם אַלטן שניידער־מייסטער" — ווי מאַנגער אַליין דריקט זיך אויס — „אַ היים פון ייִדישער אַרבעט, אָרעמקייט און פּאָעזיע". אין דער דאָזיקער היים האָט צום טאַקט פון זיינע ערשטע לידער געקלאַפּט אַ ניי־מאַשין. דאָרט האָט אויך מיטגעפילט און מיטגעזונגען דער ברודער זיינער, „דער שניידער־געזעלן נטע מאַנגער", וועמען דער דיכטער ווידמעט שפּעטער אַ גאַנץ בוך, ווו ער באַזינגט זיין לעבן און זיין אומקום אין אַ ריי לידער־ציקלען. (זיין ברודער נטע איז אויסגעגאַנגען פון הונגער און דחקות בעת דער מלחמה ווי אַ פּליט אין סאַמאַרקאַנד, אוזבעקיסטאַן)).

אָט פון דער דאָזיקער אָרעמער שניידער־היים, פון דער דאָזיקער ייִדיש־פאָלקסטימלעכער מיליע איז געקומען צו אונדז איציק מאַנגער, דער עכט־ייִדישער טרובאַדור, דער זינגער פון פאָלק פאַרן פאָלק. ער איז געקומען אין דער ייִדישער וועלט מיט זיין „גאָלדענער פּאַווע", מיט זיינע צויבער־פולע וויזיעס, מיט זיינע חלומות, מיט זיינע ניגונים — —

פון די היימישע אָרעמע דלד אמות איז ער אַרויס גאַנץ פרי, נאָך יונג און יוגנטלעך — און איז אַוועק אין דער וועלט אַריין מיט די „בראָדער זינגער":

> כ'בין אַרויפגעשפּרונגען אויפן וואָגן פון די „בראָדער זינגער"
> און כ'בין מיט זיי אַ מהלך וועגס אָפּגעפאָרן,
> דורך שטעט און שטעטלעך, דורך זינגענדיקע יאָרן,
> דורך וואָגל, דורך הפקר און דורך הונגער.
> („וואָלקנס אויפן דאַך")

אַזוי זינגט מאַנגער וועגן זיין אָנהייב.

***

עס קומען די יאָרן פון ייִדישן אומקום.

מאַנגער נעמט־אויף אונדזער פאָלקס־חורבן אויף זיין אופן, אויף זיין שטייגער. עס דערטראָגן זיך צו אים די געשרייען פון אונטער די חורבות פון פוילן. עס דערשיטערט זיין ליד. ער זעט די גרויסע עקידה, נישט יענע

עקידה, ווען אין לעצטן מאָמענט באַווייזט זיך אַ מלאך פון הימל, וואָס פאַר־האַלט די האַנט מיטן אויסגעשטרעקטן חלף איבערן האַלדז פון קרבן... דאָס איז געווען אונדזער גרויסע טראַגישע עקידה, ווען קיין נס איז נישט גע־שען, קיין מלאך האָט זיך נישט געוויזן און דער קרבן איז טאַקע געשאָכטן געוואָרן — — —

וויי באַוויינט מאַנגער אונדזער אומגליק, אונדזער בראָך?
אין זיין ליד „יתומים" דערציילט אונדז מאַנגער:

די גאָלדענע פאַווע און דאָס קלאָר־ווייסע ציגעלע
וויגן די ליידיקע וויגן:
נישטאָ מער דאָס הייליקע יאַנקעלע,
טאָ וויגט מען אָן אַ ניגון.

דאָס גאָלד פון דער פאַווע איז אומעטיק גאָלד,
און דאָס ציגעלע דאָס פרומע
בלענדט ווי טרויעריקער שניי — די צוויי
יתומים פון מיין אומה.

יאָ, די „ליידיקע וויגן" אונדזערע דערציילן אַ סך. מיר קענען גוט דעם לעצטן וועג פון אונדזערע הייליקע יאַנקעלעך אין די געטאָס.

מאַנגער זינגט דאָן אין זיין טרויער וועגן „סוף פון קלאָר־ווייסן צי־געלע", וואָס איז „אויסגעגאַנגען

אין פינצטערן געטאָ, אין קעלער־שטוב,
און דייטשע זעלנער מיט שיכורע גזאַנגען
האָבן עס אַריינגעוואָרפן אין אַ מאַסן־גרוב.

און מאַנגערס „גאָלדענע פאַווע"? —

אָט איז זי געפלויגן און אָט איז זי געקומען
און בעט זיך רחמיםביים האַרץ פון דער וועלט.
נאָר אפשר דערפאַר ווייל זי טענהט אויף יידיש
פאַרשטייען נישט די מושלים פון דער וועלט...

(„דער שניידער־געזעלן נטע מאַנגער זינגט")

מאַנגער רייסט־איין די הימלען און ער „מאָביליזירט" דעם „עולם האמת" צוליב די בלוטיקע עוולות קעגן פאָלק ישראל, צוליבן גרויסן צער האומה.

אָט ווייזט אונדז מאַנגער ר' לוי יצחקן אין זיין ברוגז מיט גאָט:

ר׳ לוי יצחק אין טלית און תפילין
רירט זיך נישט פון אָרט.
ער שטייט פאַרן עמוד. דאָס סידור איז אָפן,
נאָר ער רעדט נישט אַרויס קיין וואָרט.

ער זעט אין זיין דמיון די בילדער פון געטאָ,
די גסיסה, דעם צער און דעם שפּאָט.
ער שווייגט פאַרעקשנט. דער אַלטער איז ברוגז
מיט זיין אַלטן גאָט.

מאַנגער — אין זיינע וויזיעס — מאַכט אויך אויפשטיין מיט טענות און תרעומות קעגן כביכול נאָך אַנדערע צדיקים און הייליקע לייט, נאָך אַנדערע הימלישע תקיפים, וואָס דערשיינען ביים טויטנלאַגער בעלזשעץ:

ר׳ משה לייב פון סאַסאָוו טייטלט אויף די הויפנס אַש.
(דער שטורעם האָט אָקערשט דורכגעוויטערט).
זיין באָרד ציטערט, זיין לייב און לעבן ביטערט:
נאַ, נעם און זע, אַך גאָטעניו טי נאַש״.

ר׳ וואָלף פון זבאַראַזש מורמלט: „הערט, רבותי, הערט!״
(זיין קול איז ווי אַן אָוונט־פידל מיד)
— „דער אייבערשטער האָט זיין וויינגאָרטן נישט אָפּגעהיט,
אַ סימן: אָט די הפקר־הויפנס אויף דער ערד״.

ר׳ מאירל פון פּרעמישלאַן אויף זיין אַלטן שטעקן אָנגעשפּאַרט
שטייט און וואַרט, פיבערנדיק און צעדראָ...
„רבותי, לאָמיר זאָגן אַלע אויף אַ קול:

באַשאַפער פון די וועלטן, דו ביסט מאַכטיק, מוראדיק און גרויס,
נאָר מיר, די גאַליציאַנער, מעקן דיך אויף תמיד אויס
פון דער עדה אמתע „אוהבי ישראל״.

ווי מיר זעען, אַפילו אין אָנבליק פונעם שוידערלעכן חורבן פאַרלאָזט נישט מאַנגערן זיין פאָלקסטימלעכער נוסח.

אין מאַנגערס לידער רייסן זיך אַריין פאַרצווייפלטע אַקאָרדן.

אין 1943, אין לאָנדאָן, שרייבט ער אָן „מיין שנאה־ליד״, וואָס איז געהייליקט דעם קדוש שמואל זיגעלבוים. עטלעכע סטראָפן פונעם ליד לדוגמא:

איז מיר באַשערט צו זיין דער לעצטער זינגער
פון אַן אויסגעסמטער עדה?
טונקען אין קברים־גראָז מיינע פינגער
אַרום דער גרויסער ייִדישער עקידה?

מזל מיינס, פֿאַרשאָלטנס, האָסט צעצוויטעט דעם פֿרילינג
איבערן קדיש פֿון מיינע ליפּן.
צעפֿלאַטערט די פֿייגל מיט זייער טרי־לי־לינג,
זיי זאָלן פֿון מיין טרערן־בעכער זופּן.

אויב ס'איז מיר באַשערט צו זיין אַ ווערבע,
וויל איך שטיין ביי זייערע קינדערס וויגן,
וואַרפֿן מיינע שאָטנס אין זייערע חלומות,
און זייערע בלוטן פֿאַרסמען מיט מיין ניגון.

אאַז״ח

דאָס זיינען די יאָרן פֿון איבערברוך אין מאַנגערס געמיט. דער איבער־ברוך, וואָס איז איבעריקנס געקומען דורכן חורבן כמעט ביי אַלע אונדזערע דיכטער.

און עס פֿרעגט זיך:

צו וועלכע פּאָעטישע הויכן, צו וועלכע וועלטן וועט זיך ווייטער טראָגן מאַנגערס „גאָלדענע פּאַווע״? —

צי וועט זי אפֿשר פֿון אירע בלויע הויכקייטן אויסגעפֿינען א נייע ערד? אַ בעסערע, אַ שענערע? ווו „קלאָר־ווייסע ציגעלעך״ ווערן נישט געסמט און נישט געשאָכטן?...

פּאַריז, אָקט. 1949

# ישראל אַשענדאָרף און זיין ווײ און וואַנדער

נאָך ישראל אַשענדאָרפס פריציייטיקן אַוועקגיין פון לעבן איז אין דער סביבה פון זיינע פריינד און חברים געבליבן אַ חלל, אַ שווערע ליידיקייט — בפרט פאַר אונדז, די שרייבער־פליטים, די חברים זיינע פון וואָגל און וואַנ־דער. איז ער דאָך מיט אונדז מיטגעגאַנגען אין אַלע עטאַפּן, אין אַלע פאַר־וואָרפנקייטן, אין אַלע פאַרוואָגלטקייטן, וווהין די זאַוויערוכע פון דער אויס־טערלישער צייט האָט אונדז געטריבן.

אַרגענטינע איז דער דריטער עטאַפּ, די דריטע קרעטשמע, ווו איך האָב זיך מיט אַשענדאָרפן צונויפגעלעבט. צוערשט פּוילן — פּוילן נאָכן חורבן; דאַן פראַנקרייך, און צום לעצט — אַרגענטינע. מען קאָן נישט זאָגן, אַז די דריטע קרעטשמע — די זאַטע אַרגענטינע — איז פאַר די שרייבער־פליטים געוואָרן אַזוי מזל־ברכהדיק. נאָך די יאָרן פון פּיין און וואָגל קומט זיי דאָ אָן נישט אַזוי לייכט דער גרעאַנגל פאַר זייער באַשיידענער מאַטעריעלער באַזע. אמת, דער וועג פון אַ יידישן שרייבער בכלל איז קיין מאָל נישט געווען אויסגעשפּרייט מיט רויזן. בפרט פאַר די שרייבער, וועלכע זיינען געוואָרן אויסגעוואָרצלט, היימלאָז; וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען דורכן גי־הנום פון די יאָרן 1939—1945.

אָבער אַזוי צי אַנדערש — אַרגענטינע איז נישט געוואָרן קיין צו לייכטע היים פאַרן שרייבער־פליט. נישט נאָר שרייבער, נאָר אַפילו אויך אַ זשורנאַליסט מוז דאָ אָפּט אָנקומען צו נעבן־פאַרדינסטן, כדי צו קאָנען פאַרזיכערן זיין עקסיסטענץ. און דערפאַר טאַקע האָט ישראל אַשענדאָרף משום פרנסה זיך אויך געוואָרפן אויף אַן אַנדער געביט: ער איז געוואָרן לערער און שול־אינספּעקטאָר אין „מכון ללימודי היהדות". שטייענדיק פאַר גאָר גרויסע מאַטעריעלע שוועריקייטן ביים בויען דאָ זיין געצעלט — פאַר זיך און זיין קליינער פאַמיליע — האָט ער זיך איינגעשפּאַנט אין אַ סך אַר־בעטן, אין אַ סך פליכטן, נישט אין די ראַמען פון זיינע דערשיטערטע

כוחות. און ווער ווייס? די דאָזיקע אָנגעשטרענגטע אַרבעטן, דאָס אַרומפּאָרן אויף די שול־אינספּעקציעס זיבער די אַרגענטינער ווייטע שטחים, איבער די פּאַרוואָרפֿנסטע שטעט און שטעטלעך, אָן דעם נייטיקן אָפּרו, אָן דעם רויִקן שלאָף — צי דאָס אַלץ האָט נישט פֿאַרגיכערט אַשענדאָרפֿס פֿריי־צייטיקן טויט? אָבער גיי האָב טענות צום גורל — קיין תשובה דערויף דערוואַרטן מיר נישט...

**
*

איך האָב פֿריִער געזאָגט: „חברים פֿון וואָגל און וואַנדער"; ס'איז ריכ־טיקער צו זאָגן: „חברים פֿון ווײ און וואַנדער". ווייל „ווײ און וואַנדער" איז דער נאָמען פֿון ישראל אַשענדאָפֿס אַ בוך לידער, דערשינען אין יאָר 1950 אין פּאַריז.

וואָס איז דער מהות פֿון ישראל אַשענדאָרף דעם דיכטער, דעם דראַמאַ־טורג, דעם דערציילער?

לאָמיר פֿריִער אָנהייבן פֿון ליד. דאָס ליד איז תמיד דער בעסטער שליסל צום דיכטערס נשמה. דאָס בוך פֿון ווײ און פֿון וואַנדער פֿירט אונדז אַריין אין אַשענדאָרפֿס דיכטערישער וועלט. מיר זעען אין אים דעם דיכ־טער אין אַלע זיינע נשמה־עטאַפּן. מיר זעען זיין היים, זיין אָרעמע מאַמע, וואָס אַז זי קויפֿט אויפֿן מאַרק אַ הערינג, קלעקט איר שוין נישט אויפֿן ברויט... זיין היים, ווו קיינער פֿון די בני בית האָט נישט געהאַט קיין גאַנ־צע שיך...

אַז די מאַמע קומט פֿון מאַרק, דערציילט זי וואָס זי האָט אַלץ דאָרט געזען:

אי פֿלייש, אי פֿיש, אי גרינסן, אויבסט, געבעקס,
און אַלץ איז פֿריש און אַ מחיה שמעקט.
ס'איז, דאַכט זיך, דאָ פֿאַר אַלעמען גענוג ,
נאָר איך — איך שטיי, אַ גולם, און איך קוק.
(„ווײ און וואַנדער")

אונטערן רושם פֿון זיין אָרעמער קינדהייט זיינען שפּעטער געקומען זיינע סאָציאַלע מאָטיוון — דער ערשטער פּעריאָד פֿון אַשענדאָרפֿס שאַפֿן. דאַן האָט ער געזען נאָר אָרעמע שטיבער, ווו —

די קיך —
חלומט ווי אַ זקנה:

אַך, ווען עמעץ וויל זי
דערוואַרעמען:
אַן עמער קוילן,
אַ זעקל האָלץ,
די אַלטע ביינער צו דערוואַרעמען...

(דאָרט)

ישראל אַשענדאָרפן, ווי אַ יידישן דיכטער, איז באַשערט געווען —

זיך אויסצוטענהן
און אויסצוווייינען
פאַר דעם דרויסן —
דורך די צוויי און צוואַנציק
יידישע אותיות...

(דאָרט)

פול מיט ליבע איז ער צום יידישן לשון, צו די יידישע אותיות, וועלכע ער באַזינגט אַזוי מייסטערהאַפט:

די יידישע אותיות — נישט קיין שיכורע
פון יענעמס בלוט און נישט פון ווייַנען, —
נאָר קאַנטיקע, פלעקלדיקע, הויקערדיקע,
ווי דאָס מזל פון פאָלק פון מייַנעם.

(דאָרט)

פרי האָט אַשענדאָרף געפילט די יידישע באָדנלאָזיקייט. פרי האָט ער שוין געוועבט דאָס ליד פון וויי און וואַנדער. שוין אין זיין ליד „דאָס פאָרן" דערציילט ער:

מיר זיצן איבער מאַפּעס איינגעבויגן
און זוכן נייע לענדער איבער ימען.
— — — — — — — — — — — — — —
מיר זעען יעדע נאַכט אין טרוים: וואָקזאַלן.
די צוגן פאָרן, פאָרן, פאָרן...

דאָס דאָזיקע ליד, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין 1937, קלינגט ווי אַ שוואַרצע נבואה אויף די גאָר נאָנטע פאַטאַליסטישע יאָרן.

אַשענדאָרפס אמתע, נישט־אימאַזשינירטע וואַנדערונגען האָבן זיך טאַקע אָנגעהויבן — ווי פאַר אַ סך פון אונדז — אין 1939. דער דיכטער האָט אָבער געהאַט דעם מאָראַלישן כוח, אַז אַפילו אין זיין נע־ונד — אין סאָ־

ווייס־רוסלאַנד — האָט ער אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישן פּאַרמעסט אויפן געביט פון דראַמע. אַשענדאָרף איז דעמאָלט געווען אין טאַשקענט. „טאַש־קענט — גאָראָד כליעבאַ״ — אין דער שטאָט פון ברויט, ווו ס'איז אין דער אמתן קיין ברויט נישט געווען... די ביבלישע דראַמע „דער מלך שאול״, פאַר וועלכער אַשענדאָרף האָט, אַגב, בשותפות מיט ה. לייוויקן, באַקומען די אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ־פּרעמיע, האָט ער אָנגעהויבן שרייבן טאַקע דאָרט אין הונגעריקן טאַשקענט און פאַרענדיקט שפּעטער באַלד נאָך דער מלחמה אין באַפרייטן פּוילן, ווו זי איז דערשינען אין בוך־פאָרעם.

אין יענע בלוטיקע מלחמה־טעג, ווען אויף די שלאַכט־פעלדער איז אָנ־געגאַנגען דער גורלדיקער געראַנגל מיט דער היטלעריסטישער בעסטיע; ווען אומעטום האָט מען געדערט וועגן העלדישקייט און העלדן, — אין יע־נע טעג האָט זיך אַשענדאָרף געווענדט מיטן פּנים צו אונדזער עבר; צו אונ־דזערע אייגענע היסטאָרישע העלדן. אַשענדאָרף האָט די ביבלישע עפּאָכע דערנענטערט צו אונדזער צייט. ער האָט איבערגעוואָרפן אַ בריק צו יענע ווייטע תקופות און געגעבן אַ היינטצייטיקן פּירוש צו ווייטע געשיכטלעכע דראַמאַטישע האַנדלונגען און פּאַסירונגען. אַזוי אַרום האָט ער דערנענטערט צו אונדזערע באַגריפן, צו אונדזער מענטאַליטעט אַ ריי באַקאַנטע פּערסאָ־נאַזשן פון אונדזער געשיכטע, זייער לעבן און קאַמף, זייערע גרויסע אַמ־ביציעס און ליידנשאַפטן, זייער דערהויבונג און זייער פאַלן.

די ביבלישע טעמאַטיק איז זייער נאָנט יעדן ייִדן. ביי אוונדז אַלעמען זיינען דאָך פון די חדר־יאָרן טיף איינגעבאַקן אין האַרצן די געשטאַלטן פון אונדזערע מלכים און נביאים. מיר האָבן דאָך אין דער קינדשאַפט תמיד גע־טראַכט און געחלומט פון זיי; שטענדיק געזען זיי אין די קרוינען פאַר אונ־דזערע אויגן. דער דיכטער גופא איז אוודאי און אוודאי פאַרליבט געווען אין זיינע העלדן. אַן אויסדרוק פון דער דאָזיקער ליבע גיט אונדז אַשענדאָרף אין זיין ווידמונג צו „דער מלך שאול״:

גערשטאַלטן פון די קינדער־יאָרן,
איך זע אייך נאָכאַמאָל פאַר מיר.
איך האָב געמיינט: צו מיין זכרון
איר האָט שוין לאַנג פאַרמאַכט די טיר.
די קינדהייט, אמת, כ'האָב פאַרלאָרן,
נאָר אייך איך קיין מאָל נישט פאַרליר!

איך האָב אייך יעדעס מאָל באַגעגנט
אויף אַלטע בלעטער פון תנ״ך.
איר האָט באַגלייט מיך אויף די וועגן
ביים גיין פון חדר יעדע נאַכט.
איך בין שוין אויפן בעט געלעגן
און האָב נאָך אַלץ פון אייך געטראַכט.

דעם קליינעם דוד כ׳בין מקנא,
ווי גוט געצילט ער האָט דעם שטיין.
און אויף דער האַרף ער האָט פאַרשטאַנען
צו שפּילן לידער וווּנדערשיין,
און אויפן תהילים־בוך — פון וואַנען
איך האָב געלערנט זיך אַליין.

די דראַמע „דער מלך שאול" איז דער אָנהייב פון אַ טרילאָגיע, צו וואָס אונדזער מלכים־דינאַסטיע מיט איר רייכן דראַמאַטישן שטאָף האָט באַפּליגלט אַשענדאָרפן. [redacted] די אין אַר־גענטינע דערשינענע דראַמע „דער מלך דוד" איז די צווייטע [redacted] פון דער טרילאָגיע. איבער דער דאָזיקער דראַמע האָט אַשענדאָרף געאַרבעט אַ היפּשע צייט. ער האָט די פערזן געפּוצט, גע־שליפן ווי פּערל. און אַז דאָס ווערק איז פאַרטיק געוואָרן, האָט עס נאָך גע־מוזט לאַנג וואַרטן אין מחברס שופלאָד איידער ס׳איז דערשינען. דאַרף דעריבער אונטערגעשטראָכן ווערן דער פאַרדינסט פון אַשענדאָרפס לאַנדס־לייט — די פעדעראַציע פון די גאַליציאַנער לאַנדסמאַנשאַפטן אין בוענאָס־איירעס, וועלכע האָט אויף זיך גענומען די שיינע מיסיע אַרויסצוגעבן די דראַמע פון זייער בכבודיקן בן־עיר, דעם דיכטער־דראַמאַטורג.

און אַזוי האָט אַשענדאָרפס צווייטע דראַמע דערזען די ליכטיקע שיין. אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט דער גרויזאַמער פאַטום: דער מחבר אַליין האָט נאָר געהאַט דעם נחת־רוח אָנצוקוקן די ערשטע בראָשירטע עקזעמ־פּליאַרן. צו דער געפּלאַנטער אימפּאָזאַנטער פייערונג ביי זיינע לאַנדסלייט לכבוד דעם דערשיינען פון דער דראַמע האָט ער שוין נישט זוכה געווען צו דערלעבן... ער איז אויסגעגאַנגען ערגעץ אויף אַ ווייטער פאַרוואָרפענער באַן־סטאַציע, בעת זיינער אַ נסיעה ווי שול־אינספּעקטאָר, און אַהער קיין בוענאָס איירעס האָט מען אים שוין געבראַכט צו פירן אין אַ קאַסטן... און

יענע געפּלאַנטע ליטעראַרישע שמחה איז נאָך דעם פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טרויער־אַקט... שוין אָן דעם מחבר...

ישראל אַשענדאָרף — דער שרייבער־פּליט — רוט אין זיין קבר אויפן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ, נעבן סימבאָלישן דענקמאָל נאָך אונדזערע זעקס מיליאָן קדושים. בעת מ׳קומט אַהין צו די אַזכרה־אַקטן ביים דענקמאָל, זעט מען אַ מאָל אויף אַשענדאָרפס קבר אַ פּאָר בלימלעך, אַוועקגעלייגט פון אַן אומבאַקאַנטער האַנט. זיין פרוי און בן־יחידל געפינען זיך שוין זינט יאָרן אין ישראל, ווייט פון זיין עלנטן קבר.

***

אויך די צווייטע דראַמע אַשענדאָרפס — „דער מלך דוד״ — איז, פּונקט ווי די ערשטע, געשריבן אין פּאָעטישער פאָרעם, אין ווייסן פערז. אין פיינע דיכטערישע בילדער פלעכטן זיך די דראַמאַטישע עפּיזאָדן פון דער ביב־לישער מלך דוד־געשיכטע. דער מחבר פירט אַרויס אַ גאַנצע ריי פּערסאָ־נאַזשן פון יענער תקופה. פאַראַן אינעם ווערק אַ סך דראַמאַטישער שטאָף, וואָס וואָלט זיכער געקלעקט פאַר אַ טעאַטראַלישן ספּעקטאַקל. אָבער דער מחבר האָט נישט זוכה געווען צו זען ביים לעבן די אויפפירונג נישט פון „מלך שאול״ און נישט פון „מלך דוד״. אפשר וועלן די דאָזיקע דראַמעס נאָכן מחברס טויט אַ מאָל יאָ געפינען אַ תיקון אויף דער יידישער בינע? ליידט דאָך דאָס יידישע טעאַטער פון דוחק אין נייע פּיעסן. האָבן דאָך אַק־טיאָרן טענות צו שרייבער פאַר וואָס זיי שרייבן נישט פאַרן טעאַטער.

דער פּראָיעקט פון דער דריטער דראַמע פון דער טרילאָגיע — „דער מלך שלמה״ — איז אַוועק צוזאַמען מיטן מחבר אין קבר.

אַחוץ די צוויי דערמאָנטע ביבלישע דראַמעס זיינען געבליבן פון ישראל אַשענדאָרפן אַ ציקל איינאַקטערס. פינף פון זיי זיינען אַריין אין אַשענדאָרפס בוך „לעצטע שריפטן״, וואָס דער קולטור־קאָנגרעס אין אַרגענטינע האָט אַרויסגעגעבן נאָכן טויט פון מחבר. פיר פון די פינף איינאַקטערס זיינען געווידמעט דער חורבן־טעמאַטיק, און אין די ערשטע יאָרן נאָכן חורבן השלישי זיינען זיי דאָ־דאָרטן — אויך אין בוענאָס־איירעס — אויפגעפירט געוואָרן אויף דער בינע דורך פאַרשיידענע דראַמאַטישע סטודיעס.

ישראל אַשענדאָרף האָט אויך געשריבן דערציילונגען, קורצע און גרעסערע נאָוועלן, מיניאַטורן. אויך אין זיינע דערציילונגען דאָמינירט די צייט־טעמאַטיק, די טראַגישע וואָר פון אונדזערע וואָגל־יאָרן, די פּרעכטיקע

דערציילונג פון הויכן קינסטלערישן ניוואָ א״נ „מלבושים“, צי די אויס־טערלישע, פאַנטאַסטישע געשיכטע „חיים חייקל די קאַץ“ (אין זיין בוך „שותפים פון גורל“) זיינען גוטע עדות וועגן אַשענדאָרפס דערגרייכונגען ווי אַ פּראָזע־שרייבער.

אין דער דערציילונג „מלבושים“, למשל, זעט איר די גאַנצע טראַגיק פון דעם רוסישן דערדריקטן מענטש. אַ שטילע שילדערונג, אין זייער דיסקרעטע טענער, אָן קינסטלעכע שרייַקע עפעקטן. די שטילקייט רעדט דאָ מער ווי ווערטער.

דער גרעסטער טייל דערציילונגען, וואָס געפינען זיך אין אַשענדאָרפס בוך „לעצטע שריפטן“, אָטעמען אויך מיט דער צייט־טעמאַטיק, ווי אַ שטייגער: „דאָס פעלצל“, „דער פּראָפעסאָר וויל קויפן אַ שליאַפּע“, „דער נסיון“, „נישט אויסגעמיטן דעם גורל“, „דער דעזערטיר“, „אויף דער שיף“, „צוויי פריינד“, „די באַגעגעניש“.

אַשענדאָרף איז מיט זיין גאַנצן וועזן געווען פאַרוועבט און פאַרפלאָנ־טערט אין די טראַגישע יאָרן און פון דער דאָזיקער גורלדיקער צייט האָט ער געשעפּט זיין טעמאַטיק, זיינע העלדן און זייערע איבערלעבענישן, זייער געראַנגל און זייערע יסורים. אַשענדאָרפן גופא האָבן די „פיר אותיות“ (לויטן פּליטים־זשאַרגאָן: די נקוו״ד...) מיט קיין קאָנצלאַגער נישט „מזכה געווען“ (ער האָט באַלד אין לעמבערג אין 1940 אַרויסגענומען „לאָיאַל“ אַ סאָוועטישן פּאַס); אָבער אויך אין טאַשקענט האָט ער קיין האָניק נישט געלעקט...

אין דעם דערמאָנטן בוך אַשענדאָרפס „לעצטע שריפטן“ האָט די רעדאַקציע אַריינגענומען כמעט אַלע זיינע זשאַנערן: ליד, דראַמע, דער־ציילונג, מיניאַטור. איך זאָג „כמעט“, ווייל אין בוך פעלט נאָך אַ וויכטיקער זשאַנער אַשענדאָרפס — די עסיי. האָט דאָך אַשענדאָרף ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן געשריבן גאַנץ וואָגיקע עסייען, געדרוקטע דאָ — דאָרטן אין צייטונגען און פּעריאָדישע אויסגאַבן. די דאָזיקע עסייען, ווי נאָך פיל אַנדערע שריפטן זיינע, וועלכע זיינען נאָך נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין בוך־פאָרעם, וואַרטן אויף אַ שעת הכושר אין אַרכיוו פון היגן „ייוואָ“.

אגב: אויך אין ישראל, אין רשות פון זיין פרוי, געפינט זיך אַשענ־דאָרפס אַ זאַמלונג מיניאַטורן אין העברעיש; אָבער אויך דאָרטן אַפנים איז נישטאָ קיין געהעריקע איניציאַטיוו אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע קליינע

ביכעלע, וואָס אַשענדאָרף האָט אַליין געשריבן אָדער איבערגעזעצט אויף עברית (ווי אַן עקספּערימענט אַפּנים...).

***

ישראל אַשענדאָרף איז אומעטום אויף אַלע זיינע וואַנדער־עטאַפּן געווען ליטעראַריש־שעפעריש; איז געווען אַקטיוו מיט וואָרט און שריפט. איז אויך! ווי אַ רעדנער געווען אַן אָפטער גאַסט אויף עפנטלעכע טריבונעס. אַזוי איז ער באַלד נאָך דער מלחמה ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעך געווען טעטיק אין פּוילן; שפּעטער אין פראַנקרייך און זיינע לעצטע דריי יאָר אין אַרגענטינע — אין זיין לעצטער אכסניה...

פאַר דער קורצער צייט, וואָס אַשענדאָרף האָט דאָ פאַרבראַכט, האָט ער באַוויזן צו ווערן פּאָפּולער אין די יידישע לייענער־קרייזן. מיט זיין סיסטעמאַטישער מיטאַרבעט אין „די אידישע צייטונג", וווּ ער האָט פאַר־עפנטלעכט לידער, דערציילונגען, עסייען און אַרטיקלען; מיט זיינע אָפטע עפנטלעכע אַרויסטריטן פאַר פאַרשיידענע אוידיטאָריעס האָט ער געוווּנען אַ נאָמען. די אַלע צוהערער וועלן נישט פאַרגעסן זיין וווּנדער־שיינע



אויף אַ ליטעראַרישן אָוונט פון יידישן פּען־קלוב אין פּאַריז, אין דער „פעדעראַציע".

פון רעכטס: ד"ר י. בערנפעלד, סקולפּטאָר פּערעלמאַן, ישראל אַשענדאָרף, ד. ב. מאַלקין, י. פּינק, ישראל עפּרויקין, אברהם זאַק.

עמאָציאָנירנדיקע רעדע בשעתו אין טעאַטער „אַסטראַל“ אויף דער פּראָ־טעסט־אַקאַדעמיע פון קולטור־קאָנגרעס, בשותפות מיט דער „דאַיאַ“, קעגן דער מאָסקווער שחיטה פון יידישע שרייבער. אַשענדאָרף האָט דעמאָלט ממש מיטגעריסן דעם פאַר־טויזנט־קעפּיקן עולם און דער זאַל האָט גע־שטורעמט.

אָבער נישט לאַנג איז ישראל אַשענדאָרפן באַשערט געווען צו שאַפן אין דאָזיקן ישוב — אין זיין לעצטן עטאַפּ. דער גרויזאַמער טויט האָט זיין יונג לעבן (ער האָט אַפילו קיין פופציק נישט דערגרייכט!) איבערגעריסן אין סאַמע צעבלי פון זיין שעפערישקייט.

**
*

כ׳דערמאָן זיך: אַן אָוונט פאַר זיין לעצטער נסיעה אויף זיינע שול־אינספּעקציעס. מיר שפּאַצירן איבער קאָריענטעס און קומען צו ביז פּועירע־דאָן. דאָ דאַרפן מיר זיך געזעגענען. און אַשענדאָרף זאָגט:

— איך מוז דאָ עפּעס נעמען צו פאָרן.

— איר ווינט דאָך אויף בולאָן סיר מער. סך הכל אַ פיר קוואַדרעס...

— נישטאָ קיין כוח... — ענטפערט ער. — דוכט, כ׳וועל פאַלן...

כ׳קוק אים אָן — ער האָט באמת אויסגעזען בלאַס און קרענקלעך.

מיר געזעגענען זיך. מער האָב איך אים נישט געזען: פון דער דאָזיקער נסיעה האָט מען אים שוין געבראַכט אינעם טויטן־קאַסטן...

אַשענדאָרפס פריצייטיקער טויט האָט מיך פערזענלעך שטאַרק באַ־טריבט: האָבן מיר דאָך צוזאַמען מיטגעאַרבעט אין די פאַרשיידענע וואַנדער־עטאַפּן. צוערשט אין לאָדזש באַלד נאָך דער מלחמה, אין פאַרוואַלטונג פון ליטעראַטן־פאַראיין; ספּעציעל ביי דער אויסגאַבע פ׳נעם אַלמאַנאַך „יידישע שריפטן“ (צווייטער זאַמלבוך); צוזאַמען זיך באַטייליקט אין דעם ערשטן ליטעראַרישן טורנע פון דער דעמאָלט אַזוי־גערופענער „שרייבער־בריגאַדע“ איבער די נייע ישובים פון נידערשלעזיע. שפּעטער אין פּאַריז: ביי דער אַרבעט אין רעדאַקציע פון ישראל עפרויקינס חודש־זשורנאַל „קיום“; אין פאַרוואַלטונג פון פּענקלוב; אין אַ ריי אַקטיוויטעטן פון שרייבער־פּליטים־פאַרבאַנד אויף רי גי פּאַטען 9 וכדומה. נאָך שפּעטער אין בוענאָס איירעס: אויך דאָ איז ער פון דער „פּאַריזער“ גרופּע שרייבער־פּליטים מיר געווען דער נענטסטער... אין היגן שרייבערישן קלימאַט פעלט מיר עד היום די דאָזיקע פריינדשאַפט, וואָס איז פּלוצלונג אויסגעלאָשן געוואָרן — — —

# שמערקעס געזאַנג

שווין יאָרן אַוועק אָן שמערקען. אָבער אונדזער געדאַנק קאָן אַלץ נישט שלום מאַכן מיט דעם טרויעריקן פאַקט — אַז ער איז טאַקע מער נישטאָ... אויף אַלע אונדזערע מסיבות דאָ און דאָרט דאַכט זיך אונדז, אַז אָט באַלד וועט ער דערשיינען; אַז אָט וועט זיך אָן עפן טאָן די טיר און עס וועט זיך ווייזן דער בלוי־אויגיקער, שמייכלדיקער שמערקע, און אַז באַלד וועט ער אויסוואַקסן אין דער ראָל פון אַ דיריזשאָר און די גאַנצע מסיבה וועט זיך צעזינגען:

שבת, שבת, שבת,
זאָל זיין, ייִדן, שבת,
שבת אויף דער גאַנצער וועלט — — —

עס זינגט זיך נישט אַזוי אויף אונדזערע מסיבות אָן שמערקען. עס פעלט אין אונדזער סביבה די נשמה פון געזאַנג, פונעם דביקות. אונדזערע מסיבות זיינען ווי פאַריתומט געוואָרן...

**
*

שמערקע קאַטשערגינסקי האָט אַליין געשריבן לידער און נאָך מער איז ער געווען דער פאַרשפרייטער פון ייִדישן ליד צווישן פאָלק. ווי אַזאַ געדענקען אים אַלע. אַזאַ איז ער תמיד געווען אין משך פון זיין צו קורץ לעבן. עס פלעגן זיך נאָר בייטן זיינע ניגונים. אַמאָל זיינען עס געווען לידער פון קאַמף, פון בטחון, פון גאולה; אַמאָל ווידער לידער פון טרויער, פון יאוש, ווי אַ שטייגער: „שטילער, שטילער", וואָס אָטעמט מיט שוידער פון די פאָנאַרער גריבער...

שמערקע איז אין זיין עצם וועזן געווען אַ צעזונגענער, אַ דינאַמישער, פול מיט יוגנט, אימפעט, איניציאַטיוו. פאַר דער צייַט, וואָס איך האָב אים

געקענט — אין די נאָך־מלחמה־יאָרן — האָב איך אים קיינמאָל נישט געזען אין שטימונג פון פּאַסיווקייט. תמיד האָט ער עפּעס אונטערגענומען, ביי אַלע אומשטענדן זיינען ביי אים געבוירן געוואָרן נייע איניציאַטיוועס און ער האָט מיטגעריסן חברים. איניציאַטיוועס פון קולטורעלן אָדער ליטעראַרישן כאַראַקטער. שטענדיק איז ער געשטאַנען בראש פון אָרגאַניזירן, פון שאַפן געזעלשאַפטלעכע טריבונעס, פון דרוקן און לאָזן הערן דאָס ייִדישע וואָרט, דאָס ייִדישע ליד.

אין צוזאַמענלעבן מיט חברים איז שמערקע געווען דער איבערגעגעבנסטער, דער געטרייסטער חבר. ס׳איז ביי מיר שטענדיק געווען דער איינדרוק, אַז שמערקע האָט אין האַרצן לחלוטין נישט פאַרמאָגט די מינדסטע דאָזע פון קנאת־סופרים. די דאָזיקע מחלה האָט אים קיינמאָל נישט צעפרעסן. אדרבה, ס׳פלעגט אים שטענדיק באמת פרייען, ווען אַ קאָלעגע פלעגט אָנשרייבן אַמאָל אַ גוטע זאַך און האָבן דערפאָלג. ער האָט זיך מיטגעפרייט ווי אַ ברודער. דעריבער איז ער געווען אַזוי אָרגאַניש פאַרבונדן מיט שרייבער, און דערפאַר האָבן אים שרייבער אַזוי ליב געהאַט. בלעטערט אַדורך דאָס דאָ דערשינענע „קאַטשערגינסקי־געדענק־בוך״, וועט איר זען וויפל שרייבער אין דער וועלט האָבן אַזוי שטאַרק איבערגעלעבט דעם טרויער צוליב שמערקעס טראַגישן טויט. אומעטום האָט מען אים געקענט, אומעטום האָט מען אים ליב געהאַט, אומעטום האָט ער געהאַט אַזוי פיל גוטע פריינט און חברים. און ס׳האָט יעדער דאָס געפיל און דעם צער, ווי ער וואָלט פאַרלוירן אַ לייבלעכן ברודער...

**
*

באַקענט זיך מיט קאַטשערגינסקין האָב איך זיך אין 1946, אין נאָך־מלחמהדיקן פוילן. ער איז דאַן ערשט צוריקגעקומען פון באַפרייטן חרובן ווילנע. פון ווילנע אָן ייִדן... פון ווילנע אונטערן „האַמער און סערפּ״. ער איז צוריקגעקומען פון דאָרט אַן אַנטוישטער, מיט צעראונענע חלומות... ער האָט שוין געוווסט די ביטערע מערכה, אַז ביי זיי, ביי די נייע מושלים, וועט זיין ייִדישע ווילנע, זיין ירושלים דליטא נישט קאָנען אויפגעבויט ווערן. איז וואָס־זשע האָט ער געהאַט צו טאָן דאָרט אויף „יענער זייט״, ווו ס׳לעשט זיך אויס ייִדיש און ייִדישע קולטור?...

כ׳געדענק: די גרופּע קאָמוניסטישע שרייבער אין נאָך־מלחמהדיקן לאָדזשער ליטעראַטן־פאַראיין האָט קאַטשערגינסקין דערפאַר נישט איין

מאָל געשטערט צו זאָגן זיין וואָרט פון דער טריבונע; נישט דערלאָזט אים צו אַן אָנפירנדיקן אַמט אין שרייבער־פאַראיין. ער האָט באַלד דערשפּירט און געוווּסט: אויך פון פּוילן דאַרף אַ ייִדישער פּען־מענטש זיין וואָס ווייטער. און ער איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָט דערמוטיקט חברים־שרייבער צו „יציאת פּוילן".

דער דאָזיקער געדאַנק איז נאָך נישט געווען ביי אַלעמען אַזוי פּאָפּולער. ס'איז געווען די צייט נאָך פון „בורג־פרידן". אַלע פּאַרטייען זיינען נאָך געזעסן ביי איין טיש: פּ.פּ.ר., בונד, די פּועלי־ציון, מפּ"ם, אַפילו סתּם ציונים און מזרחי. געווען דאַן אַ סך נאַיווע, וואָס האָבן געגלויבט, אַז מ'קאָן שאַפן אין פּוילן אויף די חורבות נייע ייִדישע ישובֿים, אַז מ'קאָן ווידער אויפשטעלן אויפן אַש אַ ייִדיש לעבן. געווען אויך ייִדישע דיכטער, וואָס האָבן פון צווישן די געטאָ־חורבות געלאָזט הערן, יעדער אויף זיין אופן, די היפּער־אָפּטימיסטישע טענער פון „עם ישראל חי".

געווען אַפילו אַ שרייבער — דער דעמאָלטיקער פּאָרזיצער פון לאָדזשער ליטעראַטן־פאַראיין, לעאָ פינקעלשטיין ע"ה — וועלכער איז דאַן געפאָרן מיט אַ באַזוך קיין צפון־אַמעריקע און דאָרט האָט ער אָפּגעדרוקט אַ פּאַטעטישן אַרטיקל „אדמת קודש": אַז די ערד פון פּוילן, וווּ עס איז צעשפּרייט דאָס אַש פון אונדזער אומגעבראַכטן פאָלק, איז הייליק און אַז מיר טאָרן זי דערפאַר נישט פאַרלאָזן. דער סוף איז געווען, אַז אויך לעאָ פינקעלשטיין האָט גאָר גיך אַליין איינגעזען זיין לייכטגלויביקייט; אַז דער פּאָליטישער קורס אין פּוילן האָט זיך שנעל געביטן און ער איז שוין אַליין אויך נישט צוריקגעפאָרן צו דער „אדמת קודש"...

אגבֿ אורחא זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן: נישט אויף לאַנג איז לעאָ פינקעלשטיינען באַשערט געווען צו פאַרברענגען אין זיין נייער היים. דער פריצייטיקער טויט האָט איבערגעריסן דאָס לעבן פונעם גייסטרייכן עסיי־איסט.

שמערקע איז, בכן, געווען פון די ערשטע — שוין אין 1946 — וואָס האָט זיך באַזאָרגט מיט אַן איטאַליענישער וויזע. כ'דערמאָן זיך אונדזער דעמאָלטדיקע באַגעגעניש אין וואַרשע. קאַטשערגינסקי און סוצקעווער האָבן געטראָפן די טאָכטער פונעם שרייבער־קדוש אַלטער קאַציזנע. דער שיינער מיטקען איז געלונגען זיך צו ראַטעווען פון די דייטשן קיין איטאַליע און דאָרט האָט זי זיך באַקענט און פאַרבונדן מיט אַן איטאַליענישן ראַדיקאַלן פּאָליטישן טוער. און דער דאָזיקער מאַן אירער איז דאָס איצט דער איטאַ־

ליענישער אַמבאַסאַדאָר אין פּוילן, אַמבאַסאַדאָר רעאַלע. און דעם זעלבן טאָג נאָך זענען מיר — אַ גרופּע שרייבער — געזעסן ביי איר אין האָטעל „פּאָלאָניאַ“ אויף די טיילוויז חרובע יערוזאַלימער אַלייען, און שפּעטער — שוין אין איטאַליענישן קאָנסולאַט, ווו ס'האָט אונדז אויפגענומען מיט דער גרעסטער פריינטלעכקייט מיטקעס מאַן — דער אַמבאַסאַדאָר. עס זיינען דאַן דערליידיקט געוואָרן די וויזע־פּאָרמאַליטעטן פאַר דער גאַנצער גרופּע.

אין דעם זעלבן טאָג, געדענק איך, זיינען מיר נאָך צוזאַמען געווען אין אַ לאָקאַל אויף מאַריאַנסקע, ווו ס'האָט געאַרבעט אַ שטאַב פון דער „בריחה“, אונטער דער אָנפירונג פון געוו. געטאָ־קאָמענדאַנט אַנטעק צוקער־מאַן. אַ טייל יידישע יוגנט אין פּוילן האָט שוין געהאַט דאַן איר קלאָרן ציל, איר קלאָרן וועג...

אָבער איידער שמערקע האָט פאַרלאָזט פּוילן איז געקומען מעשה־קיעלץ. דער פּאָגראָם און די שחיטה פון 42 ייִדן. פון ייִדן געראַטעוועטע אין בונ־קערס און לאַגערן... דאָס האָבן שוין די היימישע פּוילישע כוליגאַנעס דער־לאַנגט דער יידישער שארית הפליטה אַ בלוטיקן „דעסער“ נאָך מאַידאַנעק און טרעבלינקע...

דער רירעוודיקער שמערקע איז געווען פון די געציילטע עטלעכע שרייבער, וואָס זיינען געפלויגן קיין קיעלץ צו דער לוויה. געווען דאָרט אויך חיים גראַדע און יוסף רובינשטיין. חיים גראַדע האָט נאָך דעם אָנגע־שריבן זיין פּאָעמע „קיעלץ“, און שמערקעס רעפּאָרטאַזש פון דער דאָזיקער לוויה איז אַ שוידערלעכער דאָקומענט, אַ טראַגיש בלעטל פון יידישער מאַרטיראָלאָגיע...

הגם קאַטשערגינסקי האָט שוין געקאָנט פאַרלאָזן פּוילן, פון דעסטוועגן האָט ער די נסיעה נאָך אַ ביסל אָפּגעלייגט: עס האָט אים, ווי יעדן פון אונדז, עפּעס געהאַלטן. ס'האָט זיך געגלוסט מער אָנזאַפּן מיט חורבן, מיט די ציגל פון די געטאָס, מיט די רעשטלעך פון מאַידאַנעק און אָשוויענטשים...

**
*

כ'דערמאָן זיך אָפּט אונדזער בשותפותדיקן ליטעראַרישן טורנע איבער די ניי־אַנטשטאַנענע יידישע ישובים אין פּוילן. צייטווייליקע ישובים־קרעטשמעס פון צוויפגעלאָפּענע פּליטים. ס'איז געווען האַרבסט־צייט 1946. שוין נאָך קיעלצער שחיטה. מיר זיינען געווען זאַלבע־פינפט: שמער־קע קאַטשערגינסקי, לייב אָליצקי, ישראל אַשענדאָרף, חיים גראַדע און דער

שרייבער פון די שורות. דאָס האָט אונדז דער צ. ק. פון די ייִדן אין פּוילן געשיקט ווי אַ „בריגאַדע שרייבער"... (לויטן סאָוויעטישן נוסח...). פון וואַרשע זיינען מיר געפלויגן מיט אַ „דוגלאַס" קיין קראָקע, ווייל פון די באַנען האָט מען ייִדן אָפט אַרויסגעוואָרפן און אומגעבראַכט... מיר האָבן באַזוכט קראָקע, אַ ריי שטעט אין אויבערשלעזיע און נידערשלעזיע. אויף דער דאָזיקער נסיעה — הגם זי האָט געהאַט פאַר אונדז אַזוי פיל טרויער־מאָמענטן, ווייל מיר האָבן אויפן וועג אויך באַזוכט אָשוויענטשים און בירקענאַו... — אויף דער דאָזיקער נסיעה האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו דערקענען נענטער קאַטשערגינסקין אין זיין צעזונגענקייט. מיר האָבן אומעטום, אין די אַלע שטעט, אויך באַזוכט די קיבוצים, קינדער־אינטער־נאַטן, שולן. אַז שמערקע פלעגט נאָר אַריינקומען צווישן יוגנט אָדער קינדער, האָבן שוין געקלונגען לידער.

— כ׳וועל אייך, קינדער, אויסלערנען אַ ליד — האָט ער אויסגערופן און זיך אַוועקגעשטעלט אויבן־אָן. ער האָט פריִער אַליין פאַרגעזונגען און דאַן אויסגערופן:

— מיט מיר, קינדער!

שמערקע האָט דיריגירט און די גאַנצע אודיטאָריע האָט מיטגעזונגען. דאָס ליד — דאָס איז געווען זיין מתנה פאַר גרויס און קליין.

**
*

עס דערמאָנען זיך שמערקעס ווייטערדיקע איניציאַטיוועס, טעטיקייטן. און — ווידער זיין ליד, זיין פאַרשפּרייטונג פון ייִדישן ליד. דאָס איז שוין געווען אין אַן אַנדער אָרט, אין אַן אַנדער צייט: אין פּאַריז, אויף גי פּאַטען 9 — דער פּאָפּולער געוואָרענער אַדרעס פון די שרייבער־פּליטים פון פּוילן.

פון די אַלע אָפט זייער שטורמישע אימפּרעזעס אין יענעם לאָקאַל דער־מאָנען מיר זיך דווקא די שטילע, באַהנטע, אינטימע פרייטיק־צו־נאַכטן. דאָס זיינען געווען שמערקעס אָוונטן. אויף די דאָזיקע מסיבות האָט זיך שמערקע געפילט אין זיין סטיכיע. דאָס זיינען געווען אָוונטן פון ייִדישן ליד. ביי באַשיידן סערווירטער קאַלטער משקה, אַרום אויסגעשטעלטע לאַנגע טישן אין געשטאַלט פון אַ חי"ת, זיינען געזעסן ייִדן — מענער און פרויען, ייִנגע־רע, עלטערע. נעבן יעדן איינעם איז געלעגן אַ צוגעגרייט בלעטל מיט אַ מימעאָגראַפירטן ליד, אָדער צוויי לידער. היינט, הייסט עס, וועט מען זיך אויסלערנען זינגען דאָס דאָזיקע ליד אָדער לידער. ווי אומעטום און

תמיד, זינגט שמערקע פּאָר און צום צווייטן מאָל — דער גאַנצער עולם מיט אים צוזאַמען. מ׳האָט געזונגען איין מאָל, אַ צווייט מאָל, אַ דריט מאָל — אַזוי לאַנג ביז וואַנען די אוידיטאָריע האָט שוין גוט געקאָנט אַליין זינגען, אָן דעם לערער, אָן שמערקען.

נאָכן אויסלערנען די נייע לידער פלעגט מען איבערחזרן בציבור די אַלטע, די פון פריער אויסגעלערנטע. און אַזוי פלעגן אַוועקגיין אויף גי פּאַטען 9 די פרייטיק־צו־נאַכטן אין יידישן געזאַנג.

שמערקע איז, ווי געזאָגט, געווען נישט נאָר דער שעפער און זאַמלער פון יידישע לידער, באַזונדערס פון די געטאָ־לידער, נאָר אויך זייער פאַר־שפרייטער, זייער פּאָפּולאַריזאַטאָר, דער טרובאַדור צווישן פאָלק.

**
*

כדאי אויך צו דערמאָנען אַן אַנדער עפּיזאָד, וואָס כאַראַקטעריזירט שמערקעס ליבע צום ליד, צו יידישן געזאַנג.

געווען איז עס אויף אונדזער געמיינזאַמער נסיעה פון פּאַריז קיין ישראל אין 1950. מיר זיינען געווען זאַלבעדריט: שמערקע קאַטשערגינסקי, משה גראָסמאַן און איך.

בעת אונדזער באַזוך אין צפת, האָבן מיר געהערט, אַז אין אָוונט קומט דאָרט פאָר אַ רבנישע חתונה. איז ווי זשע גייט מען נישט אַהין אַ קוק טאָן אויף אַזאַ בילד? גרויס און קליין האָט געצויגן אַהין. זיינען מיר אויך מיטגעגאַנגען דורך ברייטע שטיינערנע טרעפּ אין דער נידער, צו די אַלטע, פאַרצייטיקע געסלעך.

דער חתונה־זאַל איז געווען פול. אַ געמישטער עולם יידן. יידן פאַר־שיידן־טיפּיקע, אין היטלען און אין שטריימלעך. אויבן־אָן איז געזעסן דער חתן, דער בן־תורה, צווישן רבנים. אין צענטער איז אויך געזעסן דער ירושלימער זקן, הרב הראשי הערצאָג. נאָך די דרשות האָט זיך אָנגעהויבן נגינה. יידן צעזינגען און צעטאַנצן זיך. עס גייען ניגונים און רקידות. און דאָ באַמערקט זיך, ווי שמערקע איז געוואָרן פאַרענדערט. זיין פּנים האָט זיך פּלוצלונג אָנגעצונדן, די אויגן צעגלאַנצט און — ער זינגט שוין אויך מיט! און נישט סתם געזונגען, נאָר איבערגעלעבט דאָס געזאַנג, מיט ברען, מיט התלהבות. ער האָט, ווי די אַנדערע צעזונגענע יידן, צוגעפּאַטשט מיט די הענט צום טאַקט פונעם ניגון און ער איז געוואָרן ווי איינער פון אַלע צעזונגענע און צעטאַנצטע חתונה־מחותנים און אורחים.

איך האָב בעת־מעשה אָבסערווירט שמערקען און געטראַכט, אַז זיין שייכות צום ייִדישן ליד, צום ייִדישן געזאַנג איז אַ טיף אָרגאַנישע. דאָס ליד איז אין זיין בלוט.

דאָס האָבן אויך געזען און געפילט ביי שמערקען די ייִדן דאָ אין בוענאָס איירעס, ווו ער איז צוזאַמען מיט זיין פרוי און טעכטערל געוואָרן אַ תושב און ווו ער איז אַזוי פּאָפּולער געוואָרן. דעריבער פילן מיר עד־היום ווי ער פעלט אונדז אויף טריט און שריט. מיר פילן עס אויף אַלע אונדזערע צוזאַמענקונפטן, אונדזערע פאַרוויילונגען אָן שמערקען. דעריבער „קלאַפּן" נישט מער אַזוי די טעג פון אונדזערע ניגונים... עס פעלט אונדז שמערקעס ליד, שמערקעס ניגון...

דער גורל האָט געוואָלט, אַז אויך זיין לעצטער טראַגישער פלי זאָל זיין צוליבן ייִדישן געזאַנג: שמערקע איז דאָך געפאָרן קיין מענדאָסאַ, כדי צו זינגען מיט ייִדן ייִדישע לידער...

געבליבן נאָך אים אַ חלל.

# משה בראָדערזאָן אין ליכט פון זיינע בריוו

### א.

דער טויט פון אונדזער ליבלינג־פּאָעט, דעם ילד שעשועים פון אונ־דזער פּאַרנאַס, איז באַזונדערס טראַגיש און דערשיטערנדיק. טראַגיש פאַר אים, פאַר זיין לעבן, וואָס איז פּריצייטיק איבערגעריסן געוואָרן, און דער־שיטערנדיק פאַר אונדז, זיינע פּען־חברים; פאַר דער יידישער שרייבער־משפּחה אין דער וועלט. נאָך יאָרן פּיין און יסורים — יסורים גייסטיקע און פיזישע — ווען עס האָט שוין בראָדערזאָנען אַ בלענד געטאָן פון דער ווייטנס די פרייע וועלט, — האָט דער אכזריותדיקער טויט אַ סוף געמאַכט צו זיין אויסגעפייניקט לעבן...

אין פלוג, הייסט עס, אַז משה בראָדערזאָן איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט: געקומען דער מלאך המות און — פּרחה נשמתו. אָבער נאָר אין פלוג. אין דער אמתן גייט בראָדערזאָן אַריין אין דער רשימה פון די אַלע דערמאָרדעטע יידישע שרייבער אין סאָוויעט־רוסלאַנד. דער חילוק איז נאָר, וואָס די לעבנס פון מאַרקיש, פעפער, בערגעלסאָן, דער נסתר, קוויטקאָ און די אַלע אַנדערע צענדליקער, צענדליקער פּען־מענטשן זיינען געוואָרן איבערגעריסן מיט אַ מאָל דורך אַ קוילן־זאַלפּ פון אַ נ.ק.וו.ד.־פלוטאָן — און משה בראָדערזאָן איז דערמאָרדעט געוואָרן לאַנגזאַם, אַכזר־יותדיק־פּאַמעלעך, אין משך פון גאַנצע אַכט יאָר! אַכט יאָר האָט געדויערט די עקזעקוציע איבער דעם גרויסמייסטער פון יידישן וואָרט, פון יידישן פערז, משה בראָדערזאָן ז״ל!

איז דאָך דאָס לעבן — דאָס כלומרשטע לעבן — אין אַ סאָוויעטישן קאָנצענטראַציע־לאַגער אַ לאַנגזאַמער אומקום, אַ פּאַמעלעכדיקע גסיסה. עס מוז אַ מענטש פאַרמאָגן אַן אויסערגעוויינלעכע פיזישע און גייסטיקע

גבורה צו קאָנען אויסהאַלטן אַזוי לאַנג אין לאַגער און נישט פאַלן אונטערן יאָך פון דער קאַטאָרגע.

איז טאַקע דעריבער דער גרעסטער, גרעסטער טייל שרייבער און קינסטלער דאָרט אומגעקומען און נאָר געציילטע האָבן זיך פון דאָרט אומגעקערט, און אין וואָס פאַר אַ מעמד זיך אומגעקערט! נאָר שאָטנס פון מענטשן, נאָר סקעלעטן.

די דאָזיקע שורות ווערן געשריבן פון אַ געפּרוווטן, — פון אַ מענטש, וואָס איז דאָך אַליין דורכגעגאַנגען דעם דאָזיקן סאָוויעטישן גיהנום. דאַנטעס גיהנום מעג זיך פאַרשעמען לגבי אַ סאָוויעטישן קאָנצלאַגער...

איך האָב פאַרבראַכט אין לאַגער עפּעס מער ווי איין יאָר, און אין דעם יאָר בין איך עטלעכע מאָל שוין געשטאַנען ביים ראַנד פון אומקום. צינגאַ, בייזוויליקע דיזענטעריע, בויך־טיפוס זיינען די שטענדיקע באַגלייטער פון די „זע־קאַ" (זאַקלוטשאָנניע), די פאַרשלאָסענע אויף קאַטאָרגע אין די ווייטע טייגעס. קאָסיעט דאָרט כסדר דער טויט, און עס פאַלן נישט נאָר די שוואַכע, נאָר אַפילו גיבורים, און זיי אַלע פאַרמערן און פאַרגרעסערן יענע הפקרע, פאַרשנייטע בית־עולמס...

ווונדער איך זיך: ווי אַזוי האָט בראָדערזאָן דאָך געקאָנט אַזוי לאַנג אויסדויערן אין סאָוויעטישן לאַגער?

איז דער תירוץ: ער איז טאַקע אַרויס פון דאָרט אַ לעבעדיקער מת (זשיוואָי טרופּ!...). קיין וואַרשע איז שוין געקומען נישט קיין לעבעדיקער מענטש, נאָר אַ שאָטן פון דעם אַמאָליקן משה בראָדערזאָן, וואָס זיין האַרץ האָט זיך שוין קוים געהאַלטן אויף משקולת, און ביי דער ערשטער שטאַרקער עמאָציע פּנים אל פּנים מיטן ייִדישן חורבן, אויף די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ, האָט זיין האַרץ נישט אויסגעהאַלטן און געפּלאַצט.

ביין, משה בראָדערזאָן איז נישט געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט — משה בראָדערזאָן איז דערמאָרדעט געוואָרן! דערמאָרדעט געוואָרן דורכן רוצח, וואָס איז ערשט נעכטן באַזונגען געוואָרן ווי אַ גאָט! דורכן הויפּט־רוצח מיט זיינע שותפים און לייבלעכע מיטאַרבעטער, די סוב־רוצחים, וואָס היינט, נאָכן טויט פון זייער האַר, שאָקלען זיי זיך אָפּ פון אים ווי די אומשולדיקע לעמעלעך...

משה בראָדערזאָנען איז אַזוי אַרום נאָר באַשערט געווען צו האָבן כאָטש אַ קבר. צו קומען צו קבר־ישראל. מיר ווייסן כאָטש ווו זיין געביין

געפינט זיך. מיר ווייסן, אַז ער רוט איצט אויפן וואַרשעווער געגשער בית־עולם, בשכנות פון אונדזער טויטער שרייבער־משפחה; בשכנות פון יצחק לייבוש פרץ, ש. אַנסקי, יעקב דינעזאָן, ה. ד. נאָמבערג, י. מ. ווייסענבערג און די פיל פיל אַנדערע שרייבער שוכני־עפר. אַזאַ זכות איז נישט באַשערט געווען זיינע אחים לצרה. די קברים פון די אַלע אויסגעשאָסענע ייִדישע שרייבער אין רוסלאַנד זיינען געבליבן אומבאַקאַנט און נאָמענלאָז, ערגעץ, ערגעץ־ווו אין די פאַרוואָרפענע טייגעס. דאָס ווייס נאָר די נ.ק.וו.ד. — די פרייִערדיקע, די סטאַלינישע, ווי די איצטיקע נ.ק.וו.ד., די זעלביקע נ.ק.וו.ד.

משה בראָדערזאָנען, ווי אַלע פאַרטיליקטע שרייבער אין סאָוויעט־רוסלאַנד, זיינען מיר מצרף צו אונדזערע זעקס מיליאָן קדושים; זיי אַלע זיינען אומגעקומען נאָך דערפאַר, ווייל זיי זיינען געווען ייִדן; ווייל זיי האָבן געוואָגט צו טראַכטן, חלומען און, ווען מען האָט נאָך געקאָנט, אויך זינגען ווי ייִדן... ווייל מיטן פאַרטיליקן די גרעסטע ייִדישע שרייבער האָט דער רוצח סטאַלין, מיט דער הילף פון זיינע אַלע סוב־רוצחים, געמיינט אַראָפּ־צוהאַקן דעם קאָפּ פון דער גאַנצער ייִדישער קולטור!

ב.

אויף דער בראָדערזאָן־שלושים־אַקאַדעמיע אין „שרייבער־פאַראיין ה. ד. נאָמבערג" אין בוענאָס־איירעס האָט דער בינע־קינסטלער שמעון דזשיגאַן דערמאָנט דעם קורסירנדיקן חשד אין שייכות מיט בראָדערזאָנס טויט: „ווער ווייס, צי מען האָט בראָדערזאָנען אין וואַרשע נישט אומגע־בראַכט? צי עפּעס אַ פאַנאַטישער „יעווסעק" האָט אים דאָרט נישט פאַר־סמט?"...

אויף דער זעלבער בראָדערזאָן־טרויער־אַקאַדעמיע האָט דער בינע־קינסטלער י. שומאַכער פאַרטייטשט דעם פסוק פון תהילים: „לא אמות כי אחיה ואספר מעשה יה"? — „מעשה יה" מיינט יאָסיף סטאַלין און היטלער... ווען בראָדערזאָן וואָלט געקומען אין דער פרייער וועלט, וואָלט ער דאָך אוודאי און אוודאי דערציילט „מעשה יה"... נאָך ווי דערציילט! אַלע יעווסעקישע פּנימער אין דער גאַנצער וועלט וואָלטן זיך פאַרדעקט מיט חרפה און שאַנד...

אויך דער דיכטער און עסייאיסט א. אַלמי — מיין אַלטער חבר נאָך

פון אַמאַליקן וואַרשע — האָט מיר אין געציילטע טעג נאָך דעם געשריבן, אַז אין די ניו יאָרקער ליטעראַרישע קרייזן איז מען זיך משער, אַז מען האָט בראָדערזאָנען אומגעבראַכט...

אמת, דאָס זיינען נאָר השערות, און איך וויל אויפן סמך פון די דאָזיקע השערות גאָרנישט בויען און נישט וואַרפן קיין באַשולדיקונג. אָבער כאַראַקטעריסטיש איז עס זייער: אין דער פּאָטענץ זיינען טייל „יעווסעקעס" פעיִק צו אַזעלכע מעשים. האָבן זיי דאָך געהאַט אַזעלכע גוטע „רביים" ווי סטאַלין און בעריאַ, וועלכע האָבן זיי תמיד דערצויגן צו „מעשים טובים" און פאַר וועמען זיי האָבן זיך געבוקט, ווי טרייע קנעכט, אין משך פון יאָרן...

אָט, האָט, למשל, דער בוענאָס איירעסער יעווסעקישער זשורנאַל „אי־קוף" געלאָזט זיינעם אַ מיטרעדאַקטאָר — אַ יעזויִט „פּערווי סאָרט"! — שרייבן שוואַרץ אויף ווייס וועגן מיין ווייניקייט צוליב מיינע מעמואַרן וועגן סטאַלינס קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אַז —

„די גראָדנער ראַטנמאַכט האָט גוט געוווּסט וואָס זי טוט, ווען זי האָט אַוועקגעשיקט אין אַן אַרבעטס־לאַגער דעם דאָזיקן באַהאַלטענעם שונא"...

גלויבט זיך מיר, אַז אַזאַ מין יעזויִט, וואָס האָט געקאָנט עפּנטלעך כשרן (פאַר כרושטשאָווס רעוועלאַציעס, נאַטירלעך...) דאָס פאַרשיקן אַ שרייבער אין לאַגער אַריין, איז אויך פעיִק אַריינצושיטן אַ „פּראָשעק" סם אין אַ גלאָז טיי פאַר „וועמען מען דאַרף"... און זיינעם אַ „כיבוד" וואָלט איך פריִער געגעבן צו פאַרזוכן אים גופא אָדער אַ כלב...

ג.

ווי האָט בראָדערזאָן געלעבט אין סאָוויעט־רוסלאַנד פאַר זיין אַרעסט, אין די מלחמה־יאָרן, ווי אַ פּליט?

געזען פּערזענלעך האָב איך בראָדערזאָנען דאָס לעצטע מאָל אין ביאַ־ליסטאָק, פאַר מיין אַרעסט, אין 1940. ער איז דעמאָלט געווען „זאַוליט" (ליטעראַרישער לייטער) פון יידישן טעאַטער אונטער דער קינסטלערישער אָנפירונג פון אַברהם מאָרעווסקי און מינדלין. קורץ נאָך דעם ווערט ער טעטיק, צוזאַמען מיט זיינע לאָדזשער חברים דזשיגאַן און שומאַכער, אין אַ געשאַפענעם רעווי־טעאַטער. שפּעטער, נאָכן אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה איז ער, צוזאַמען מיט זיין פרוי, דער שוישפּילערין

שיינע מרים, און זייער גאַנצער משפחה, נאָך אַ ריי וואָגלענישן פאַרוואָרפן געוואָרן אין וויטן סאָוויעטישן מיטל־אַזיע, ערגעץ אין קאַראַקאַלפּאַקיע, אינעם שטעטל טורטקול.

אין 1943 איז מיר געלונגען צו פאַרבינדן זיך מיט בראָדערזאָנען שריפטלעך — מיט אים, ווי מיט אַ גאַנצער ריי אַנדערע יידישע שרייבער פון פוילן. איך בין שוין דאַן געווען אין צווייטן יאָר נאָך מיין באַפרייונג פון לאַגער. כ׳האָב געוווינט אויף דרום־אוראַל, אין קאַזאַכישן ראַיאָן־צענטער אַק־בולאַק, צווישן טשקאַלאָוו (אַמאָליקער אָרענבורג) און אַקטיור־בינסק.

אַגב, אַז איך דערמאָן אַקטיובינסק, קאָן איך נישט פאַרשווייגן, אַז אונדזערע בינע־קינסטלער דזשיגאַן און שומאַכער האָבן דאָרט פאַרשפּילט (נישט געשפּילט...) אַ פינף יאָרלעך („דיעטעסקי סראָק״... אַ קינדער־טער־מין...) אין אַ שכנותדיקן קאָנצענטראַציע־לאַגער...

משה בראָדערזאָנס בריוו צו מיר וואַרפן אַ קלאָרן שיין אויף זיין דעמאָלטדיק חושכדיק לעבן, אויף זיינע דערדריקטע שטימונגען. כדאי צו ציטירן געוויסע שטעלן פון זיי. כמעט אַלע בריוו זיינען געווען געשריבן אין עכט בראָדערזאָנישן סטיל, אַדורכגעפלאָכטן מיט תליה־הומאָר.

אין זיין ערשטן פּאָסט־קאַרטל פון טורטקול, פון 17טן סעפּטעמבער 1943 שרייבט בראָדערזאָן צוו״אַנד. וועגן זיך *):

„...מיין לעצטע גלות־געשיכטע לייענט זיך בקיצור אַזוי: דעם 22סטן יוני 1941 בין איך מיט דער שרייבער־גרופּע פון ביאַליסטאָק אַרויס קיין נאָוואָוזענסק, סאַראַטאָווער קאַנט, און פון דאָרט, סוף אָקטאָבער 1941, בין איך מגולגל געוואָרן אָט דאָ, וווּ איך געפין זיך איצט, ד. ה. אין קאַראַקאַל־פּאַקיע, אין טורטקול — אַ כמו שטאָט, וואָס ווערט האַסטיק אַראָפּגעשווענקט פון דער אַמו־דאַריאַ. איך געפין זיך דאָ — אויב נישט אין אַ בעריש, איז עס אין אַן אייזליש ווינקל און איך דאַר פון דער היץ און פון קנאַפּער אכילה. רירן זיך פון אָרט קאָן איך נישט, ווייל איך געפין זיך דאָ מיט מיין מוטער, שוועסטער, פרוי, טאָכטער, איידעם, אייניקל. הויל און נאַקעט. איך וואַרט — אויפן יידישן שטייגער — אויף נסים. אָט־אָט. שרייבן האָב איך די ערשטע צייט אַ סך געשריבן. איצט האָט זיך עס אָפּגעשטעלט״...

*) טייל בריוו בראָדערזאָנס זיינען בקיצורדיק אויסגענוצט אויך אין מיין „אויף שליאַכן פון הפקר״, באַנד II.

אין אַ בריוו צו מיר פון 12טן דעצעמבער 1943 רעדט זיך בראָדערזאָן מער אַראָפּ פון האַרץ:

„האַרציקער אברהם זאַק,

אַז איך האָב נעכטן באַקומען אייער בריוו, האָב איך, לייענענדיק אים דריי מאָל — דריי מאָל געוויינט. איך בין בכלל געוואָרן אַ בעל בכי, כאָטש דעם בטחון און דעם גלויבן אין נסים האָב איך נאָך נישט אין גאַנצן פאַר־לוירן. מיר קערט אָבער די גאַל פאַר דעם שטייגער גבורה און אָפּטימיזם פון דער אַלטער איבערפּראָסטיטוציִרטער, אויף דורך און דורך פאַרפוילטער, ייִדישער אָפּערעטן־פּרימאַדאָנע אין הויזן — צו אַלדי שוואַרץ יאָר (איך מיין נישט חלילה די אמתע קינסטלערין קלאַראַ יאָנג!), וואָס מאַכט זיך לב און זינגט ממזריש מיט אַ ליידנשאַפט־שלוקערצל: „מאָטיע, מאַך עס נאָך אַמאָל, נאָך אַמאָל, אוי נאָך אַמאָל״... דאָס האָט אַמאָל געטויגט אויף קלאָג, און איצט — אוודאי און אוודאי!

איז קעגן וואָס זאָג איך איך עס? איך זאָג עס טאַקע קעגן דעם, וואָס עס איז אונדז אַלע זייער נישט גוט, אָבער גאָר און גאָר נישט גוט, און עס געפינען זיך נאָך אין דעם ייִדישן שבט מענטשן, וואָס מאַכן די פוילע היגנטי־שע שטיק. עס איז אָבער דאָ אַ חילוק: די אַלטע פּרימאַדאָנעס האָבן געגלויבט אין זייער עברי, און די, ימח שמם וזכרם, דרייען גלאַט אַ ספּאָדעק (אײדל גערעדט).

דער קאָמיקער פּאָליאַקאָוו — איר געדענקט אים אוודאי — האָט געהאַט אַ געוווינהייט צו פרעגן ביי מענטשן: — ווי גייט עס זיי אין זייער לעבנס־לעגענדע...

אַלזאָ, וואָס שייך מיין „לעבנס־לעגענדע״, גייט עס מיך ווי יעדן צדיק אויף אונדזער זינדיקער וועלט: איך אַרבעט אַלס „קוסאָק בוכגאַלטעראַ״ אויף דער היגער פּאָסט, פאַרדין ביי די 300 קאַרבווינים ריינע אַ חודש (ביי אַ 400 פאַרדינט מיין פרוי אַלס „מוזיקאַלני ראַבאָטניק״ אין די היגע קינ־דער־גערטנער) און פון דעם איז מען זיך מכלכל דעם חיים, האָבנדיק אַזוי־צו־זאָגן פּרנסה ביזן מויל. אָנקוקנדיק אונדז, וואָלטן נעבעך אונדזערע שיפער און וויכערט געזאָגט, אַז מיר שפּילן אַלט ייִדיש טעאַטער, ס'הייסט קאָמע־דיאַ דעל אַרטע, אָדער פּראָסט פּשוט: פּורים־שפּיל. איז ווי לאַנג דער שטיי־גער צו פייערן תשעה באָב און פּורים?! דאָס געדולד לאָזט זיך דאָך אויס! מאַכט רש״י: — זינדיק נישט! עס האָט דאָך געקאָנט זיין נאָך ערגער

— והא ראיה... טאָ וואָס זשע רעדט איר? און צו וועמען האָט איר טענות?! און רש״י איז גערעכט! רש״י איז תמיד גערעכט, וואָרום ער איז — אונדז געזאָגט — אַ קלוגער ייִד, א חכם עתיק!

און איצט קומט מיר אויפן זינען, ווי איך האָב זיך מיט אייך באַקאַנט (דערמאָנט זיך!) אין גראָדנע, ביינאַכט אין רעדאַקציע, און דער זמן איז געווען פונקט ערב סוף מלחמה. טאָ אפשר האָלט עס איצט ווידער אויך אַזוי, און מיר האָבן זיך אויפסנײ שריפטלעך צוזאַמענגעטראָפן און מיר וועלן זיך אי״ה בקרוב זען, אויב אַפילו נישט אין גאַנצן אין אַ גוטן מעמד, טאָ אַלנפאַלס — אין אַ בעסערן, און מיר וועלן זיך צעקושן און מאַכן שהחיינו מיט נאָך אַ סך נאָענטע און פריינט.

לכתחילה, פאַר דער צייט פון דער מלחמה האָב איך אַ סך געשריבן. איצט — איבער אַ האַלב יאָר — גאָרנישט, ווייל איך בין דאָך געוואָרן אַ בעל חשבון. און — איר?

מיין פרוי לאָזט אייך גריסן גאָר האַרציק.

וועגן פערלען האָב איך נישט געהערט. קאַציזנע זאָל שוין זיין ע״ה.

אייער בראָדערזאָן״.

אין דאָזיקן בריוו דערמאָנט מיר בראָדערזאָן אונדזער ערשטע באַגע־געניש. דאָס איז געווען אין לעצטן ווינטער פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. בראָדערזאָן איז אַדורכגעפאָרן, ווי אַ פּליט אין אַן עשאַלאָן, דורך גראָדנע. ער איז געפאָרן פון מאָסקווע. ער איז געלאָפן פון יענעם שטורעם קיין פוילן, קיין לאָדזש. מיר האָבן דעמאָלט צוזאַמען פאַרבראַכט לאַנגע שעהען ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין אין בופעט פון וואָקזאַל. ער האָט מיר געוויזן זיין טעקע כתבים, וואָס ער פירט מיט זיך — זיין באַגאַזש... ער האָט פאַר מיר דאַן דורכגעלייענט זיין קליין ביכעלע „טוי״, וואָס איז דערשינען אין רוסלאַנד.

בראָדערזאָן איז דאַן געווען פול מיט פּלענער, דערוואַרטונגען. די צייט נאָך אַזאַ אומבאַשטימטע, אַ פאַר־פרילינגדיקע...

הלוואי וואָלט ער אויך נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אַזוי אַרויס־געפאָרן פון מאָסקווע...

קערן מיר זיך אום צו בראָדערזאָנס בריוו — צו זיינע שטימונגען ביי דער אַמו־דאַריאַ.

דעם 5טן אַפּריל 1944, שרייבט ער מיר:

„אַ מערקווירדיקער פּרט: אייער בריוו, וואָס איז געשריבן געוואָרן דעם 19טן פעברואַר (אַ היפּש ביסל בלוט אָפּגעפלאָסן פאַר דער צייט!), בעת ביי אייך איז געווען אַ שניי־בוראַן — האָב איך באַקומען אייערנעכטן, בעת דאָ איז פּונקט אויסגעבראָכן אַ זאַמד־און־שטויב־בוראַן, וואָס האָט אונדז ממש געהויבן פון דער ערד. משמעות — אייער בריוו האָט דעם בוראַן אַהער־געבראַכט, נאָר — אין אַן אַנדער געשטאַלט.

אַזוי, ברודער־לעבן, בורעט זיך און בוראַנעוועט זיך אויף דער גאַנצער וועלט, און ווי דער סוף וויזט זיך נישט אויס צו זיין נאָנט, נעמט נאָך אַלץ נישט קיין סוף צו דער מוראדיקער וויוגע, צו דער וויסטער זאַוויע־רוכע, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונדזער לייב און לעבן. עס איז שוין נישטאָ קיין כוח צו טראַכטן: עד מתי — ביז וואַנען וועט עס אַזוי געדויערן דער באַלד־פינפיאָריקער הינער־פלעט־צושטאַנד?

און דאָך — אויף ווי־ווייט מיר זיינען און מיר בלייבן ייִדן, טאָרן מיר נישט פאַרלירן אונדזער ייִדישן ספּעציפישן קען־צייכן, וואָס מע רופט אים געוויינלעך — בטחון, און וואָס ער איז „פאַכאָזשע", נאָר איז דאָך עפּעס אַנדערש, ווי דער געפיל, וועלכן אומות העולם רופן „אָפּטימיזם". אָט דער דאָזיקער אָפּטימיזם אין אונדזער צייט קאָן זיך נעסטיקן נאָר אין די מוחות נישט דאָ־וועלטיקע, אָדער אין די געמיטער פון שוטים שאינם מרגישים (ליידער — אַסאָציִירט זיך דער שאינם מרגישים מיט שהם מאַר־קיש'ים *), וואָס אַזוי קאַלאַמבורירט מיין באַליידיקט געפיל), און ייִדישער בטחון איז דאָך עפּעס אַנדערש — אַזוי, למשל, אַנדערש, ווי די צוויי בלאָז־אינסטרומענטן — אַ שופר און אַ וואַלד־האָרן...

דוכט זיך מיר אויס — אין מיינע אַזוי־צו־זאָגן גוטע מינוטן אַז ערגער ווי מיר ווייסן (ווי מען מאַכט אונדז וויסן) קאָן שוין בשום אופן נישט זיין, און דעריבער — אויב מיר וועלן לעבן בלייבן — וועלן מיר זיך דערלעבן צו גליקלעכע איבערראַשונגען. הלוואי אָבער — וואָס גיכער, וואָרום די נערוון זיינען אָנגעשפּאַנט אויפן אויבערהעכסטן איבערנאַטירלעכן גראַד. אָט־אָט, דאַכט זיך, ברוך שפּטרני. אָפּגעהיטן זאָלן מיר אָבער ווערן פאַרן נאָכגעבן אָטאָ דער שוואַכקייט!

---

*) אַ קאַלאַמבור אויף פּרץ מאַרקישן. — א. ז.

בעסער טאָן ווי איר טוט: זיין אַ שומר חינם*) — ווי איר זאָגט — און היטן די אַבסטראַקציע, אויב דאָס ממשותדיקע איז נבזהדיק, שלעכט, ווערטלאָז.

מען דאַרף טאָן — אויף אייער אַרט — ווי איר טוט: שרייבן לידער (דאָס גיט צו אַמאָל מער כוחות, ווי אַ דורכשניטלעכער „פּאַיאָק"!), און — איך טו לעצטנס אויך אַזוי, כאָטש דאָס טרעפלעכסטע וואָרט איז ס'רוב סטראַטאָספערישע ווייט פון דערווירקלעכקייט.

זייט געזונט, שטאַרק און שרייבט.

אייער בראָדערזאָן".

עס איז איבעריק אויסצוטייטשן דעם געבראַכטן בריוו, אין וועלכן עס קומט בולט צום אויסדרוק בראָדערזאָנס באַציִונג צו דער געקינצלטער האָפערדיקייט ביי די, וואָס קאָנען זיך דערלויבן אָפּטימיזם אין דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט.

אין סעפּטעמבער 1944 איז בראָדערזאָן לסוף משנה מקום. אין אַ פּאָסט־קאַרטל פון 1טן סעפּטעמבער, שרייבט ער:

„טייערער אברהם זאַק,

דערהאַלטן אייער בריוו פון 8טן יוני (היינט ערשט דערהאַלטן), און גלייכצייטיק באַקומען אַ בריוו פון ב. מאַרקן פון מאָסקווע, אַז מיר ביידע גייען אַריין אין ייִדישן קאָמיטעט ביי ז.פּ.פּ. הייסט עס, אַז מיר וועלן זיך אַמאָל אין ערגעץ צוזאַמענטרעפן.

דערווייל ווער איך מיט די היגע געוועזענע־בירגער פון פּוילן איבערגעשיקט פון דאַנען קיין מערב־אוקראַיִנע אָדער זאַפּאָראָזשע. אַזוי באַשערט — אַזוי זאָל זיין. פון אַן אָרט, ווו מען וועט זיך אויף לענגער אָפּשטעלן, וועל איך אייך שרייבן. ווי האַלט עס אין דער הינזיכט מיט אייך?

זייט געגריסט. אייער בראָדערזאָן".

---

*) דאָס באַציט זיך צו מיינעם אַ בריוו, אין וועלכן כ'האָב אים געשריבן אין טרויעריקן שפּאַס, אַז איך אַרבעט אויף אַ זייער „בכבודיקן" פּאָסטן: כ'בין „אָכראַנניק" (שומר) אין אַ „סבערקאַססאַ" (אָפּשפּאָר־קאַסע). אייגנטלעך: שומר־חינם, ווייל פאַר מיין גאַנצער „צער־פּלאַטע" (איראָנישער קאַלאַמבור פון וואָרט זאַר־פּלאַטאַ, שכירות) פון חודש קאָן איך קוים קויפן צוויי קילאָ ברויט אויפן שוואַרצן מאַרק...

אַ בריוול שוין פון נייעם מקום, פון סאָווכאָז אויפן נאָמען פון דימי־טראָוון, פון 27סטן נאָוועמבער 1944:

„אויב איר געפינט זיך נאָך אויף אייער אַלטן אַדרעס, טאָ נאָט אייך אַ גרוס פון מיין נייער רעזידענץ, פונעם מקום, ווו טאַראַס בולבאָ האָט געיאַנקלט, און ווו די נאַטור איז ממשיך אין יעדער הינזיכט איר אַנומלט־דיקן גאַנג.

דאָ געפין איך זיך מיטן חסד פון ז. פּ. — אין אַ וויסטעניש, ווו די איינציקע קעפּ, מיט וועלכע מען קאָן כאַפּן אַן אינטימען שמועס, זיינען קעפּ קרויט... איך וואַרט אָבער אויף אַן אַרויספאָדערונג פון מאָסקווע, און אַמאָל וועט עס אוודאי קומען.

ווי האַלט עס מיט אייך? שרייבט מיר תיכף אָן, און טאַקע בפּרטיות — איך זאָל האָבן צו לייענען און צו לייענען, וואָרום איך בין דאָ, קאָן מען זאָגן, בוכשטעבלעך אָפּגעשניטן פון דער וועלט.

איך דריק אייער האַנט.

אייער בראָדעזאָן".

לסוף — בראָדערזאָן איז שוין „געהאָלפן געוואָרן". ער איז שוין אין מאָסקווע. אויך איך האָב געהאַט שוין צוויי אַרויספאָדערונגען פון ז. פּ. פּ.; אָבער געווען אַלץ „טעכנישע מניעות" און כ'האָב נישט געקענט פאָרן. איך האָב אַלאַרמירט קאָלעגן שרייבער און בראָדערזאָנען.

אין אַ בריוו פון מאָסקווע, פון 15טן אַפּריל 1945, שרייבט מיר בראָדערזאָן:

„טייערער אברהם זאַק,

וזה — און דאָס זאָל זיין דער ענטפער אויף אייער בריוול פון 4טן מערץ:

איך האָב זיך נישט געריסן צו פאָרן און איך בין געווען גערעכט. דערפון איז, פאַרשטייט זיך, געדרונגען, אַז די אַלע, וואָס איילן זיך, טוען אַ גרויסע נאַרישקייט. נישטאָ וואָס און צו וואָס!

אָט וואַלגער איך זיך דאָ (די משפחה איז געבליבן אין זאַפּאָראָזשע) אין קעלט און אין ווידערווייליקייט שוין העכער 2 חדשים, און סע קלייבט זיך נישט וועסנעדיק צו ווערן אין דעם לעבן און אין די שטימונגען.

וואָס שייך אייער ענין. טראָץ ספּאַרדס און מאַרקס און פינקעלשטיינס אַלע באַמיונגען אייך אַהערצובריינגען — קאָנען זיי עס נישט אַדורכפירן.

איר זענט אָבער רעגיסטרירט אין דער ערשטער גרופּע שרייבער, וואָס דאַרפן אַרויספאָרן *) (קאַגאַנאָווסקי, אָליצקי, רובינשטיין, קאָרן, יאַנאַסאָ־וויטש און איר), און דאָס זאָל בקרוב געשען.

הלוואי זאָל גוט זיין!

איער בראָדערזאָן".

### ד.

ווי מען זעט פון די דאָזיקע בריוו, האָט זיך משה בראָדערזאָן נישט געפילט צו גליקלעך אין סאָוויעטישן „גליקלעכן הימלאַנד"... און עס בלייבט פאַר מיר אַ רעטעניש, ווי אַזוי זשע האָט ער ביי זיך געקאָנט פועלן נישט צו פאַרלאָזן סאָוויעט־רוסלאַנד דעמאָלט, בעת ער האָט דאָס געקאָנט טאָן לעגאַל; בעת דער רעפּאַטריאַציע פון פוילישע בירגער קיין פוילן אין 1946; בעת מיר אַלע, זיינע חברים־שרייבער פון פוילן, האָבן עס אָן וואַקלונגען יאָ געטאָן. אַלע, אַלע שרייבער אָן אויסנאַם — אַפילו די שרייבער־קאָמוניסטן, ווי אַ שטייגער: בער מאַרק, דוד ספאַרד, בינם העלער, מיכל מירסקי, הערש סמאָלאַר און אַנדערע. אפנים אויך זיי, די קאָמוניסטן, האָבן אינסטינקטיוו געפילט, אַז עס איז גלייכער און זיכערער צו זיין אַ קאָמוניסט וואָס ווייטער פון סאָוויעט־רוסלאַנד...

בראָדערזאָנס נישט אַרויספאָרן פון רוסלאַנד פּרוווט מען דערקלערן מיט פּסיכאָלאָגישע סיבות: עס האָט אים באַהערשט אַ פּחד־געפיל, אַן אומ־צוטרוי. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז די גאַנצע מעשה מיט דער רעפּאַט־ריאַציע איז אַ שפּיצל פון דער נ. ק. וו. ד.; אַ מין נייע פּאַסטקע פאַר אַלע פּוילישע, ווי זיי האָבן עס שוין באַוויזן אין 1940 מיט זייער רעגיסטראַ־ציע פון פּליטים אין די פאַרנומענע מערב־געביטן. דאַן האָבן זיי אַלע רעגיסטרירטע יידן צעשיקט אין די לאַגערן און איצט קענען זיי עס ווידער טאָן...

עס האָבן אויך אַנדערע אַזוי געטראַכט, נישט נאָר בראָדערזאָן; פון דעסטוועגן האָבן די אַלע טראַכטערס זיך פאַר דעם נישט אָפּגעשטעלט און ריזיקירט.

---

*) געמיינט קיין פוילן.

בראָדערזאָנען האָט זיין „פּאָ פּאַ" צו טייער געקאָסט — עס האָט אים געקאָסט דאָס לעבן!

נישט באַשערט געווען, אַז משה בראָדערזאָן זאָל צוריקקומען אין דער פרייער וועלט; ער זאָל ווידער שפּרודלען ווי אַ קוואַל, אַ צעזונגענער ווי אַמאָל, אַמאָל, אין זיין פולער שעפערישקייט.

ב. איירעס, 1956

# ד״ר יוסף קרוק

ווען מיר רעדן וועגן ד״ר יוסף קרוק, מוזן מיר אַ בלעטער־טאָן דאָס העראָיש־שיינע קאַפּיטל פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. דער נאָמען ד״ר יוסף קרוק איז דער סימבאָל פון יענעם העראָישן קאַמף פאַר גערעכטיקייט, פאַר אַן אמתדיקער און יושרדיקער וועלט. אָט דעם דאָזיקן קאַמף האָט ד״ר קרוק געווידמעט זיין גאַנץ לעבן, זינט די ייִנגסטע יאָרן זיינע, ווען אויך די רעוואָלוציע אין צאַרישן רוסלאַנד איז נאָך געווען יונג און ברויזנדיק און האָט מיטגעריסן און באַוויגן צו דרייסטע טאָטן. אין יענעם רוסישן באַגינען האָט פאַרקלונגען פון די האָריזאָנטן מאַקסים גאָרקיס „שטורעם־פויגל״, און ד״ר יוסף קרוק האָט פרי דערהערט דעם רוף פון יענעם שטורעם־פויגל. ווי אַן אומרויִקער, זוכנדיקער גייסט, האָט ד״ר קרוק דורכגעמאַכט אַ רעוואָלוציאָנערן וועג פון כסדרדיקע פאַרוואַנדלונגען: פון ציוניזם צו טעריטאָריאַליזם און סאָציאַליזם (אין די רייען פון „ס. ס.״); פון „ס. ס.״ — צו די „פאַראייניקטע״; פון די „פאַראייניקטע״ — צו די „אומאָפּהענגיקע״ און לסוף פון די „אומאָפּהענגיקע״ — צוריק צום אָנהייב, צום סאָציאַליסטישן ציוניזם (אין די רייען פון „פּועלי ציון — התאחדות״). די לעצטע פאַזע ד״ר קרוקס, די לעצטע פאַרוואַנדלונג, איז אפנים פאַרשנעלערט און דערנענטערט געוואָרן דורך דער פוילישער רעאַקציע, וועלכע האָט נישט לאַנג פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה אויפגעלייזט די „אומאָפּהענגיקע״ און דערקלערט די פאַרטיי פאַר נישט־לעגאַל.

דער וועג פון ד״ר יוסף קרוק איז אַ וועג פול עמאָציעס, אַ וועג פול דינאַמיק — ווי עס פּאַסט פאַר זיין רעוואָלוציאָנערן גייסט.

ד״ר קרוק האָט געקעמפט פאַר זיינע אידעאַלן מיט צווייערליי כלי־זיין: מיטן וואָרט — ווי איינער פון די פּאָפּולערסטע רעדנער אין פוילן, ווי

אַ פאָלקס־טריבון, סיי אויף דער יידישער גאַס און סיי אויף דער פוילישער גאַס. בעת ער פלעגט אויפטרעטן אויף מאַסן־מיטינגען פאַר יידישע און פוילישע אַרבעטער (אַמאָל צוזאַמען מיט דעם „פאָלאַק" ד״ר באַלעסלאַוו דראַבנער) אַלס פירער פון די „אומאָפהענגיקע" אָדער „ניעזאַלעזשנאַ פּאַרטיאַ פראַצי". ס'איז מיר נישט איין מאָל אויסגעקומען צו זיין אויף אַזעלכע מיטינגען און נאָך קרוקס אַ פייערדיקער רעדע פלעגט דער זאַל זיך געוואַלטיק צעשטורעמען:

— ניעך זשיע!!!

— ניעך זשיע!!!

מיט שריפט — ווי אַ פיינער שריפטשטעלער־פּובליציסט אין דער פּאַרטיי־פּרעסע, אין דער יידישער און פּוילישער. אַחוץ דעם אין אַנדערע צייטשריפטן. קרוקס פּאָליטישע אַרטיקלען האָבן געאָטעמט מיט רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס און האָבן תמיד געוווּנען די הערצער פון זיינע לייענער.

און לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז אין פאַר־מלחמהדיקן רעאַקציאָנערן פוילן איז פאַר אַן אַרבעטער־פירער (דערצו אַ יידישער...) דער וועג נישט געווען אויסגעשפּרייט מיט רויזן. נישט ווייט פון בריסק־דליטא האָט עקסיסטירט דאָס פּאָפּולער־געוואָרענע מקום — קאַרטוז־בערעזאַ. דער דאָזיקער לאַגער איז געווען אונטער דער פּערזענלעכער השגחה און לייטונג פונעם פּוילישן גרויס־אינקוויזיטאָר קאָסטעק בערנאַצקי. און אויך ד״ר קרוק, וועלכער איז געווען ווי אַ דאָרן אין אויג דער רעאַקציע, האָט נישט אויסגעמיטן דעם גורל צו זיין אַ „פּענסיאָנער" אין קאַרטוז־בערעזאַ. ד״ר קרוק געדענקט עס פיזיש, צום באַדויערן, נאָך עד היום...

עס ווילט זיך מיר באַזונדערס אויך אונטערשטרייכן, אַז ד״ר קרוק, ווי אַ מענטש מיט אַ קרישטאָל־ריינעם כאַראַקטער, האָט זיך נישט באַנוגנט מיט פאָדערן גערעכטיקייט פאַרן כלל; ער האָט תמיד אויך געזוכט דעם יחיד, דעם באַעוולהטן מענטש און אויך פאַרן יחיד האָט ער געפאָדערט יושר און גערעכטיקייט.

עס דערמאָנט זיך מיר דערביי אַ כאַראַקטעריסטישער פאַל. דאָס איז געווען בעת מיין ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט ד״ר קרוק.

האַרבסט 1919 בין איך געקומען קיין וואַרשע, און ס'איז מער ווי נאַטירלעך, אַז איך האָב באַלד געמאַכט אַ באַזוך אין רעדאַקציע פון זשורנאַל „אונדזער וועג" (דער פּאַרטיי־אָרגאַן פון די „פּאַראייניקטע"), צו וועלכן

כ׳האָב אידייִש געהאַט אַ שייכות. ס׳איז נאָך נישט געווען אויפן שפּעטער פּאָפּולער־געוואָרענעם אַדרעס לעשנאָ 49, נאָר אויף לעשנאָ 27. אין רעדאַק־ציע איז געווען דער גאַנצער שטאַב — פון רעדאַקציע און גלייכצייטיק פון צ.ק.: דער זייער אָרטאָדאָקסאַלער פּאַרטייער בערל גוטמאַן (שפּעטער אַוועק קיין רוסלאַנד און נעלם געוואָרן...); ישראל גייסט (דער זעלבער גורל); יצחק גאָרדין (איצט פּרעסע־אַטאַשע אין דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין וואַשינג־טאָן); יעקב פּאַט, שלמה זוסמאַן, דער פּעדאַגאָג שלמה גילינסקי; דער דיכטער בוקסהאָרן (אויך שפּעטער אומגעבראַכט געוואָרן אין סאָוויעט־רוסלאַנד). און אויבן־אָן איז געזעסן ביי אַ שרייב־טיש ד״ר יוסף קרוק מיט אַ באַנדאַ־זשירטן קאָפּ. איך פרעג באַלד קרוקן וועגן זיין באַנדאַזשירטן קאָפּ. ווייזט זיך אַרויס אַזאַ מעשה: ער איז גראָד געפאָרן מיט דער באַן פון אַ פּאַר־לעזונג. אויף איינער אַ סטאַציע — קאַלושקי — דערהערט ער קולות, אַ רעש. ער גייט אַרויס און דערזעט ווי אַ „פּאָזנאַנטשיק" פּאַרטשעפּעט אַ ייִדן, פליקנדיק ביי אים די באָרד. דאָס האָבן אַזוי די פּוילישע כוליגאַנעס ביי יעדער געלעגנהייט זיך משמח געווען אין די „האַניק־חדשים" נאָך פּוילנס צוריקגעווינען די אומאָפּהענגיקייט... „זשידזיע, דאַי בראָדען!" — איז געווען זייער באַליבט ווערטל.

ד״ר קרוק האָט זיך איינגעשטעלט פאַרן באַפאַלענעם ייִדן און ער האָט אים גענומען פירן צו זיך אין וואַגאָן אַרייַן. די כוליגאַנעס האָבן דאַן אָפּגע־לאָזט דעם ייִדן און זיך געוואָרפן מיט שטעקנס אויף ד״ר קרוקן — פאַר זיין „חוצפּה" צו וועלן ראַטעווען אַ „זשידאָווסקי כאַלאַטשאַזש" מיט אַ באָרד... ד״ר קרוק איז שפּעטער געלעגן אַ פאַרבלוטיקטער אין וואַגאָן און מיט אים האָט זיך „אָפּיעקעוועט" די באַקאַנטע שוישפּילערין שושנה, וועלכע איז צופעליק אויך געפאָרן אין זעלבן צוג, און איז אַריינגעלאָפן פון אַן אַנדער וואַגאָן.

און דאָס איז די קורצע געשיכטע פון ד״ר קרוקס באַנדאַזשירטן קאָפּ.

ווי איר זעט — אַ בולטע אילוסטראַציע צו דער עטישער געשטאַלט פון ד״ר יוסף קרוק. אַלס אַזעלכן האָט מען אים גוט געקענט אין פאַר־מלחמהדיקן וואַרשע. נישט אומזיסט איז ער אין משך פון יאָרן געווען איינער פון די ריכטער אין ערן־געריכט פון וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַר־איין אויף טלאָמאַצקיע 13.

**
*

ד״ר קרוק האָט אין משך פון יאָרן פאַרעפנטלעכט אין פאַרשיידענע צייטשריפטן גאַנצענע ציקלען פאָרטרעטן פון באַרימטע פּאָליטישע פּער־זענלעכקייטן און טעאָרעטיקער — ייִדישע און נישט־ייִדישע: זאַנגוויל, ליבקנעכט, בעבעל, זשאָרעס, לענין, טראָצקי, קאוטסקי, קראָפּאָטקין, וועראַ פיגנער, ראָזאַ לוקסעמבורג און פיל, פיל אַנדערע נישט צום אויסרעכענען אין די איצטיקע ראַמען. נישט אומזיסט האָט אים ווער אָנגערופן פאַר דער דאָזיקער אַרבעט „דער צווייטער עמיל לודוויג״. ד״ר קרוק איז באַהאַוונט אין אַלע באַוועגונגען ביי פאַרשיידענע פעלקער. קען זייערע פירער און די פאָרטרעטן זיינע זיינען מייסטערהאַפּט־געשילדערטע.

דאָס איז, אַגב, געשיכטע. געשיכטע פון מענטשלעכע באַוועגונגען, געשיכטע פון קולטורן. עס איז באמת אַ גרויסער שאָד, וואָס מיר האָבן נישט די דאָזיקע פאָרטרעטן אין בוך־פאָרעם. אין צייטשריפטן ווערן זיי דאָך סוף־כל־סוף פאַרלוירן און פאַרגעסן. כ׳בין לעצטנס אין אַן אָוונט געזעסן מיט די קרוקס (ד״ר יוסף קרוק און זיין פרוי ד״ר אירענע קרוק) אויף מאָנפּאַרנאַס און מיר האָבן געשמועסט וועגן די דאָזיקע פאָרטרעטן. ד״ר קרוק האָט בעת מעשה נאָטירט פון זכרון די נעמען פון די אַלע פּאָר־טרעטן. זיי זיינען אין די פיל צענדליקער, צענדליקער! און כ׳זאָג נאָך אַמאָל: אַ גרויסער שאָד!

איך מיין, אַז ווען נעבן ד״ר קרוקן וואָלט נאָך געווען דער קדוש הערש ערליך — זיין טרייסטע רעכטע האַנט — וואָלט ערליך כסדר עס געמאָנט פון אים. איך דערמאָן מיט כוונה דאָ אַ נאָמען, וואָס נאָר אין וואַרשע האָט מען געקענט. ערליך איז געווען אַ מין „הערשעלע״ פון די „פאַראייניקטע״. ער האָט כמעט אין הונדערט פראָצענט דערמאָנט אונדזער הערשעלען פון טלאָמאַצקיע 13. כשמו כן הוא. ערליך איז טאַקע געווען ערלעך, תמימות־דיק, גלויבעוודיק. איז געווען ממש פאַרליבט אין „חבר יוסף״ און האָט תמיד געקלעבט צו אים. אַפילו אין קאַרטוז־בערעזאַ איז ערליכן אויך געוועזן באַשערט צו זיין צוזאַמען מיט זיין פאַרערטן „חבר יוסף״, ווי אַ טרייער באַגלייטער אויף דער „גאָלגאָטע״ פון יענע שוידערלעכע קאַזע־מאַטן... ד״ר קרוק האָט ערליכן אָפּגעשאַצט. אַ סימן זיין לעצט בוך „אומאָפּ־הענגיקייט, טעראָר, פרייהייט״ איז געווידמעט טאַקע ערליכן. ער האָט עס פאַרדינט. יהי זכרו ברוך!

* * *

אַ פּראָפּאָ דעם אויבן דערמאָנטן בוך פון ד״ר קרוק.

ווער עס וויל האָבן אַ גייסטיקן און עסטעטישן גענוס, זאָל לייענען „אומאָפּהענגיקייט, טעראָר, פרייהייט״. דער נאָמען קאָן אַ ביסל אָפּשרעקן און מ׳קאָן אין פלוג מיינען, אַז דאָס איז אַ טרוקענע פּובליציסטישע אַרבעט. אָבער ניין. אדרבה, ווען מ׳הויבט אָן לייענען די ערשטע קאַפּיטלען, ווערט מען באַלד געשפּאַנט, פּונקט ווי בעת מ׳לייענט אַן אינטערעסאַנטן ראָמאַן.



אויף אַ שפּאַציר אין פּאַריז אויף שאַנ׳ס עליזיי.
פון לינקס: ד״ר יוסף קרוק, זיין פרוי ד״ר אירענע קרוק, אברהם זאַק.

ד״ר קרוק גיט אונדז, אין אַ זייער אָנצי̇ענדיקער פאָרעם, דעם געשיכטלעכן פאַרלויף פון רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען אין אַ ריי לענדער: אין צאַרישן רוסלאַנד, אין פּוילן, אין אירלאַנד. אין אַ געוויסער מאָס אויך אין ענגלאַנד און אַמעריקע. אַלע זיינע שילדערונגען זיינען דורכגעפלאָכטן מיט די אינ־טערעסאַנטסטע, כאַראַקטעריסטישסטע היסטאָרישע עפּיזאָדן. מיר דערזעען פון דער נאָנט די אַלע געשטאַלטן, די אַלע העלדן און פירער, וועלכע זיינען געשטאַנען בראש פון די טעראָר־אַקטן, פון די פּוטשן און אויפ־

שטאַנדן. אַ סך זאַכן ווערן אונדז קלאָר און מיר באַקומען אַ פּירוש צו אַ ריי היסטאָרישע געשעענישן, וועלכע האָבן געהאַלטן אין שפּאַנונג דעם 19טן און דעם אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט. ד״ר קרוק דערגרונטעוועט זיך צום סאַמע תוכן, צום אייגנטלעכן זין פון יעדער רעוואָלוציע. און נישט קיין וווּנדער: האָט ער דאָך אַליין געלעבט אין דער דאָזיקער סטיכיע אין משך פון צענדליקער יאָרן. האָט ער דאָך זייער פּרי — נאָך אין די גימנאַזיע־יאָרן — איינגעזאַפּט אין דער נשמה דעם גייסט, דעם רעוואָלו־ציאָנערן געדאַנק, וואָס ציט זיך נאָך פון די ראשונים־רעוואָלוציאָנערן — פון אַן אַלעקסאַנדער הערצען אין רוסלאַנד, פון אַ קראָמוועל אין ענגלאַנד, פון אַ טאָמאַס דזשעפערסאָן אין אַמעריקע און אַז״וו א״וו.

**
*

ד״ר יוסף קרוקן איז באַשערט געווען צו זיין אין ירושלים בעת איר באַלאַגערונג, בעת די באַפרייונגס־קאַמפן אין ישראל. ער האָט מיטגע־פיבערט מיט די גרויסע היסטאָרישע געשעענישן. די ייִדישע רעוואָלוציע האָט אים, אַפּנים, מיטגעריסן און באַפליגלט נאָך מער ווי די אַלע אַנדערע רעוואָלוציעס, פון וועלכע ער איז איצט אין זיין לעצטן בוך דער היסטאָ־ריקער. זיין התלהבות און באַוווּנדערונג פאַר דער ייִדישער העראָיק זעט מען אין זיין זאַמלונג עסייען א. נ. „צבאות שחרור״ („באַפרייונגס־אַרמיי״), דערשינען אין ישראל באַלד אין ערשטן יאָר פון ייִדישער מלוכהשאַפט.

**
*

ד״ר יוסף קרוק (צוזאַמען מיט זיין פרוי ד״ר אירענא קרוק) האָט פאַר־בראַכט אַ היפּשע צייט אין פּאַריז אַלס גענעראַל־דירעקטאָר פון „אָזע״. איצט קערט ער זיך אום צוריק אַהיים — קיין ירושלים. דאָרט אין דער שטילקייט און געמיטלעכקייט פון דער שכונת רחביה, אויף רחוב אלפסי 25, אין דער באַשיידענער קליינער גרינער ווילע, וועט ער זיכער געפינען אַ סך מער באַפרידיקונג אין זיין ליטעראַריש־שעפערישער אַרבעט ווי אין פּאַריז, אין דער טומלדיקער קאַנצעלאַריע פון „אָזע״...

פּאַריז, 1951

# אונדזער פאָלקס-שרייבער מרדכי ספּעקטאָר

דאָס זעכצנטע בוך — „דער יידישער מוזשיק" פון מרדכי ספּעקטאָר*) — וואָס איז דערשינען אין דער סעריע „מוסטער־ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור", אין בוענאָס איירעס, וועקט אויף רעמיניסצענצן פון דער אַמאָליקער השכלה־צייט מיט איר פּראָבלעמאַטיק, ווען אויך דער געדאַנק פון עבודת אדמה, פון יידישער ערד־אַרבעט, איז געשטאַנען אויפן סדר־היום פון יידישן לעבן. ס'איז, אגב, אויך געווען די צייט נאָך 1881 — נאָך דער סעריע פּאָגראָמען אין דרום רוסלאַנד, וואָס האָבן גורם געווען די ערשטע עמיגראַציע פון יידן מעבר לים.

ס'איז אַ גרויסער פאַרדינסט פון רעדאַקטאָר פון די מוסטער־ווערק — פון שרייבער שמואל ראָזשאַנסקי — וואָס ער האָט אַריינגענומען אין דער ביכער־סעריע דאָס דערמאָנטע ווערק פון מרדכי ספּעקטאָר. אַזאַ בוך — ווי אַנדערע ביכער פון די מוסטער־ווערק — איז ווערט מען זאָל עס אַרויס־נעמען פון פאַרגעסנקייט, ברענגען עס אויפסניי אין אונדזער עפנטלעכקייט און קאָנפראָנטירן מיט אונדזער היינטיקער יידישער ווירקלעכקייט.

„דער יידישער מוזשיק" איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין המשכים אין אַלעקסאַנדער צעדערבוימס „אידישעס פאָלקסבלאַט", אין פּעטערבורג (אין 1884). דער ראָמאַן האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם און איז נאָך דעם דערשינען אין עטלעכע אויפלאַגעס. ספּעקטאָר האָט געבראַכט אין ראָמאַן צום אויסדרוק די אידייען פון ערד־אַרבעט בכלל און די אידייע פון „חיבת ציון"; די דעמאָלטיקע לאָזונגען צו יידן, זיי זאָלן אַוועקוואַרפן די לופט־פּרנסות, דעם האַנדל־וואַנדל און זיך אומקערן צו געזונטער ערד־אַרבעט, צו אַ פּראָדוקטיוו לעבן.

---

*) מיט אַ פאָרוואָרט פון ש. ראָזשאַנסקי און ביבליאָגראַפיע פון יעפים ישורין.

דער הויפּט־העלד פון ראָמאַן איז ר׳ שלום רויטמאַן: אַ ייִד אַן איינ־געפונדעוועטער, איינער פון די שענסטע שטאָט־באַלעבאַטים, האָט פּלוצ־לונג פאַרקויפט זיין שניטקראָם, די שטוב מיט דעם מעבל און איז אַרויס־געפאָרן פון שטאָט אין דאָרף סטעפּקיווקע. ס׳איז געווען ממש אַ סענסאַציע, אַ רעוואָלוציע פאַר יענער צייט אינעם ייִדישן שטאָטישן שטייגער. דאָס איז געווען דער אָנהייב, די ערשטע פּרוּוון פון איבערגאַנג צו עבודת אדמה. און אויף אָט דער קאַנווע וויקלט זיך ספּעקטאָרס ראָמאַן.

איצט, ווען מיר קוקן אויף יענער עפּאָכע פון אַ ווייטער פּערספּעקטיוו, קאָן מען שוין אונטערפירן סך־הכלען; קאָן מען שוין מאַכן דעם חשבון וואָס עס האָט געבראַכט אין ייִדישן לעבן די אידייע פון ערד־אַרבעט; וואָסערע רעזולטאַטן; וועלכע דערגרייכונגען; וואָסערע וואָרצלען זי האָט געשלאָגן אין ייִדישן לעבן אין משך פון דער צייט; ווי עס זענען געגאַנגען די היס־טאָרישע פּראָצעסן פון ייִדישן קיום. אין חשבון, פאַרשטייט זיך, דאַרפן גענומען ווערן, פון איין זייט, די עקספּערימענטן אין סאָוויעט־רוסלאַנד: כ׳מיין, די אַמאָליקע ייִדישע קאָלאָניעס אין קרים, אין ביראבידזשאַן (פון וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך...); דער גרויסער אויפשטייג און אויפבלי פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע מיט די צענדלי־קער, צענדליקער מוסטער־קאָלאָניעס; זייער אויפשטייג און, ליידער, אויך זייער ירידה... און, פון דער צווייטער זייט, דאַרף מען האָבן פאַר די אויגן די קיבוצים אין ישראל, ד״ה די מער פּערפעקטע קאָלעקטיוויסטישע פאָרעם פון קאָלאָניזאַציע, אָן עקספּלואַטירער און עקספּלואַטירטע — אַ קאָלאָני־זאַציע, וואָס איז באַהויכט מיט טיפן אידעאַליזם פון בעלי־חלומות...

עס לאָזט זיך אַ סך נאָכצוטראַכטן וועגן דאָזיקן ענין ביים בלעטערן איצט ספּעקטאָרס „דער ייִדישער מוזשיק״.

***

מרדכי ספּעקטאָר איז געווען, לויט זיין מהות, אַ פאָלקס־מענטש. אַ פאָלקס־מענטש און אַ פאָלקס־שרייבער. אַ שרייבער, וואָס האָט געזען און געקענט די גרויע מענטשן פון דער ייִדישער גאַס. און די ייִדישע גאַס, ווי די ייִדישע מענטשן האָט ער באַשריבן מיט אַלע דעטאַלן, ווי אַן עכטער רעאַליסט, מיט אַלע פּראָזאַישע דעטאַלן, וואָס שטעלן צונויף דאָס מענטש־לעכע לעבן: די ייִדישע שטוב, די קלויז, דאָס בית מדרש, די כלי־קודש

ווי די וואָכעדיקע ייִדן, די קרעמער, די באַלמעלאָכעס, די לופט־מענטשן, די גבירים ווי די אביונים.

ספעקטאָר איז אַחוץ שרייבער, אַחוץ דערציילער און ראָמאַניסט, געווען אויך אַ צייטונגס־מענטש, מיט טעמפּעראַמענט. ער האָט זיין גאַנץ לעבן זיך אויסגעלעבט אין צייטונגען און זשורנאַלן. זיין נאָמען איז פאַרבונדן מיט צענדליקער צייטונגען און פּעריאָדישע אויסגאַבעס — זינט 1883, ווען ער האָט דעבוטירט אין אַלעקסאַנדער צעדערבוימס „אידישעס פאָלקסבלאַט״. ספעקטאָר איז נישט נאָר געווען באַטייליקט אין צייטונגען און זשורנאַלן — פון טייל איז ער דער גרינדער און רעדאַקטאָר געווען. ספעקטאָרס ליטע־ראַרישע און זשורנאַליסטישע טעטיקייט איז פאַרבונדן מיטן לעצטן פערטל פון 19טן יאָרהונדערט און מיטן ערשטן פערטל פון צוואַנציקסטן יאָרהונ־דערט. פעטערבורג, אָדעס, וואַרשע, ניו יאָרק — דאָס זיינען די שטעט פון ספעקטאָרס שעפערישער טעטיקייט.

ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ספעקטאָר אַוועק פון וואַרשע קיין אָדעס, ווו ער האָט מיטגעאַרבעט אין דאָרטיקן „אונדזער לעבן״ — אַ צייטונג, וואָס איז פריִער דערשינען אין וואַרשע און אין 1912 האָט איר אַרויסגעבער (ש. האָכבערג) זי איבערגעטראָגן קיין אָדעס. דאָרט האָט ער זיך אויסגעלעבט אין דער סביבה פון מענדעלע, ביאַליק, פרוג, לינעצקי און אַנדערע. עטלעכע יאָר נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש אין רוסלאַנד איז ספעקטאָרן געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון דער הונגעריקער שטאָט און ער האָט זיך דערשלאָגן צו די ברעגעס פון פרייען אַמעריקע. אויך אין ניו יאָרק האָט זיך ספעקטאָר אויסגעלעבט אין אַ צייטונג — אין „אידישעס טאַגעבלאַט״. און דאָרט טאַקע, אין אַמעריקע, האָט זיך אין 1925, ד״ה צו 65 יאָר, אויסגעלאָשן זיין שעפעריש לעבן.

***

מיט מרדכי ספעקטאָרן בין איך פערזענלעך באַקאַנט געווען בעת מיינע ערשטע טריט אין דער ליטעראַטור און אין דער פּרעסע. געווען איז עס אין וואַרשע, עטלעכע יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען כ׳בין אַהין אָנגעקומען ווי אַ יונג בחורל פון מיין ליטווישן שטעטל. מיר איז אין יענע יאָרן אויסגעקומען צו אַרבעטן מיט ספעקטאָרן אין צוויי צייטונגען:

פריִער אין „אונדזער לעבן" און נאָך דעם אין „מאָמענט", און כ'האָב אים געקענט פון דער נאָנט*).

מרדכי ספּעקטאָר איז געווען אַ מענטש פון פּשטות, אַן עכטער פאָלקס־מענטש. אַ צוגעלאָזענע גוטמוטיקע נאַטור. אַ ליבער חבר אין דער שרייבער־משפּחה. האָט ליב געהאַט מקרב צו זיין אַ יונגן שרייבער, זיך מטפּל זיין מיט אים. אים איז פרעמד געווען גאווה, פאַרריסנקייט. זיין הנהגה איז געווען די פּשטות אַליין, און פאַר אָט דער מידה זיינער האָט מען אים ליב געהאַט.

דער שרייבערישער באַרוף האָט ספּעקטאָרן נישט אָפּגעריסן פון וואָכע־דיקן גשמיות, פון עולם־הזה. ער האָט ליב געהאַט דאָס לעבן און די חומר־דיקע הנאות פון לעבן. וועגן אים לאָזט זיך זאָגן דאָס רוימישע ווערטל: „אַ געזונטע נשמה אין אַ געזונטן קערפּער". ער האָט טאַקע תמיד אויסגעזען פריש, געמיטלעך, לעבנס־פריידיק. די טונקעלע אויגן האָבן געבליצט מיט לעבן, מיט באַגערן. הגם קאָרפּולענט, אָבער פלינק און באַוועגלעך. שוין פון זיין אויסערלעכקייט (אַפילו לויט זיין פאָטאָגראַפיש בילד) קאָן מען זען, אַז ער האָט נישט געלעבט פון תעניתים... אויף די שרייבערישע מסיבות האָט ספּעקטאָר קיין מאָל נישט פאַרגעסן זיך צו פאַרהאַלטן ביים בופעט. האָט שטאַרק געהאַלטן פונעם „וסעדו לבכם"... אויף קיין הויכן בלוט־דרוק האָט ער זיך אויך קיין מאָל נישט געקלאָגט...

אין די וואַרשעווער רעדאַקציעס איז געווען איינגעפירט דער מנהג פון טיי־טרינקען. עס האָט האַרמאָנירט מיט דער געמיטלעכקייט פון דער רעדאַקציאָנעלער אַרבעט. פלעג איך תמיד ליב האָבן צו אָבסערווירן ביים טיי־טרינקען, ווי ספּעקטאָר נעמט אַרויס פאַוואָליע פון אַן איינגעוויקלטן פּאַפּיר די מיטגעבראַכטע פרישע זעמעלעך — די וואַרשעווער „קייזער־קעס" — אָנגעשמירטע פון אינעווייניק מיט פּוטער און קאַוויאַר. ער האָט עס צוגעביסן צום טיי פּאַמעלעך, מיט כוונה, גלייך ווי ער וואָלט אויסגעפירט אַ ריטואַל... זיינע פּולע באַקן האָבן בעת מעשה באַקומען קאָלירן פון דער גרויסער הנאה. און מיטן זעלבן געזונטן אַפּעטיט און הנאה פלעגט ספּעקטאָר אויך באַשרייבן די מאָלצייטן ביי פיל פון זיינע העלדן.

דעם דאָזיקן שטריך ספּעקטאָרס האָבן דערמאָנט שרייבער־מיט־צייטלערס אין זייערע מעמואַרן. כאַראַקטעריסטיש איז צוו"אַנד די פּאָר־

*) זע מיין בוך „אין אָנהייב פון אַ פרילינג".

צייכעניש פון שמעון דובנאָוו בעת זיינעם אַ באַזוך אין אָדעס ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה:

„דאָס מאָל איז צו אונדזער אָדעסער חברה צוגעקומען ספעקטאָר. אַ פריילעכער, אַ לעבעדיקער, אַ בריה אין הלכות עסן און טרינקען, אַ פייער־דיקער חסיד דעם „זיידנס"; גרייט צו כאַפּן שיריים ביי אים פון טיש. ווער וואָלט דען געגלויבט, אַז אָט דער לעבעדיקער סאַנגווינקער וועט שפּע־טער ליידן הונגער און נויט אין דער באָלשעוויסטישער אָדעס און וועט מוזן מיט סכנות נפשות לויפן קיין אַמעריקע און דאָרטן געפינען דעם טויט"!... *).

ספעקטאָר האָט תמיד אויך ליב געהאַט צו פאָרען זיך ביי ווירטשאַפט־ענינים — מעשה באַלעבאָס, אָדער בעסער געזאָגט: „מעשה באַלעבאָסטע"...

כ'בין, אַ שטייגער, געווען איין מאָל אַן עדות, ווי דער אַלטער צבי פרילוצקי — דער שעף־רעדאַקטאָר פון „מאָמענט" — האָט פאַרבעטן ספעק־טאָרן ער זאָל אין אָוונט אַרויפקומען צו אים.

— ליידער קאָן איך היינט נישט קומען צו אייך — האָט ספעקטאָר געענטפערט — מיר האָבן היינט אין שטוב אַ „וויעלקיע פראַניע"... (דאָס גרויסע וועש־וואַשן).

כ'מיין, אַז די ייִדישע פרויען וואָס שטאַמען פון וואַרשע, געדענקען זיכער גוט די דאָזיקע טערמינאָלאָגיע...

**
*

כדאי צו פאַרצייכענען נאָך אַ שטריך ספעקטאָרס.

מ'האָט שוין אין רעדאַקציע געוווסט, אַז ווען עס קומט צו אַ העברעיִש וואָרט, צו עפּעס אַ פּסוק, איז ספעקטאָר אַ ביסל „געהרגעט אויף עברי"... עס פלעגט אים זיין אומבאַקוועם אָנצושרייבן אויפן פּאַפּיר, שוואַרץ אויף ווייס, אַ גרייזיק וואָרט. פלעגט ער צוגיין מיט עפּעס אַן אויסרייד צו דעם און צו יענעם אין רעדאַקציע און אַ פרעג טאָן, זיך רויטלענדיק, אונטער־רוקנדיק אַ פּאַפּירל:

— ווי אַזוי שרייבט מען ביי אייך „עלינו לשבח"?...

*) שמעון דובנאָוו: „פון זשאַרגאָן צו ייִדיש".

עולם שרייבער האָט עס שוין אָבער געוווּסט, מ׳איז געווען דערצו צוגעוווינט און עס אָנגענומען פאַר נאַטירלעך.

אַמאָל פלעגט עמעץ זיך אַ וויצל טאָן אויף דעם חשבון:

— גוט כאָטש, וואָס זיין פסעוודאָנים „אמת״ שרייבט ספעקטאָר אונ־טער אָן אַ גרייז...

אָבער דאָס האָט ספעקטאָרן — דעם שרייבער־האָרעפּאַשניק — נישט געמאַכט פאַר אויס שרייבער. זיין זאַפטיקער ייִדיש האָט ביי אים געפלאָסן ווי פון אַ שפּרודלדיקן קוואַל. אויף דעם זענען עדות זיינע פיל ביכער דערציילונגען און ראָמאַנען.

ב. איירעס, מאַי, 1963

# דער דערציילער א. מ. פוקס

א. מ. פוקס איז אַ שרייבער מיט אַן איינגעוואָרצלטער טראַדיציע אין דער ליטעראַטור. זיין אָרט אין דער מאָדערנער ייִדישער פּראָזע איז נעבן ווייסנבערג, בערגעלסאָן, אָפּאַטאָשו, י. י. זינגער, ראַבאָי.

וועגן פוקסן איז אָפט געשריבן געוואָרן. יעדע דערציילונג זיינע איז געווען אַ דערשיינונג, האָט אַריינגעבראַכט אַ נייקייט, אַ פרישקייט. דער איבערגעלאַדענער סטיל פון זיינע דערציילונגען האָט אָפט אַרויסגערופן וויכוחים. אַפילו לעצטנס איז אַרויסגעקומען אַזאַ מין וויכוח צווישן יעקב גלאַטשטיינען און מלך ראַוויטשן. ראַוויטש איז אגב געווען איינער פון פוקס׳ ערשטע חברים אין לעמבערג און שפּעטער אין ווין, ווו זיי ביידע צוזאַמען מיט משה זילבורגן האָבן אַרויסגעגעבן דעם חודש־זשורנאַל „קריטיק״, וואָס איז דעמאָלט געווען אַן אָנגעזעענע ליטעראַרישע פּאָזיציע אין דער ייִדישער שרייבערישער וועלט.

פוקס איז שוין איצט אַ צוויי און זיבעציקער. איצט לעבט ער און שאַפט אין ישראל, ווו עס זיינען שוין דערשינען עטלעכע פון זיינע ביכער אין העברעיִש, אין דער איבערזעצונג פון דעם דיכטער שנהוד.

אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז פוקס נתגלה געוואָרן ווי אַן עכטער קרעפטיקער פּראָזע־מייסטער נאָך אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. געקומען איז ער פון זיין מזרח־גאַליציישן שטעטל יעזיערנע, ווו ער האָט זיך דערצויגן אונטער איין הימל מיט די געזונטע גוטמוטיקע האָרעפּאַשנע ייִדן, מיט זייער שטייגער, מיט זייער יום־טוב און וואָך.

פוקס׳ ביכער „אויפן בערגל״ און „אונטער דער בריק״ האָבן בשעתם געמאַכט אַ רושם. אין די דאָזיקע דערציילונגען קומט אַמבולטסטן צום אויסדרוק זיין שטאַרקער קרעפטיקער טאַלאַנט. זיי שטעלן אים אַוועק אין די פאָדערשטע רייען, ווי אַן אויסגעשפּראָכענעם רעאַליסט, אין דער נייער ייִדישער בעלעטריסטיק. פוקס׳ העלדן זיינען ס׳רוב פאָלקס־מענטשן פון

דער ייִדישער אָרעמער סביבה. אין זיינע דערציילונגען פילט איר די לופט פון ייִדיש־גאַליציישן שטעטל, אַזוי אויך אין דער פאַרביקייט פון זיין לשון, אין דער רייכקייט פון זיינע אידיאָמען און אינעם גאַנצן קאָלאָריט.

פוקס איז זייער פּזרנדיק אין זיינע פאַרבן, מיט וועלכער ער מאָלט סיי מענטשן, סיי נאַטור. דעריבער צייכענען זיך אויס זיינע דערציילונגען מיט זייער פּלאַסטישקייט. זיינע טיפּן און בילדער זיינען אַזש איבערגע־לאָדן מיט די דרייסטע שטריכן און קאָלירן פון אַן עכטן קינסטלער. בעת מיר לייענען פוקסן, אַנטפּלעקן זיך פאַר אונדזערע אויגן די מענטשן מיט אַלע פּרטים, מיט אַלע ניואַנסן. מיר זעען זיי סיי אין זייער גערעאַנגל, סיי אין זייער שוואַכקייט און געפאַלנקייט. דורך זיינע שילדערונגען גייט אַדורך אָפט, ווי אַ רויטער פאָדים, אַ סאָציאַלער און נאַציאָנאַל־ייִדישער אויפבליץ.

אין אַלע פוקס׳ שאַפונגען — זינט זיין אָנהייב, זינט זיין „אונטער דער בריק״ — דאָמינירט זיין רויער, אָפט ברוטאַלער סטיל. דאָס איז גע־וואָרן ביי אים דער נאַטירלעכער אויסדרוק פון זיין שעפערישן כוח.

אַמאָל שטויסן מיר זיך אָן ביי פוקסן אויף אויסטערלישע אינדיווידן און אויף מאַקאַברישע, אָבער טיף־פּסיכאָלאָגישע, מאָמענטן. פוקס האָט אַפּנים אַ באַזונדערע שוואַכקייט צו די אויסטערלישקייטן און אָפּווייכונגען אינעם לעבן. עס לאָזט זיך מיר, אַ שטייגער, נישט פאַרגעסן זיינע אַ דער־ציילונג, אין וועלכער עס ווערט געשילדערט אַ ייִדישער שומר פון ווינער ייִדישן בית עולם. דערציילט פוקס אויף זיין נאַטוראַליסטישן שטייגער ווי אַזוי דער דאָזיקער שומר — אַן אויסטערלישער, דעגענערירטער, פון לעבן אַרויסגעשטויסענער פאַרשוין — דרייט זיך אום איינער אַליין אינעם מתים־שטיבל, צווישן די בר־מינגס, און וויצלט זיך אויף אַ גראָבן אופן און כאַפּט שיער נישט אַ „פלירט״ מיט אַ פריש־געשטאָרבענער יונגער פרוי... דאָס דאָזיקע בילד טרייסלט ממש אויף. אין פלוג פּראָטעסטירט אַלץ אין אייך ביים לייענען אַזאַ שווידערלעכע סצענע: „ווי איז עס מעגלעך?״ אָבער פוקס וואַרפט אַ פּסיכאָלאָגישן רעפלעקטאָר אויף דעם דאָזיקן אויס־טערלישן פאַרשוין און איר דערזעט סוף כל סוף דעם רעאַלן אונטערגרונט פון אָט דער דאָזיקער מאַקאַברישער שילדערונג. פוקס באַפּעפערט די סצענע מיטן ברוטאַלן „הומאָר״, מיט וועלכן דער אויסטערלישער פאַרשוין גייט צו צו זיין „אָבּיעקט״ אינעם טויטן־קאַסטן...

***

פוקס׳ נײַי בוך — „די נאַכט און דער טאָג״ — באַזיצט אַלע אייגנשאַפטן פון זיין אייגנאַרטיקן קינסטלערישן זשאַנער. איר האָט דאָ דעם גאַנצן פוקס, מיט זיין שפּראַך־עשירות, מיט דער פאַרבן־רייכקייט. ער לעבט דאָ פאַר אונדז אויף דאָס גאַליצישע שטעטל, זיינע טיפּן, זיין שטייגער. און אַלץ אַזוי קלאָר, אַזוי רעאַל, אַזוי בולט.

דאָס אמתדיקע שטעטל איז אין חורבן השלישי אָפּגעמעקט געוואָרן — איז עס געבליבן נאָר אין דער ליטעראַטור. ביי א. מ. פוקסן זעען מיר דאָס שטעטל. מיר זעען די מענטשן, וואָס זיינען פאַרשניטן געוואָרן. ביי פוקסן לעבן זיי ווייטער...

וועט דעריבער נישט זיין איבערגעטריבן ווען מיר וועלן זאָגן, אַז פוקס׳ בוך איז אויך אַ מאָנומענט נאָך זיין פאַרשניטענער עדה...

אַזוי איז אַ שטיק ייִדיש לעבן געבליבן נאָר אין דער ליטעראַטור.

און פּונקט ווי פוקס׳ מענטשן — אַזוי לעבן פאַר אונדז זיינע פּייזאַזשן. אַזוי פריש, אַזוי לעבעדיק, אַזוי פּלאַסטיש. ביים לייענען פילן מיר דעם פרישן אַראָמאַט פון זיינע פעלדער, צי די ווייסע שטומע פּראַסטיקייט פון זיינעם אַ ווינטערדיקן פּייזאַזש. זיינע גראָזן, זיינע בלומען זיינען נישט קיין פּאַפּירענע — דאָס זיינען לעבעדיקע, דופטנדיקע בלומען, וואָס גלעטן אונדזער געמיט, אונדזערע חושים. פון פוקס׳ שאַפונגען שטראַלט אַרויס טיפסטער הומאַניזם, אַ ליבשאַפט צום אָרעמען, באַעוולהטן מענטש. זיין הומאַניזם איז אָנגעהויבט פון אַלט־ייִדישער עטיק און פון די אידלסטע סאָציאַלע אידייען, וואָס אונדזער יאָרהונדערט האָט איבערגענומען פון ניינצנטן יאָרהונדערט און האָט זיי פאַרשוועכט און דערטרונקען אין ימים בלוט...

אין דעם דערמאָנטן בוך איז פאַראַן אַ דערציילונג, וואָס הייסט „דער לעצטער וועג״. אַ דערציילונג נישט דווקא וועגן אַ מענטש, נאָר וועגן אַ שטומיקן בעל־חי — וועגן אַ פערד, וואָס טראָגט דעם צונאָמען „בילמע״. אַן אַרבעטס־פערד, וואָס טויג שוין צו גאָרנישט מחמת אַלטקייט און בלינד־קייט און זיין באַלעבאָס — דער אָרעמער מנחם — פאַרטרייבט עס אין איינער אַ פראָסטיקער נאַכט פון זיין היים — פון זיין לײדיק, צעבראָכן שטעלכל, אַז עס זאָל גיין ערגעץ אַליין זוכן חיונה, אָדער אומקומען ערגעץ אין די שנייִקע פעלדער...

כדאי צו ברענגען כאָטש אַ פּאָר ציטאַטן, כדי צו ווייזן פוקס׳ שילדע־

רונגס־קראַפט. פון איין זייט — ווי אַזוי ער האָט דאָ פאַרמענטשלעכט דעם אָרעמען שטומען בעל־חי און פון דער אַנדערער זייט — דעם סאָציאַלן מאָמענט, דעם ריינסטן הומאַניזם, מיט וועלכן ער גייט צו צו זיינע העלדן, צו גאָטס ברואים.

לייענען מיר, למשל, אַזאַ פּאַראַגראַף:

„קיין גרויסער באַדערפער איז ער, בילמע, קיין מאָל נישט געווען. דער האָבער האָט נישט געשטאָכן זיין גומען מיט האָפערדיקער זעט. ער האָט קיין מאָל נישט פריציש געטענצלט מיט זילבער־פאַרפוצטן זאָטל און פלאַטערדיקע פעדערבושן אויפן גדלותדיקן געצויגענעם האַלדז, נישט גע־קאָנט מאַכן קיין קונצן, און נישט געלאָפן ווי אַן אָדלער מיט באַוואָפנטן, גאָלד־באַצירטן רייטער אין די טומלדיקע שלאַכטן, מיט טרומייטער־געבלאָז און פויקן־געווערבל. מיט אַ בליק, אַ זייטיק־ביטולדיקן און שנאהדיק שטומען, וואָס האָט געשפּיזלט פון זיין איינציק זעעוודיק גרויס אויג, באַ־לויכטן מיט שכל, פלעגט ער אַמאָל קוקן אויף די שיינע, זאַט אויסגע־פּאַשעטע, פריצישע פערד מיט די גלאַנציק געבויגענע העלדזער, וואָס טוען גדלותדיק אַ הירזשע מיט נאַרישן קוויטשל. אומזיסטיקע פרעסערס — האָט זיין בליק געצערנט — קנעכטיקע נשמות. זיי ציִען נישט דעם נוצ־לעכן אַקער, אָדער דעם צעבראָכענעם פרנסה־וואָגן פונעם אָרעמאַן. וואַרטס נאָר אויס, איר זינדיקע פוסט־און־פּאַסניקעס — האָבן זיך געשאָקלט בילמעס אָפּגעריבענע אויערן — ס׳וועט קומען די צייט, ווען ס׳וועלן נישט זיין אויף דער וועלט קיין שיינע, לייכטע בריטשקעס, ווי קינדער־שפּילעכלעך, צו טענצלען אין זיי גלאַנציק־אויסגעפוצט אין זילבערנע קלעפּערלעך און מעשענע טעצעלעך, גלוסטיק־צעהנדלט, ווי שיינע ווייבער. ניין, ס׳וועלן נישט זיין מער קיין רייכע פריצים, וואָס וועלן אויף אייך האָפערדיק צע־טענצלט רייטן מיט פּעטע הינטנס און אייך פון תענוג קיצלען מיט די שפּאָרן די זאַטע בייכער. איינשפּאַנען וועט מען אייך אין יאָך, צו אַקערן די ערד, צו שלעפּן די משא פון די וואָגנס גלייך מיט אונדז, אַרבעטס־פערד. האָ־האָ, אייער צייט וועט נאָך קומען. איר גאַוודיקע לײדיק־גייערס, אָן שכל און אָן יושר“.

און נאָך אַ כאַראַקטעריסטישע שטעל. אַ דערינערונג פון בילמען בעת זיין אַרומבלאָנקען אינעם הפקרן ווינטערדיקן פעלד נאָכן פאַרטריבן ווערן פון זיין שטעלכל:

„איין מאָל, געדענקט בילמע, איז ער געשטאַנען אין שטעטל־מאַרק אויסגעשפּאַנט ביים קרומען דישל פון זיין צעבראָכענעם וואָגן און מיד געקייט פונעם זומערדיקן, זאַפטיקן בינטל שטרוי. דאָס גרויסע גלי‍ִענדיקע זונאויג אין טיף בלאָען הימל־געוועלב האָט גאָלדיק געציטערט אויף די גרינע ביימער־שפּיצן, וואָס זייער שוואַרצער שאָטן האָט אָפּגעפרישט דאָס צעהיצטע לייב. קופּעס אויבסט האָבן געשמעקט פון די קעסטלעך. מענטשן מיט צעקנאָדערטע גוטמוטיק־פאַרברענטע פּנימער האָבן ווי די הינער גע־גאָגערט פריילעכע רייד. וואָלקנס פליגן האָבן געזשומעט אַרום זיין קאָפּ, געשטאָכן מיט זייערע קליינע מויל־שפּיזלעך זיין פעל, געקיצלט די נאָז־לעכער, געזויגן די אויגן־ווינקלען, אָבער בילמע האָט זיי פאַרטריבן מיטן פאָכענדיקן ווידל. פייגל האָבן צעפּייפּט געהיפּט און גיך געפּיקט מיט די געניטע שנעבעלעך זערנעס פון דעם באַפּאַרעטן פערד־מיסט און באָרוועסע ייִנגלעך האָבן, שפּילנדיק זיך לעבן אים, געקנאַקט מיטן בייטשל, געשפּרונ־גען און געשריגן. זיין באַלעבאָס האָט דעמאָלט נחתדיק געשמייכלט אין דער באָרד אַריין. פריילעך איז בילמען דעמאָלט געווען אויף דער נשמה. נעבן אים, ביי עפּעס אַ פּריצישער בריטשקע, איז געשטאַנען אַן אויסגע־שפּאַנטע שיינע שקאַפּע, גלאַנציק אויסגעבערשט, מיט אַ קיילעכדיק פולן בויך, ווי אַ זאַפטיק־באַגראָזט זומער־בערגל. בילמע האָט אַ פריילעכן ברום געטאָן, אַ טרעסע געטאָן מיט דער פעל, אויסצופוצן זיך, אָפּצוּוואַרפן די שטיקלעך מיסט פון לייב, אַ שמיץ געטאָן מיטן ווידל, כדי אָנצוזאַמלען חשק, דערנאָך געפּרווט די שכנטע אַ צערטלעכן גלעט טאָן מיט דער מאָרדע און אַרויפגעלייגט זיין קאָפּ אויף איר האַלדז, כדי איר איינצורוימען אין אויער אַ סוד פון ליבשאַפט. אָבער די שקאַפּע האָט דעם פּראָסטן, קנאָכיק־דאַרן בחור אָפּגעשטויסן מיט אַ בייזן געהירזשל. זי האָט געקאָפּעט מיט די פיס, געריסן דעם דישל, געשריגן און געקוויטשעט, גלייך מען וויל זי קוילן. הי־הי־הי — אַ העזה אַ ביסל פון אַ קבצן! אַוועק! בילמע, אַ פאַרשעמטער, האָט אָפּגערוקט זיך אַ ביסל ווייטער, פאַרדראָסן אַ קראַץ געטאָן זיך מיט די ציין אין דער ברוסט: נו, מילא, באַדאַרף מען נישט. וועט ער זיך באַגיין אָן דער פּריצישער שקאַפּע, וועט ער וואַרטן אויף זיינס גלייכן. דערווייל אָבער האָט ער מיט פּראָסטאַקישער הכנעה געפּרווט כאָטש אָננעמען אַ מויל האָבער פון יענערס זאַק, כדי טועם צו זיין אַ גע־שמאַקן ביסן, אָבער די גלאַנציקע נגידה האָט צאָרנדיק געוואָרטשעט און גענומען זיך וואַרפן מיט העליש אָנגעצונדענעם כעס. זי האָט געפּאַטשט

מיטן לאַנגן, שיינעם ווידל, אין צעפּייערטער בהלה געשטויסן מיטן קאָפּ, גרייט דורס צו זיין, געשריגן און זיך געוואָרפן ווי אין קדחת. דעמאָלט איז שוין בילמע אַרויס פון די כלים. זיין גרימצאָרן האָט אויפגעזאָטן מיט פינצטער־בייזן ברום. הו־האַ — וואָס איז דאָס? ס׳איז טאַקע איר האָבער? זי האָט געאַרבעט אויף דעם מיטן שווייס פון איר לייב? און בילמע האָט גיך און טיף אַ שינאהדיקן ביס געטאָן דער פריצישער שקאַפּע אין סאַמע שיינעם האַלדז, צעריסן די גלאַנציקע פעל מיט זיינע שאַרפע, פעדערשטע ציין. שטעקנס און בייטשן האָבן באַלד געשמיסן אין זיין רוקן ווי אַ פייערדיקער האָגל. די באַלעבאַטים האָבן זיך געקריגט, און מען האָט אים אָוועקגעטריבן פון מאַרק מיט קללות און שרעקגעשריי. די הנאה אָבער פון יענעם נצחון איבער דער שיינער, פוסטער יחסנטע פילט ער נאָך אַצינד, און ער שמייכלט אין זיין נשמה, מיט דער אָנגעבויגענער מאָרדע, וואָס די האָרשטעכערס זיינען אָנגעפרוירן מיט שניי ווי אַ ווייסע באָרד״.

איר זעט אין דעם ציטאַט אַזאַ פּרעכטיקע, אַזאַ פולקאָמע פאַרמענטש־לעכונג פון אַ בעל־חי. דאָס קאָן נאָר געגעבן ווערן פון אַ גאָט־געבענטשטן קינסטלער! דער מחבר רייסט אונדז מיט אין דער אימאַזשינירטער דער־מאָנונג פונעם בעל־חי אין זיין לעצטן וועג און מיר פילן עס אַזוי רעאַל, אַזוי אמתדיק. עס ווערט אָפּגעווישט די גרענעץ צווישן וויזיע און רעאַליטעט. דאָס איז דער כוח פון קונסט.

און מיט וויפל רחמים און צער איז דורכגעדרונגען די טראַגישע פינאַל־סצענע אין דער דאָזיקער דערציילונג — דער טויט פונעם עלנטן באַשעפעניש אין שנייִיקן פעלד; ווי אַזוי דריי וועלף באַפאַלן דעם גוף פונעם גוססדיקן פערד.

און דאָ מוז איך ברענגען אַ דריטן און לעצטן ציטאַט:

„עס איז געווען דער טויט, וואָס האָט זיך אַצינד פאַוואַליע גענענט צום פערד מיט געשפּיצטע ציין און שאַרף געקרעלטע נעגל. דאַרע ריטלעך האָבן זיך אימהדיק געבראָכן אונטער די לאַפּעס פון די שלייכנדיקע וועלף און געוועקט דעם פאַרהוילענעם אָטעם פונעם שטום־שווייגנדיקן באַגינען.

אַ שווער באַפעדערטע סאָווע איז געקומען צו פליִען, זי האָט זיך שטום און פאַרטראַכט אַוועקגעשטעלט אויפן שפּיץ פון אַ בוים. פון איר קייַלעכדיק פעדער־פּנים האָט אַרויסגעשטעקט אַ געקרימטער שנאָבל, ווי אַ געבויגענע נאָז פון אַ באָרדיק מענטשלעך פּנים. איר קאָפּ איז געווען

איינגעצויגן און די צוויי קיילעכדיקע, ווי שוואַרצע דימענטן גלאַנציקע, קלוג־שאַרפע אויגן האָבן מיט שטומען שכל געקוקט אויפן אייביקן טונקעלן סוד פון לעבן און טויט. זי האָט געזען, די נאַכטסאָווע, ווי דריי וועלף טאַנצן אַרום דעם פערדס קאָפּ אין צעוואָיעטן געווירבל און ס'ציטערט אַ לעצטער טויט־געשריי; ראַנגלעניש און שפּריצנדיק בלוט אויף ראָז־בלויען שניישימער. בילמע ליגט מיט שוואַך זיך הייבנדיקע זייטן. אַ רגע צאַפּלען דריבנע זיינע געשטרעקטע הינטערשטע פיס און בלייבן פאַרשטייפט, לעצטער גסיסה־אָטעם פאַרעט זיך שוואַך פון זיינע צעריסענע נאָזלעכער. די נשמה פון דער באַשעפעניש הייבט זיך אַרויס פון זיי... צאַפּלט און טראָגט זיך, ווי אַ ווייסער פויגל, צו די רויט־בלויע הימלהייכן. די געדערים לייזן זיך אויף, שטויסן אַרויס דאָס לעצטע מיסט. דער רחמים־בליק אין גרויסן, שוואַרצן, פערדישן אויג צאַנקט, ווערט פאַרלאָשן פונעם לעצטן טויט־ציטער, בעת די וועלפישע ציין רייסן שוין שטיקער הייס פלייש פון זיין לייב. די חיות־רעות לויפן, שפּרינגען אין רעדל, די ווידלען איינגעקלעמט צווישן די לאַפּעס, אין ווילד־באַרוישטן זאַט־טאַנץ, מיט אונטערגעהויבענע שוואַרץ פאַרבלוטיקטע, קרומע מאָרדעס, וואָס צוקן און שלינגען. ווי פון אַ קרבן־תמיד שפּריצט הייס דאָס רויטע בלוט צום גאָלדיקן זונפלאַם איבערן וואַלד".

די דאָזיקע אַלע ציטאַטן בלויז פון איין דערציילונג אינעם בוך זיינען נאָר אַ טראָפּן פון אַ ים, פון אַ ים שיינקייט. אין יעדער דערציילונג פונעם בוך „די נאַכט און דער טאָג" זעען מיר די גרויסע שפע פון פאַרבן, מיט וועלכע פוקס מאָלט זיינע געשטאַלטן און בילדער.

בוענאָס איירעס, 1962

# ש. ניגער — און מלך ראַוויטש דער לאַורעאַט

(אַריינפיר־וואָרט צו אַ ליטעראַרישן יום־טוב) *

דער ליטעראַרישער יום־טוב פון ייִדישן קולטור־קאָנגרעס איז אַ באַזונדערס דערהויבענער. קודם כל איז אַ פרייד, וואָס אָנגערעגט דורך דער לייוויק־פּרעמיע אין ניו־יאָרק — האָבן זיך אויך ביי אונדז געפונען אַ מנין ייִדן, געטרייע פריינט פון דער ייִדישער קולטור, וואָס האָבן זיך צונויפגערעדט וועגן עטאַבלירן בשותפות ביים קולטור־קאָנגרעס אין בוע־נאָס איירעס אַ ניגער־פּרעמיע אויף אַ משך פון צען יאָר.

פאַרשפּאָר איך צו באַטאָנען, אַז דאָס איז נישט סתם אַ דורכשניטלעכע פּרעמיע — ס׳איז אַ שמואל ניגער־פּרעמיע; אַ חשיבותפולע פּרעמיע אויפן נאָמען פון אונדזער גרעסטן ליטעראַטור־קריטיקער. איך זאָג „גרעסטן" מיט דער פולער איבערצייגונג.

שמואל ניגער האָט זינט זיין פריסטער יוגנט געשטעלט זיין לעבן צו דינסט דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט, און דער עיקר דער ייִדישער ליטעראַטור און דער ייִדישער קולטור, וועלכער ער האָט געדינט בלב ונפש עד יום מותו; ביז זיין לעצטער טאָג איז מיט צען יאָר צוריק אויסגעלאָשן געוואָרן.

אין די רעוואָלוציאָנערע יאָרן אין צאַרישן רוסלאַנד איז ש. ניגער געווען אַקטיוו אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג — אין די רייען פון „ס. ס." — אין וועלכער ער האָט געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָל. דעמאָלט האָט ער אַפילו פאַרזוכט דעם טעם פון עטלעכע צאַרישע תפיסות. אין די יאָרן 7־1906 איז ער הויפּט־מיטאַרבעטער פון די „ס. ס.׳ישע" טריבונעס

---

*) געלייענט אויף דער אַקאַדעמיע פון קולטור־קאָנגרעס אין ב. איירעס ביים איבערגעבן די ערשטע ש. ניגער־פּרעמיע אין 1965.

„דאָס וואָרט" און „אונדזער וועג" אין ווילנע. (אגב דערמאָנט זיך מיר: אין 1907, ווען כ׳בין ווי אַ יוגנטלעכער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער זעלבער באַוועגונג, איז ניגער געווען מיין פּאַרטייִשער רבי און כ׳פלעג שלינגען מיט גרויס הונגער זיינע אַרטיקלען אין די דערמאָנטע זשורנאַלן, וואָס פלעגן דערגיין צו מיר אין מיין פּראָווינץ־שטעטל).

צו יענע יאָרן געהערן זיינע פּובליקאַציעס: „וואָס איז אַזוינס דער ייִדישער אַרבעטער?", „קלאַס און נאַציאָן", „די ייִדישע אינטעליגענץ און די ייִדישע שפּראַך".

ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער האָט ניגער באַלד ביי זיין פּריסטער אָנט־פּלעקונג — אין אַן אַרבעט וועגן שלום אַשס „משיחס צייטן" אין 1907 — געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די ליטעראַרישע קרייזן און מען האָט באַלד דערזען זיין באַזונדערן צוגאַנג צו אַ ווערק, זיין תוכיקן אופן פון אַנאַליז און אינטערפּרעטאַציע. און גאָר גיך — נאָכן דערשיינען פון זיינע ווייטערדיקע ליטעראַרישע אָפּשאַצונגען און עסייען וועגן אַנדערע שרייבער — האָט מען ניגערן געקרוינט מיטן נאָמען „דער ייִדישער ביעלינסקי". נאָכן טויט פון אונדזער פּראָמינענטן ליטעראַטור־קריטיקער בעל־מחשבות, וועלכער איז דערשינען אַ ביסל פריִער פאַר ניגערן, אָבער וועלכער איז פריצייטיק אַוועק פון לעבן, איז ניגער פאַרבליבן אונדזער ליטעראַטור־קריטיקער מיט דעם ה׳ הידיעה.

און וואָס ווייטער האָט שמואל ניגער אַלץ מער באַרעכטיקט סיי ביי שרייבער, סיי ביי לייענער די פּראָגנאָזן וועגן זיין הויכן אויפשטייג. אין משך פון זיין גאַנצן שעפערישן לעבן איז נישט געווען קיין איין וויכטיקער שרייבער, וועגן וועלכן ניגער זאָל נישט האָבן געשריבן. אונדזערע קאָריפייען האָט ער גאַנצע ביכער געווידמעט, ווי: פּרצן, מענדעלען, לייוויקן און אַנד. די אַמביציע פון יעדן יונגן שרייבער איז געווען, אַז ניגער זאָל אים דערזען; זאָל אים שענקען זיין אויפמערקזאַמקייט און זיך וועגן אים אָפּרופן. און ווען ניגער האָט עס יאָ געטאָן, איז עס פאַרן געגעבענעם יונגן שרייבער געווען זיין ליטעראַרישע סמיכה.

שמואל ניגערס צענדליקער ביכער און פילצאָליקע פּובליקאַציעס, זיינע אָפּשאַצונגען און וואָגיקע עסייען וועגן ייִדישע שרייבער און ייִדישער ליטע־ראַטור, סיי וועגן אונדזערע ראשונים און קלאַסיקערס, סיי וועגן זייערע נאָכקומערס, די עפּיגאָנען, וועלן פאַרבלייבן ווי די סאָלידסטע באַזע פון

אונדזער ליטעראַטור־קריטיק. גלייכצייטיק איז שמואל ניגערס רייכע ליטע־ראַרישע ירושה, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט פאַר די ייִדישע דורות, דער גרעסטער און וויכטיקסטער צושטייער צו אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע. ניגער איז דאָך געווען — נאָך ד״ר ישראל צינבערג — דער באַרופנסטער צו שרייבן אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן די געשיכטע פון אונדזער ליטעראַ־טור; אָבער צום באַדויערן האָט ער דעם דאָזיקן בלויז נישט אויסגעפילט. ער האָט עס אַלץ אָפּגעלייגט און פאַרשפּעטיקט...

אָבער ס׳איז ווייניק צו ריידן וועגן ניגערן נאָר ווי וועגן אַ ליטעראַטור־קריטיקער. ניגער איז ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן געווען דער וויכטיק־סטער מיטבויער און מיטשאַפער פון דער ייִדישער קולטור בכלל —פון „ייִוואָ״, פון אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס און פון אַלע וויכטיקסטע קולטור־פּאָזיציעס אין די אַלע ערטער, וווהין דער גורל האָט אים נאָר געבראַכט. זיין וואָגיק וואָרט — ווי אַ פּובליציסט — האָט אַראָפּגערעדט פון די שפּאַלטן פון צענדליקער, צענדליקער צייטונגען און זשורנאַלן, ווו ער האָט אין משך פון זיין לעבן מיטגעאַרבעט. ער איז אַליין געווען רעדאַק־טאָר, אָדער מיטרעדאַקטאָר, פון לעקסיקאָן, ענציקלאָפּעדיע; פון צענדליקער וויכטיקסטע זאַמל־ביכער און זשורנאַלן, וואָס האָבן אים געדינט ווי אַ טריבונע, פון וואַנען צו לאָזן הערן זיין וואָרט. ניגער האָט אומעטום גע־לייגט זיין חותם, אַריינגעטראָגן זיין גייסט, זיין געטריישאַפט צו אַלדאָס שיינע אינעם ייִדישן שעפערישן לעבן.

אין זיין הספד־אַרטיקל וועגן ש. ניגערן האָט ה. לייוויק צוו״אַנד גע־שריבן:

„מיר האָבן נישט, ווי מיר דוכט זיך, אַזאַ פאַל אין די גרויסע וועלט־ליטעראַטורן, אַז אַ קריטיקער זאָל אין משך פון 55 יאָר אָן אויפהער מיט אַזאַ אומגעווייינלעכער התמדה באַגלייטן אַלע דערשיינונגען אין אונדזער ליטעראַטור; מיטלעבן און מיטשאַפן און מיטווירקן אויף כמעט דריי דורות שרייבערס: פון עטינגערן אָן, פון מענדעלען אָן ביז אַ היינטיקן יונגן שרייבער״.

„ער איז דורכגעגאַנגען אין זיין לעבן דורך דער גאָרער יסורימדיקייט פון אַ היינטיקן ייִד אין דער וועלט״.

פון די דאָזיקע שורות אָטעמט אַרויס לייוויקישע ליבשאַפט און פּיעטעט צום גרויסן נפטר. אַ ליבשאַפט, וואָס איצט — נאָך לייוויקס אַוועקגיין —

פּאַראייביקטביידע קינסטלער נישט נאָר בצרור החיים, נאָר שוין בצרור המות...

אָבער ריכטיקער וועט זיין דער „בצרור החיים", ווייל ביידע גאָט־געבענטשטע קינסטלער לעבן אין אונדזער געדעכעניש און אין דעם אוצר פון דער יידישער ליטעראַטור.

***

לאָמיר־זשע איצטער צוגיין צום געקרוינטן מיט דער ניגער־פּרעמיע — צו מלך ראַוויטשן. ראַוויטש האָט באַקומען די ניגער־פּרעמיע פאַר זיין מעמואַרן־ווערק „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן" (וואָס איז, אגב, דערשינען אין אַרגענטינע, אין פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום"). אָבער ראַוויטש איז נישט נאָר אַ מעמואַריסט. ראַוויטש איז קודם כל אַ דיכטער. דיכטונג — דאָס איז זיין קרוין. ער איז אויך עסייִסט, דראַמאַטורג, פּובליציסט. און אַמאָל כאַפּט זיך ביי אים אַרויס אויך אַן אַרטיקל אין פעליעטאָן־זשאַנער. היינט זיינע דריי בענד „מיין לעקסיקאָן?" — דאָ זעען מיר גאָר ראַוויטשן דעם פיינעם פּאָרטרעטיסט, וועלכער האָט מיט פיינע דינע פען־שטריכן געצייכנט די פּראָפילן פון לערך אַ פאָר הונדערט שרייבער און פּערזענלעכקייטן. אָבער אין זיינע אַלע שאַפונגען דאָמינירט, ווי געזאָגט, מלך ראַוויטש דער פיינער סובטעלער דיכטער. פון זיינע פאַר צענדליק ביכער זענען גאַנצע דרייצן — זאַמלונגען פון זיינע לידער און פּאָעמעס.

אָבער פונקט איז מלך ראַוויטשעס „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן" דערשינען אין 1964 — האָט דאָס דאָזיקע בוך געהאַט דעם מזל פּרעמירט צו ווערן. סיי ווי איז די ניגער־פּרעמיע געקומען אויף איר ריכטיקן אַדרעס. בפרט אַז ביי ניגערס לעבן האָט מלך ראַוויטשן פאַרבונדן מיט אים אַ באַזונדערע התקרבות.

מלך ראַוויטשן וואָלט אין דער אמתן אויך געקומען אַ פּרעמיע פאַר זיין — פערזענלעכקייט. זיין פּערזענלעכקייט פאַראייביקט אין זיך האַרמאָניש שרייבער און מענטש. די, וואָס קענען ראַוויטשן פּערזענלעך, ווייסן עס זייער ווויל.

מלך ראַוויטש איז מיר באַזונדערס נאָענט און ליב פון די וואַרשעווער יאָרן, פון טלאָמאַצקיע 13 — פון ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין און פון יידישן פען־קלוב. ראַוויטש איז געווען סעקרעטאַר־באַאַמטער (נישטאָ נאָך אַזאַ מוסטער פון פּינקטלעכקייט!). און היות ווי איך בין אָפט געווען

אין דער פאַרוואַלטונג (אַמאָל אויך פוןביידע דערמאָנטע קערפּערשאַפטן), פלעגט אונדז אָפט אויסקומען צו פאַרברענגען ביי איין טיש, ביי געמיינזאַמע טעטיקייטן. עס האָט שטענדיק געווייעט פון אים מיט ווינער העפלעכקייט, מיט אייראָפּעיִשער קולטור. ס׳איז געווען אַ נחת מיט אים מיטצואַרבעטן. ער האָט שנעל געקאָנט געווינען ליבשאַפט ביי אַ חבר.

זיינען מיר געבליבן פון ראַוויטשן אויף תמיד ליכטיקע זכרונות.

און ווען איך טראַכט וועגן די ליכטיקע געשטאַלטן פון טלאָמאַצקיע 13 — פון אונדזער פאַרשניטענעם נעכטן — זע איך אויך מלך ראַוויטשן אין צענטער פון דער התלהבותדיק־צעזונגענער פּאָעטן־חבריא. איך זע אים ווי איינעם פון די ווייניקע שרידים נאָכן בלוטיקן שניט, וועלכע האָבן, צום גליק, צופעליק אויסגעמיטן די קאַלך־אויוונס פון די טרעבלינקעס און זיינען געבליבן, כדי מסתמא צו באַווייגען און צו דערמאָנען דאָס שיינע און דער־הויבענע, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן... צו דערמאָנען דאָס פאַרלוירענע; אָבער גלייכצייטיק אויך צו ציִען דעם המשך פון ייִדישן וואָרט, פון ייִדישן ליד...

די דאָזיקע הייליקע מיסיע פירט אויס מלך ראַוויטש ווי אַ געטרייער כהן גדול; ווי אַ פאַרליבטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אין ייִדישן וואָרט, אין ייִדישן שעפער.

יאָ, אויך אַ פאַרליבטער אין ייִדישן שעפערישן מענטש. ראַוויטש איז איינער פון די געציילטע צווישן שרייבער, וואָס איז באַשאָנקען מיט אַזוי פיל אהבת סופרים; וואָס לעבט און אָטעמט מיטן גורל פון ייִדישער ליטעראַטור און ייִדישן שעפערישן מענטש. מיט זיין פאַרליבטקייט אין שרייבער איז ער צו זיי ווי אַ ברודער. ער איז אַ יוצא מן הכלל און אַ סתירה צו די אַלע, וואָס ליידן פון איינרעדעניש און מעגאַלאָמאַניע און מיינען, אַז זיי קומט די גרעסטע פּאָרציע אומשטאַרביקייט...

איך קאָן נישט פאַרגעסן ראַוויטשעס האַרציקע זאָרג פאַר די שרייבער־פּליטים, וועלכע האָבן זיך אין 1946 אומגעקערט פאַרוואָרלאָזטע פון אַלע נע־ונדן אויף די חורבות פון פּוילן. ראַוויטש האָט אין מאָנטרעאַל דעמאָלט מאָביליזירט די אָרטיקע שרייבער־משפּחה און באַזאָרגט די שרייבער אין לאָדזש — איטלעכן מיט אַ באַזונדערן אַפּיטרופּוס. יעדער, וועלכער האָט זיך געניייטיקט, האָט זיך געקאָנט ווענדן צום שרייבער־קאָלעגע אין מאָנ־טרעאַל, ד״ה צו זיין אַפּיטרופּוס. ראַוויטש האָט עס דורכגעפירט פּרעציז, בוכהאַלטעריש... אפרים קאַגאַנאָווסקי, געדענק איך, האָט פון ראַוויטשן — מסתמא זיין אַפּיטרופּוס — באַקומען צוגעשיקט אַ שרייב־מאַשינקע.

ווי רירנדיק איז געווען די אויסגעשטרעקטע ברידערלעכע האַנט פון דער ווייטן ספּעציעל אין יענע באַדינגונגען, אין יענעם קלימאַט, ווען יע־דער פון די צוריקגעקומענע איז געווען דערדריקט פונם גרויסן עלנט, בבחינת אבל...

אַזאַ חברישע געטריישאַפט געדענקט זיך.

דערפאַר טאַקע איז מלך ראַוויטש באַליבט ביי דער גאַנצער שרייבער־משפחה אין אַלע אירע צעשפּרייטקייטן.

ב. איירעס, 1965

# אַרום בערל גרינבערגס טראַגישן טויט

מיט פאַרטרערטע אויגן און מיט הערצער פאַרקלעמטע פון צער זיינען שרייבער געשטאַנען ביים אָרון פון בערל גרינבערג. ווידער איז איינגעהילט געוואָרן אין טרויער די היגע קליינע שרייבער־משפחה, וואָס איז געוואָרן נאָך קלענער און נאָך אָרעמער.

דאָס ייִדישע אַרגענטינע וועט קריגן אַ שם, אַז שרייבער שטאַרבן דאָ על פּי רוב יונג. שוין מערערע אַוועק דאָ יונגערהייט פון דער וועלט...

בערל גרינבערג איז אָבער אַליין אַוועק פון לעבן, נאָך אינעם סאַמע בלי.

שטייען מיר פאַר אַ טראַגישער רעטעניש: וואָס האָט דעם שרייבער און בעל־משפחה בערל גרינבערג געטריבן צו אַזאַ פאַרצווייפלונג?

מיר נעמען זיך דאָ איצט נישט אונטער צו געבן דעם ריכטיקן ענטפער אויף דער טראַגישער רעטעניש, ווייל צופיל, צופיל ענטפערס שפּאַרן זיך אין דמיון.

אָבער איינס איז זיכער, אַז צופיל ביטערניש, צופיל זשאַווער האָט זיך דאָ אין משך פון יאָרן אָנגעקליבן אינעם יונגן לעבן פונעם שרייבער בערל גרינבערג. אַזוי פיל און אין אַזאַ איבערפולטער מאָס — אַז עס האָט אים פּסיכיש דערדריקט, דערשלאָגן און אים לסוף געבראַכט צום אומבאַרעכנטן, פאַרצווייפלטן טריט...

נישט איין סיבה, נאָר אַ ריי סיבות זיינען זיכער געווען די גורמים פון אַזאַ ספּעקטאַקולאַרער דראַמאַטישער האַנדלונג: זיך אונטערוואַרפן — אין אַן ערב יום־כיפור — אונטער די רעדער פון אַ לויפנדיקן צוג — — —

און ס׳רייסט זיך אַ פראַגע:

צי איז נישט אַמאָל איינע פון די סיבות, וואָס פאַרגרעסערן און פאַרמערן דעם זשאַווער אין האַרץ און נשמה פון אַ שרייבער, די קאַלטע גלייכגילטיקייט מצד דער היגער געזעלשאַפטלעכקייט צום שרייבער? גראָד דער

ישוב, וואָס איז אַזוי גייסטפריינטלעך צו שרייבער־געסט, און פון וואַנען שרייבער־געסט קערן זיך אום פאַרשיכורט, איבערזעטיקט און פאַרמאַטערטע פון די קבלת־פּנימס, שמחות און כלערליי כיבודים — גראָד דער דאָזיקער ישוב איז צו זיינע אייגענע פען־מענטשן (דער עיקר צו די, וואָס אָן האַרטע עלנבויגנס...) נאָך אַ סך, אַ סך ווייניקער ווי נישט־אויפמערקזאַם...

קאָן דאָ וואַקסן דער זשאַווער ביי אַ שרייבער, בפרט ביי אַ היפּער־סענסיטיוון כאַראַקטער, ווי ס׳איז געווען בערל גרינבערג.

**
*

ס׳איז מערקווירדיק: ביי מיין אָבסערווירן די היגע שרייבער נאָך מיין אָנקומען אַהער, די שרייבער, וואָס זיינען שוין דאָ אין אַרגענטינע תושבים זינט צענדליקער יאָרן, האָב איך אין בערל גרינבערגן תמיד געזען דעם אימיגראַנט, הגם ער אַליין האָט מיר איין מאָל געזאָגט, אַז ער האָט ליב געקריגן דאָס לאַנד; אַז ער וואָלט ערגעץ אַנדערש נישט געקאָנט ווינען — פון דעסטוועגן האָב איך אין אים נישט געזען דעם טיפּ פון אַ סטאַבילן תושב, נאָר דעם טיפּ אימיגראַנט. איך מיין עס אין זין פון די שטענדיקע מאַטעריעלע שוועריקייטן און פּלאָגענישן, וואָס אַן אימיגראַנט מוז אויס־שטיין. דאָס נישט קאָנען זיך „אויסגרינען״, זיך אויסטויגן און זיך אַרויפ־אַרבעטן — ווי אַ סך, אַ סך אַנדערע בשר ודמס (און גאָר נישט קיין גרע־סערע חכמים...) האָבן עס יאָ געקאָנט באַווייזן... גרינבערגס גאַנצער אַרט לעבן, זיינע תמיד דחקותדיקע פּרנסות און קוועלענישן דורך זיין גאַנץ לעבן אין אַרגענטינע, זאָגן דערויף עדות. זיין אַוועקוואַרפן דעם לינאָטיפּ (מסתמא זיין גרויסער פעלער!), דאָס ווערן אַן אינקאַסענט אין דער קהילה, דאָס אַרומגיין מאָנען מיטגלידס־אָפּצאָל מבית לבית, און שפּעטער דער, אייגנטלעך, קינסטלעך־געשאַפענער „רעפּאָרטאַזשן־טיש״ אין דער קהילה — דאָס אַלץ האָט נישט געקאָנט שאַפן ביי אַ מענטשן די זיכערקייט פון אַ מאַטעריעלער באַזע. אין דער פּסיכיק פון אַ בערל גרינבערג האָט געקאָנט געדייען דער באַוווסטזיין — ביז אַ קאָמפּלעקס! — פון אַן „איבעריקן מענטש״... און דער קאָמפּלעקס פון אַן „איבעריקן מענטש״ קאָן ווייט פאַר־פירן. און מסתמא איז עס אויך געווען ווייניקסטנס איינע פון די סיבות, וואָס האָבן געוועבט אין גרינבערגן די שוואַרצע מחשבות.

**
*

בערל גרינבערג איז שרייבעריש אויסגעוואַקסן אין אַרגענטינע. אויך זיין טעמאַטיק איז על פּי רוב ייִדיש־אַרגענטיניש. ער האָט אַ סך געשריבן פון היגן אימיגראַנטן־לעבן. דאָס היגע ייִדישע לעבן איז דאָך לכתחילה נאָר געווען אַן אימיגראַנטן־לעבן. דער חותם פון אימיגראַנטישקייט איז נאָך עד היום נישט אַראָפּ פון אַ סך, אַ סך ייִדן אין אַרגענטינע. און ווען מיר רעדן וועגן דער גאַנץ באַשיידענער אַרגענטיניש־ייִדישער ליטעראַטור, לייכט אַרויס בערל גרינבערגס נאָמען אין סאַמע אויבנאָן. ווייל בערל גרינ־בערג איז געווען אַן עכטער, אַ קערנדיקער דערציילער. ער האָט געהאַט אין זיך שרייבעריש בלוט. זיינע זעקס ביכער, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, זיינען די קרוין פון דער היגער ייִדישער ליטעראַטור.

גרינבערג איז נאָך געווען אין סאַמע בלי פון זיינע יאָרן. אין דעם דאָזיקן עלטער — סך הכל 55 יאָר — שטייגן שרייבער אויף זייער באַרג־אַרויף. אין די לעצטע מאָמענטן פון פאַרשאַרפטער דעפּרעסיע האָט ער אין זיין שאַפן איבערגעלעבט אַ הפסקה. אַז כ׳האָב אים לעצטנס געפרעגט מכוח עפּעס אַ ניי בוך, האָט ער געענטפערט מיט אַ טרויעריקן שמייכל:

— עס שרייבט זיך נישט... מען מוז דען שטענדיק שרייבן?

און אויך די דערציילונג „דעם רשעס לוויה״, וואָס ער האָט געגעבן פאַרן „זאַמלבוך״ ביים שרייבער־פאַראיין, איז נישט קיין ניי אָנגעשריבענע.

בערל גרינבערג האָט זיך איינגעבראָכן צוליב די פּסיכישע העמונגען. ער וואָלט זיך זיכער צוריקגעפונען און וואָלט ווידער געוואָרן שעפעריש, ווי אַ שרייבער, ווען נישט די שוואַרצע מחשבות זיינע... די שוואַרצע מחש־בות, וואָס האָבן גענומען די אויבערהאַנט איבערן שכל הישר. עס האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן פון זיין אומבאַרעכנטן פאַרצווייפלטן טריט דער באַוווסט־זיין, אַז ער איז אָנערקענט ווי אַ טאַלענטירטער שרייבער ביי חברים, ביי פריינט.

און גראָד די לעצטע צייט האָט זיך געבילדעט אין בוענאָס איירעס אַ קאָמיטעט צו פייערן גרינבערגס 35־יעריקן ליטעראַרישן יובל. בראש פונעם קאָמיטעט זיינען געווען עטלעכע חברים גרינבערגס, וועלכע האָבן שוין אַפילו געשאַפן אַ געוויסע סומע געלט; אָבער אויך דאָס האָט נישט געהויבן זיין מוט און אים נישט אַרויסגעריסן פון זיינע שוואַרצע מחשבות.

זיכער איז, אַז בערל גרינבערגס טויט קאָן נישט פאַרענטפערט ווערן בלויז דורך מאַטעריעלע קאָמפּליקאַציעס. זיין מאַטעריעלער מצב איז טאַקע

געווען אַ שווערער; אָבער נישט טראַגיש. נישט אָן אַן אויסוועג. דאָס האָבן אים אַפילו אויפגעוויזן און געפּרוווט דערמוטיקן די מענטשן, פאַר וועלכע ער האָט זיך אין די לעצטע טעג באַקלאָגט, אַז ער שטייט ביים ראַנד...

בערל גרינבערג האָט בידים אַוועקגעגעבן די שענסטע מתנה — זיין לעבן — וואָס אַ מענטש באַקומט עס נאָר איין מאָל. ער וואָלט נאָך לאַנגע יאָרן געקאָנט זיך פרייען מיט דער בלויקייט פון הימל, מיט דער שיינקייט פון זון־פאַרגאַנגען און מיט די אַלע פריידן, וואָס דאָס עצם לעבן גיט דעם בן־אָדם...

— חבל! חבל!

ער האָט אַלעמען פאַרשאַפט אַזוי פיל ווייַ, אַזוי פיל טרויער: זיין משפחה, זיינע חברים, זיינע פריינט. נו, און אויך דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע.

די איינציקע לאָגישע פאַרענטפערונג פאַר גרינבערגן איז — ווי כמעט תמיד אין אַזעלכע פאַלן: פסיכישער אַפעקט. גייסטיקע אויפטרייסלונג.

און אפשר... אפשר דאַרפן אויך אַ סך, אַ סך ביי אים מחילה בעטן...

אַ שווער געמאַטערט לעבן האָט בערל גרינבערג געהאַט אין אונדזער וועלט — זאָל אים כאָטש די ערד גרינג זיין!

ב. איירעס, סעפּטעמבער, 1961

# ווען ער איז אַוועק פֿון תּל־אביב...

געווען דעמאָלט אַ ליכטיקער פרילינג־טאָג אין ישׂראל, ווען דער ראַדיאָ „קול ישׂראל" האָט איבערגעגעבן די טרויעריקע ידיעה, אַז אין ביילינסאָן־שפּיטאָל האָט אויסגעהויכט זיין נשמה דער גרויסער ייִדישער בינע־קינסטלער מאָריס שוואַרץ.

כ'בין געווען דאָן אין ירושלים. און אַז כ'בין צומאָרגנס צוריקגעפאָרן קיין תּל־אביב, האָב איך זיך געפעדערט, כּדי צו קאָנען זיין אויף דער לוויה פון מאָריס שוואַרץ.

אָבער קומענדיק קיין תּל־אביב בין איך — ווי אַ סך, אַ סך ייִדן אין ישׂראל — געוואָרן שטאַרק פאַרחידושט: אין הסכּם מיטן לעצטן ווילן פונעם נפטר וועט ער נקבר ווערן נישט אין ישׂראל, נאָר וועט איבערגעפירט ווערן איך אַן אַוויאָן פון לוד קיין ניו־יאָרק. ייִדן האָבן עס פאַרשיידן קאָמענטירט: ווער מיט איינזען, ווער מיט ווערטער פון קריטיק. די קריטיקער האָבן גע־פרעגט מיט פאַרוווּנדערונג: סטייטש?! היתּכן?!! דער טויטער מאָריס שוואַרץ אַ „יורד" פון ישׂראל?!...

די יעניקע ווידער, וואָס האָבן געהאַט איינזען, האָבן אַנדערש אויסגע־טייטשט דעם נפטרס לעצטן ווילן: מאָריס שוואַרץ וויל האָבן זיין לעצטע מנוחה נאָנט פון זיינע משפּחה־מענטשן און פון די צאָלרייכע פריינט און פאַרערער, צווישן די ניו־יאָרקער ייִדן, פאַר וועמען ער האָט צענדליקער יאָרן געשפּילט טעאַטער.

און אויב נישט קיין קבורה, אָבער אַ לוויה האָט אים תּל־אביב יאָ איינגעאָרדנט. אַן אייגנאַרטיקע אימפּאָזאַנטע לוויה־צערעמאָניע אין זאַל פון „אוהל שם", — טאַקע אין זעלבן טעאַטער־זאַל, ווו ס'האָט אויך געפלאַצט מאָריס שוואַרצס לעצטער פּלאַן צו בויען אַ סטאַביל ייִדיש טעאַטער...

דער „אוהל שם" איז געווען גערדיכט געפּאַקט מיט מענטשן. עס זיינען

געקומען שרייבער, אַקטיאָרן, קולטור־עסקנים — די גייסטיקע עליטע פון תל־אביב. אויבן־אָן אין זאַל איז געשטאַנען אויף אַ דערהויבונג דער באַשייטענער שוואַרצער ארון מיט די שטאַרביקע רעשטן פון גרויסן קינסטלער. בלומען־קרענץ האָבן זיך געטוליעט מיט צער צום שוואַרצן קאַסטן. אַ גאַנצע ריי רעדנער — שרייבער, אַקטיאָרן, קינסטלער — זיינען איינציקווייז צוגעגאַנגען צום צוקאָפּנס פונעם ארון און איטליכער האָט אויסגעדריקט אין זיינע געצוימטע הספד־רייד דעם גרויסן צער און ווייטאָג איבער דער גרויסער אבידה, איבער דעם גרויסן קלאַפּ, וואָס מאָריס שוואַרצס טויט האָט גורם געווען דעם ייִדישן טעאַטער, ווי בכלל דער גאַנצער ייִדישער קולטור. אַזוי זיינען זיי צוגעקומען איינער נאָכן אַנדערן: הלוי, בארטאָנאָוו, אפרים אויערבאַך, זיגמונט טורקאָוו, שלום סעקונדע. באַזונדערס רירנד זיינען געווען די טרויער־ווערטער פון סעקונדען, וואָס האָט יאָרנלאַנג, ווי אַ מוזיקער, באַשיינט מיט זיינע ייִדיש־פאָלקסטימלעכע ניגונים מאָריס שוואַרצס ספּעקטאַקלען.

נאָך מער האָבן דעם ווייטאָג געפילט די אַלע, וואָס האָבן שוין געהאַט געמיינט, אַז מיטן שאַפן פון מאָריס שוואַרצס קינסטלערישן טעאַטער אין ישׂראל וועט דער געפאַלענער ניוואָ פון ייִדישן טעאַטער דאָרט אויפגעהויבן ווערן אויף אַ געהעריקער הייך. האָבן מיר דאָך געהערט אָפט נישט קיין פריילעכע גרוסן וועגן שפּלן מצב פון געוויסע ייִדישע ספּעקטאַקלען אין ישׂראל; וועגן ביליקן רעפּערטואַר, ווי אין די אַלטע „כינקע־פּינקע"־צייטן... אַזאַ רעפּערטואַר, וואָס האָט געדינט ביי די נישט צו גרויסע פריינד פון ייִדיש ווי אַן „אַרגומענט", אַז ייִדיש אין ישׂראל פאַרדינט נישט קיין חסד.

געווען אויך אַ חזן אויף דער לוויה־צערעמאָניע אין „אוהל־שם". דער שווייגנדיקער עולם האָט פאַרנומען די אומעטיקע קאַפּיטלעך תהילים... אַ קדיש... אַן אל מלא רחמים... אין פיל אויגן האָבן זיך געוויזן טרערן. אַ געוויין־אויסברוך ביי דער צעבראָכענער אַלמנה שוואַרץ...

און לסוף איז דער ארון אַרויסגעטראָגן געוואָרן דורך קאָלעגן־אַקטיאָרן צום דרויסן, צום ספּעציעלן טויטן־אויטאָ. דער אויטאָ, אַ באַגלייטער פון הונדערטער, הונדערטער בליקן, האָט געריִרט און איז פאַרשווונדן געוואָרן — קיין לוד, צום אַוויאָן.

מאָריס שוואַרץ איז טויטערהייט צוריקגעפאָרן אין זיין אַלטן ניו־יאָרק.

דאָרט האָט זיך דאָך צעוויקלט זיין שעפערישער טאַלאַנט. דאָרט האָט ער אויף דער בינע איבערגעלעבט זיינע טעאַטער־עמאָציעס; דאָרט האָט ער געפיבערט אין זיין קינסטלערישן אומרו; דאָרט האָט ער דערוואָרבן זיינע לאָרבער־קרענץ און דאָרט האָט ער אויך איבערגעלעבט זיין שווערן גע־ראַנגל פאַרן טעאַטער און אין די לעצטע יאָרן — די ביטערע אַנטוישונג.

פון דעסטוועגן האָט אים אַהין, צום גרויסן יידישן ניו־יאָרק, געצויגן אין זיינע לעצטע רגעס...

**
*

מאָריס שוואַרץ איז תמיד געווען דער קינסטלער פון גרויסער עקספּאַנסיע. זיין אַרענע איז געווען די גאַנצע ברייטע יידישע וועלט. ווו נאָר אַ גרעסערער יידישער צענטער — דאָרט האָט מאָריס שוואַרץ זיך געוויזן מיט זיינע גרויסע קרעאַציעס. אַפילו אין די סאַמע בלי־יאָרן פון זיין „קונסט־טעאַטער" האָט עס אים געצויגן אין דער ברייטער יידישער וועלט, צו יידן אין אַלע צעשפּרייטקייטן. ער האָט געוווסט, אַז ער געהערט דעם גאַנצן יידישן פאָלק און נישט בלויז די יידן פון ניו־יאָרק, צי פון שי־קאַגאָ אָדער לאָס אַנדזשעלעס. דערפאַר טאַקע האָבן אים גוט געקענט און געשעצט אַלע יידן אין דער וועלט: סיי אין וואַרשע און פּאַריז, סיי אין לאָנ־דאָן און בוענאָס־איירעס.

געווען צייטן, ווען עס האָבן אַ גלאַנץ געטאָן אויך אַנדערע יידישע קינסטלערישע טעאַטערן — סיי אין פּוילן, סיי ערגעץ אַנדערש. אָבער מאָ־ריס שוואַרצס „קונסט־טעאַטער" איז געווען די סטאַבילסטע, קרעפטיקסטע קינסטלערישע באַזע אינעם יידישן טעאַטער־וועזן. ווייל אַ חוץ גרויסער אָרגאַניזאַטאָר איז דאָך מאָריס שוואַרץ געווען דער גרויסער קינסטלער, וואָס האָט געקאָנט באַצויבערן, מיטרייסן דעם יידישן עולם.

אין די מאָמענטן פון ירידה פאַרן יידישן טעאַטער האָט מאָריס שוואַרץ נישט נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון אַנדערע גרויסע אַקטיאָרן, וועלכע זיינען געגאַנגען אויפן וועג פון לייכטן ווידערשטאַנד און זיינען לחלוטין אַריבער צו דער ענגלישער בינע. ביי שוואַרצן איז די ענגלישע בינע געווען נאָר אַ קורצער עפּיזאָד. ער האָט זיך בשום אופן נישט געקענט געזעגענען מיט דער יידישער בינע. זיין אָרט איז געווען אין יידישן טעאַטער. ער, דער פאָלקס־ייד פון אוקראַינע, איז געווען יידישער קינסטלער פאַר יידן.

אין דער ערגסטער צייט פאַרן יידישן טעאַטער — טאַקע אין די לעצטע

יאָרן — האָט ער געמאַכט העראָישע פּרוּוון, כדי צו דערהאַלטן זיין טע־
אַטער, כדי צו שפּילן יידיש טעאַטער פאַר יידן. אויב נישט אין צפון־אַמע־
ריקע, איז ערגעץ אַנדערש. אומעטום איז ער געקומען מיט זיינע פאַר־
מעסטן.

מיר פאַרגעסן נישט דעם לעצטן באַזוך פון מאָריס שוואַרץ אין אַר־
גענטינע. סך הכל מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. נישט וועלנדיק זיך אונטערגעבן
דער ניו־יאָרקער אַנטוישונג, איז ער געקומען צו די אַרגענטינער יידן
מיט אַ סך טעאַטער־פּלענער. האָט ער דאָך נישט פאַרגעסן זיינע אַמאָ־
ליקע דערפאָלגן אין בוענאָס איירעס. איז ער געקומען מיט זיין גאַנצן רייכן
טעאַטער־רעקוויזיט. אין משך פון דאָזיקן סעזאָן האָט ער געגעבן דעם
בוענאָס־איירעסער עולם אַ ריי פּרעכטיקע ספּעקטאַקלען פון זיין רעפּער־
טואַר, אין וועלכע ער אַליין האָט געגלאַנצט אין די הויפּט־ראָלן. זיין טביה,
זיין סענדער בלאַנק זיינען אומפאַרגעסלעך.

עס האָט זיך שטאַרק געגלוסט מאָריס שוואַרצן צו שאַפן אין בוענאָס־
איירעס אַ סטאַביל יידיש טעאַטער. ניו־יאָרק איז דאָך שוין געוואָרן אויס
יידישע טעאַטער־שטאָט. האָט ער אָפּגעהאַלטן קאָנפערענצן מיט דער און
מיט יענער אינסטיטוציע. אויף איינעם אַזאַ צוזאַמענטרעף אין דעם קולטור־
קאָנגרעס, געדענקט זיך, האָט מאָריס שוואַרץ זיך געקלאָגט, אַז צווישן די
פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן (און נישט נאָר אין אַרגענטינע) פעלן יונגע
שוישפּילערישע כוחות, פריש בלוט. האָט ער פאַר יעדן פרייז געוואָלט
שאַפן אַ טעאַטער־סטודיע, כדי אויסצובילדן יונגע אַקטיאָרן; כדי מעגלעך
צו מאַכן אַ בלוט־טראַנספוזיע פאַרן יידישן טעאַטער. שוואַרץ האָט אָנגע־
הויבן אַרומזוכן צווישן די דראַמאַטישע קרייזלעך פאַסיקע קאַנדידאַטן
פאַר דער געפּלאַנטער סטודיע. ער איז אָבער געווען זייער שטרענג אינעם
אויסוואַל: אים איז נישט געפעלן געוואָרן דער אומנאַטירלעכער יידיש פון
די אַרגענטינער יידישע בחורים און מיידלעך — אַ יידיש מיט וויכע
למד׳ן... דאָס האָט זייער שאָקירט זיין אויער. איז ער אַזוי געבליבן ביים
זוכן. קיין צו גרויסער אויסוואַל איז דאָך בעוונותינו הרבים אין ערגעץ
נישטאָ צווישן דער יידישער יוגנט. מ׳דאַרף דאָך אומעטום אָפּגילטן מיט
פּרעמיעס יעדן יידישן בחור אָדער מיידל פאַר דער גרויסער טובה וואָס
זיי טוען מיטן אויסריידן כאָטש אַ פאַרקריפּלט יידיש וואָרט... לעבן מיר

דאָך אין אַ צייט, ווען דאָס נישט קענען קיין ייִדיש איז אַ סנאָבישע קאַ־קעטעריע...

אין מיטן איז שטאַרק געוואַקסן דער דעפיציט אין טעאַטער. מאָריס שוואַרץ האָט געזען באַשיימפּערלעך, אַז בוענאָס־איירעס איז שוין נישט דאָס וואָס אַמאָל. אַמאָל האָבן טאַקע דאָרט געשפּילט צוויי און דריי ייִדישע טעאַטערן; אָבער איצט... אַ סך ייִדן, אַ סך חסידים פון ייִדישן טעאַטער, האָבן זיך שוין פאַר דער צייט איבערגעקליבן אויף טאַבלאַדאַ*), און נייע באַזוכער קומען צו גאָר ווייניק. פון וואַנען? אַז די יוגנט קומט נישט אין ייִדישן טע־אַטער. הגם די קהילה האָט פון איר זייט אין אַ געוויסער מאָס אונ־טערגעשטעלט אַן אַקסל, האָט עס אָבער ווייניק פאַרלייכטערט: צו קליין איז געווען די הילף און צו גרויס דער דעפיציט. יעדע פּרעמיערע פון מאָריס שוואַרץ, אויפגעפירט מיט פולן גלאַנץ, האָט איינגעשלונגען אוצרות. שוואַרץ האָט כסדר געטוישט זיינע דאָלאַרן, כדי צו דעקן אַלע הוצאות, כדי אויסצוצאָלן גאַזשעס די אַקטיאָרן; אָבער ווייניק, צו ווייניק ייִדן זיינען געקומען אין טעאַטער. שוואַכע „סבאָרן" געווען. נאָך ניו־יאָרק האָט אים בוענאָס־איירעס אויך דאָס מאָל אַנטוישט. אויס טעאַטער־שטאָט! איז מאָריס שוואַרץ לסוף אַוועקגעפאָרן פון אַרגענטינע מיט אַ גרויסן דעפיציט און מיט נאָך אַ געפלאַצטער אילוזיע.

שוואַרץ האָט אָבער לאַנג נישט געקאָנט לעבן אָן ייִדיש טעאַטער. האָט ער געפּרוווט שפּילן צייטווייליק אין קאַנאַדע. דאַן האָט ער געמאַכט נאָך איין פאַרמעסט. דאָס איז שוין געווען זיין לעצטער פאַרמעסט אין בוכ־שטעבלעכן זין: ער האָט פאַרלייגט זיין טעאַטער־געצעלט אין תל־אביב. צונויפגעקליבן אַרום זיך אַ גרופּע אַקטיאָרן, דאָס רוב פון די געקומענע פּליטים, און ווידער איז ער אַריין אין זיין עלעמענט. זיין „קונסט־טעאַ־טער" איז ווידער געוואָרן אַ פאַקט און דווקא אויף דער ערד פון ישראל. מיט אַ פרישן אימפּעט האָט ער אויפגעפירט איינעם פון זיינע שלאַגערס — י. י. זינגערס „יאָשע קאַלב", וואָס האָט צוגעצויגן אַ גאָר גרויסן עולם. עס איז געווען אַן אָפּפרישונג סיי פאַר אים גופא, סיי פאַר די ייִדן, וואָס ס'רוב פון זיי זיינען אָנגעקומען פון רוסלאַנד, דורך פּוילן, ממש אויסגע־הונגערטע נאָך אַ ייִדיש וואָרט... האָבן זיי דאָך אַלע אין משך פון פּיינפולע

*) אַ בוענאָס איירעסער פאָרשטאָט, ווו עס געפינט זיך דער ייִדישער בית־עולם.

יאָרן וועגעטירט אין די קאַלטע רוסישע סטעפּעס — אָן אַ סימן פון ייִדיש לעבן, אָן דעם מינדסטן אויסדרוק פון ייִדישער שעפערישקייט און פון ייִדישן גייסט.

„יאָשע קאַלב" איז אַזוי אַרום געגאַנגען אין „אוהל שם" וואָכן־לאַנג. מאָריס שוואַרץ האָט שוין געהאַלטן אין גרייטן אַ צווייטע פּרעמיערע — שלום אַשס „קידוש השם". ער האָט געאַרבעט מיט זיין אַנסאַמבל אומדער־מידלעך ביי די פּראָבעס. ער האָט אין דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט אַפילו פאַרגעסן, אַז זיין האַרץ איז שוין נישט דאָס וואָס געווען... אַז עס האָט שוין נישט איין מאָל אַרויסגעוויזן קאַפּריזן... קאַפּריזן, וואָס מען טאָר נישט גרינגשעצן. דערצו זיינען אָנגעקומען שווערע חאַמסינען, וואָס האָבן נאָך מער באַלעסטיקט זיין אָפּגעשוואַכט האַרץ. און אַזוי האָט ער זיך אויף איינער פון די רעפּעטיציעס פיזיש איינגעבראָכן. און אַזוי איז אָנגעקומען זיין פאַטאַלער טאָג אינעם ביילינסאָן־שפּיטאָל הינטער תל אביב.

מאָריס שוואַרץ איז געפאַלן ווי אַ געטרייער זעלנער אויף דער וואַך. זיין גאַנץ לעבן האָט ער אָפּגעגעבן דעם בעסערן ייִדישן טעאַטער.

פּאַריז, 1960

# דער סימבאָל פון הערצאָיק

אויף דעם ניו־יאָרקער אַרבעטער־רינג־בית־עולם איז סוף סעפּטעמבער 1961 געבראַכט געוואָרן צו קבורה אַרטור זיגעלבוימס אורנע אַש, וואָס איז דורך זיינע אידייען־חברים איבערגעפירט געוואָרן פון לאָנדאָן.

אויף זיין צווייטער לוויה אין ניו־יאָרק איז געקומען צום אויסדרוק דער גרויסער יראת הכבוד פאַרן קדוש, וועמען מ'איז מצרף צו אונדזערע זעקס מיליאָן.

און ווי אַלץ איז רעלאַטיוו: אויב זעלבסטמאָרד בכלל ווערט דורך דער געזעלשאַפט פאַראורטיילט, איז זיגעלבוימס זעלבסטמאָרד, דאַקעגן, געוואָרן גראָד אַ סימבאָל פון מסירת־נפש און פון הערצאָיק. אין דער ייִדישער פּאָע־זיע האָט דער דאָזיקער אַקט באַקומען דעם נאָמען „עקידת זיגעלבוים".

וועגן די אויפשטענדלער פון וואַרשעווער געטאָ גייען אָן פאַרשיידענע השערות און מעדיטאַציעס. נישט אַלע טייטשן אויס גלייך דעם הערצאָיזם פון דער קליינער, גאָר קליינער מינדערהייט, וואָס איז אויפגעשטאַנען קעגן דער אומגעהויערער גרויסער מערהייט אכזריותדיקע נאַצישע חיות רעות. טייל האַלטן, אַז די אויפשטענדלער האָבן נאָך געהאַט אַ ניצוץ גלויבן לכל הפּחות אין אַ געוויסן נצחון; אַ שטיקל האָפענונג, אַז אויך דער פּוילישער אונטערערד וועט זיך דורכן ייִדישן אויפשטאַנד אויפוועקן; אַז דער רוף און דער לאָזונג „פאַר אונדזער און פאַר אייער פרייהייט" וועט דערגרייכן צו די אויערן און הערצער פון די בעסערע פּאָליאַקן און אַז דער אויפשטאַנד וועט דאַדורך ווערן אַן אַלגעמיינער. טייל ווידער מיינען, אַז די אויפשטענד־לער האָבן געהאַנדלט נאָר אונטער דער השפּעה פון פאַרצווייפלונג; אַז זיי האָבן זיך שוין אין גאַנצן אַנטוישט אין דער פּוילישער גאַס, אין פּוילישן אונטערערד און האָבן נישט דערוואַרט קיין שום הילף פון קיינעם נישט. זיי האָבן געזען פאַר זיך נאָר אַ טויבע וועלט, פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט — דעם נאַצישן רוצח, אַ באַוואָפנטן ביז ציין און נעגל, אַ

דורשטיקן נאָך ייִדיש בלוט. און שטייענדיק פאַר אָט דעם תהום, אָן שום שייך פון האָפענונג, האָבן זיי זיך פאַרצווייפלט געוואָרפן אין אויפשטאַנד מיטן הייליקן פייער פון נקמה, כדי כאָטש צו ראַטעווען — אויב נישט דאָס לעבן — איז כאָטש דעם ייִדישן און מענטשלעכן כבוד.

קלאָר: אין ביידע פאַלן קאָן מען פון די אויפשטענדלער נישט אַוועק־נעמען דעם אָרעאָל פון מאַרטירער, פון קידוש־העם. אמת, דער ניואַנס, די גראַדאַציע פון קידוש־השם און קידוש־העם איז נאָר אַ ביסל אַן אַנדערע.

וואָס שייך אָבער דעם קדוש אַרטור זיגעלבוים — אָדער „עקידת זיגעל־בוים" — זיינען נישטאָ קיין צוויי ווערסיעס אין די מעדיטאַציעס. ווייל זיגעלבוים איז באַגאַנגען זיין אַקט פון קידוש־העם נישט צוליב פחד פאַר פערזענלעכן אומקום. די האַק פונעם נאַצישן תליון איז נישט געווען אויפ־געהויבן איבער זיין קאָפּ. ער איז געזעסן אינעם פרייען לאָנדאָן, ווייט פון די פאַרמשפּטע צום אומקום אין די לאַגערן און געטאָס. אַפילו פון די נאַצישע לופט־אָנגריפן האָט ער זיך געקענט אויסבאַהאַלטן אין די שעל־טערס גלייך ווי אַלע לאָנדאָנער איינוווינער. און אויב זיין ייִדיש, מענטשלעך און סאָציאַליסטיש געוויסן האָבן אים באַוויגן אַוועקצוגעבן פאַר זיין ליידנדיקן פאָלק דאָס טייערסטע און דאָס איינמאָליקע, וואָס אַ מענטש פאַר־מאָגט — דאָס לעבן — איז עס דער גרעסטער, דער הייליקסטער קרבן, וואָס פאַראייביקט זיין נאָמען לדור דורות.

מיט זיין טויט האָט אַרטור זיגעלבוים געוואָלט אויפוועקן די גלייכ־גילטיקע וועלט, וואָס האָט זיך רויִק און פּאַסיוו צוגעקוקט ווי זיין פאָלק ווערט אין פוילן אויסגעשאָכטן און ער האָט געוואָלט ווערן ווי איינער פון די זעקס מיליאָן; זיין אַש זאָל זיך סימבאָליש באַהעפטן מיט זייער אַש פון מאַיידאַנעק, פון טרעבלינקע, פון אָשוויענטשים.

פון דער טריבונע פון פוילישן גלות־פּאַרלאַמענט — פון דער „ראַדאַ נאַראָדאָוואַ" — אין לאָנדאָן האָט ער געהאַט כסדר געמאָנט, גערופן, אַפּעלירט צו דער פרייער וועלט מ'זאָל עפּעס טאָן, מ'זאָל עפּעס אונטערנע־מען, כדי צו ראַטעווען כאָטש די רעשטלעך לעבן־געבליבענע ייִדן אין די געטאָס און לאַגערן — זיין שטים האָט אָבער אָנגעטראָפן אויף די טויבע אויערן פון אַ קאַלטער וועלט... און דער נאַצישער תליון האָט ווייטער גע־שאָכטן; די גאַז־קאַמערן אין די פאַבריקן פון טויט האָבן ווייטער אומגע־שטערט פונקציאָנירט; די קרעמאַטאָריע־קוימענס האָבן זיך ווייטער גערוי־

כערט און פאַרשפּרייט דעם טשאַד, וואָס האָט פאַרטשאַדעט און פאַרסמט די פּוילישע אַטמאָספער און די מוחות פון די אַנטיסעמיטישע אונטערהעל־פערס אין דער נאַצישער גרויס־מערדעריי, אין דער ייִדישער אויסראָטונג.

לחלוטין אָן אַן עכאָ איז געבליבן דער רוף פון די לעצטע פאַרצווייפלטע געטאָ־קעמפער: „פאַר אונדזער און פאַר אייער פרייהייט״...

און אין דער זעלבער צייט פון האַס און פאַראַכטונג זיינען ווו־נישט־ווו אויף די הפקרע ימען געשווומען איינצלנע שיפלעך מיט געראַטעוועטע ייִדישע קרבנות און געזוכט אַ ברעג, געזוכט אַ מקלט פאַר זייער נפש. אָבער כמעט אַלע פרייע לענדער האָבן די דאָזיקע קרבנות נישט אַרויפגעלאָזט אויף זייער ערד. נישט אויפגענומען זיי מיט אָפענע אָרעמס און מיט שוץ — אין הסכם מיט די עלעמענטאַרע געפילן פון רחמנות און מיטלייד, פון מענטשלעכער עטיק... אַזוי איז אונטערגעגאַנגען אויף די צעשטורעמטע כוואַליעס די שיף „סטרומאַ״, וואָס איז צו קיין ברעג נישט צוגעלאָזט גע־וואָרן און אַ פאָר הונדערט ייִדישע לעבנס האָבן געפונען זייער קבר אין ימישן אָפּגרונט. אַ מוראדיקער פלעק אויפן געוויסן פון די אַלע פרייע לענ־דער וועט עס פאַרבלייבן — בפרט אויפן פאָן פון דער נאַצישער פּאַנאָראַמע אין אייראָפּע.

***

עס דערמאָנען זיך מיר יענע טראַגישע יאָרן אין סאָוויעט־רוסלאַנד ווען די פּוילישע ייִדן, די פאַרוואַגלטע פּליטים, האָבן געפּיבערט אין זייער גרויסן אומרו און צער איבערן גורל פון זייערע נאָנטע אויף „יענער זייט״. מ׳האָט געפרעגט: „וואָס טוט די ייִדישע וועלט? ווי זעט אויס דאָס ייִדישע געשריי? דער אַלאַרעם?״.

ייִדישע ידיעות אין סאָוויעט־רוסלאַנד זיינען תמיד געווען קאַרג. ביזן 22סטן יוני 1941, ד״ה ביז היטלערס אָנפאַל אויף סאָוויעט־רוסלאַנד, האָט מען וועגן די היטלערישע מעשים תעתועים איבער ייִדן קיין וואָרט נישט געלאָזט פאַלן אין קיין צייטונג. ס׳איז געווען טאַבו. און אַפילו נאָכדעם ווי היטלער איז געוואָרן אויס שותף פון סטאַלינען, נאָכן אָנפאַל, איז די סאָוויעטישע פּרעסע אויך נישט געווען אַזוי פּזרנדיק אין אירע אינפאָרמאַ־ציעס מכח ייִדן אין דער וועלט. ערשט שפּעטער, בעת דער רעפּאַטריאַציע קיין פּוילן, האָט זיך פאַר אונדז אויפגעמאַכט דער פאָרהאַנג און מיר האָבן דערזען די גאַנצע פּאַנאָראַמע, דעם גאַנצן פאַרנעם פונעם שוידער.

און איך קאָן נישט פאַרגעסן דעם דערדריקנדיקן רושם, וואָס עס האָט געמאַכט אַ רעדע פון געוועזענעם דעפּוטאַט פון פּוילישן סיים, דעם ציוניס־טישן וועטעראַן יצחק גרינבוים, וועלכער האָט באַזוכט וואַרשע אין 1946. אין קאָנפערענץ־זאַל פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די ייִדן אין פּוילן זיינען געווען פאַרזאַמלט: דער גאַנצער אַקטיוו פון צענטראַל־קאָמיטעט, שרייבער, עסקנים. און יצחק גרינבוים האָט דערציילט, ווי אין 1943 האָט די ייִדישע אַגענץ פון ירושלים אַלאַרמירט און אַפּעלירט צו די רעגירונגען פון די „אַליאירטע", מ׳זאָל מאַכן לופט־אָנגריפן אויף די אַלע נאַציסטישע טויט־לאַגערן אין פּוילן, כדי בעת דער בהלה זאָל זיך קאָנען ראַטעווען כאָטש אַ טייל פון די פאַרמשפּטע צום אומקום. טייל רעגירונגען האָבן געענטפערט דעם „הומאַניטאַרן" תירוץ, אַז פון אַזעלכע באָמבאַרדירונגען קאָנען ליידן אויך די אינטערנירטע ייִדן. דאָס האָט געקלונגען ווי ביטערער חוזק און צביעות: צי האָבן דען די אומגליקלעכע אין די לאַגערן געהאַט אַנדערע אויסזיכטן זיך צו ראַטעווען פון די נאַציסטישע נעגל?

סאָוויעט־רוסלאַנד האָט לחלוטין נישט געענטפערט אויף דעם ייִדישן אַפּעל פון ירושלים. הגם פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד וואָלט געווען אַמלייכטסטן אַדורכצופירן די באַגערטע לופט־אָנגריפן: זיינען דאָך די סאָוויעטישע לופט־באַזעס געווען דעמאָלט צום נאָענטסטן. און ווי גרויס פלעגט עס זיין די פרייד און באַגייסטערונג ביי די ייִדן פריִער אין געטאָ און נאָכדעם ביי דעם קליינעם הייפעלע אויף דער „אַרישער זייט", בעת די סאָוויעטישע אַוויאַציע פלעגט אַמאָל מאַכן אַ לופט־אַטאַקע איבער וואַרשע — ווען די סאָוויעטן גופא האָט עס געלוינט. די אומגליקלעכע ייִדן פלעגן צו די אַוויאָנען אַרויפ־שיקן ברכות.

און אַרטור זיגעלבוים, וואָס האָט זיך פון לאָנדאָן צוגעקוקט צו דער דאָזיקער גלייכגילטיקייט פון דער גאַנצער פרייער וועלט בנוגע דער אויס־ראָטונג פון זיין פאָלק — האָט אין אַזאַ וועלט נישט געוואָלט ווייטער לעבן. ער איז פרייוויליק געגאַנגען צו דער עקידה, און דורך זיין טויט געוואָרפן זיין פּראָטעסט און זיין פאַרדאַמונג קעגן דער פאַרברעכערישער גלייכגיל־טיקייט.

ער האָט זיך אַליין געבראַכט פאַר אַ קרבן דעם פּילגעפּייניקטן פאָלק — ווי אַ ייִד און ווי אַ סאָציאַליסט — און ווי אַזאַ וועט ער אַריינגיין אין דער מאַרטירער־געשיכטע פון אונדזער פאָלק, צוזאַמען מיט אַלע ייִדישע

העלדן, וואָס האָבן פאַרענדיקט זייערע לעבנס ביי די כלערליי אינקוויזיציעס און שייטערהויפנס מיטן „שמע ישראל" אויף זייערע ליפּן...

פאַר זיין מאַרטירער־טויט האָט זיגעלבוים פאַרשריבן זיינע לעצטע ווערטער פון פּראָטעסט. ווערטער, וואָס וועלן בלייבן ווי אַ שטענדיקער שאַנד־פלעק אויפן געוויסן פון דער גלייכגילטיקער וועלט:

„מיט מיין טויט וויל איך אויסדריקן דעם שאַרפסטן פּראָטעסט קעגן דער פּאַסיוויקייט, מיט וועלכער די וועלט קוקט זיך צו און דערלאָזט די אויסראָטונג פון יידישן פאָלק".

***

מיט אַכצן יאָר צוריק איז עס געווען, ווען דער קדוש אַרטור זיגעלבוים האָט אויסגעפּירט איבער זיך אַליין דעם מאַרטירער־טויט. דער אָפּקלאַנג פון זיין הייליקן קרבן ווערט וואָס ווייטער פאַרוואַנדלט אין אַ לעגענדע. דאָס פאָלק וועט אים קיין מאָל נישט פאַרגעסן. דער נאָמען „אַרטור זיגעלבוים" וועט פאַרשריבן ווערן אין דער זעלביקער מגילה, ווו עס זיינען פאַראייביקט די נעמען פון די רומפולע העראָישע אויפשטענדלער פון וואַרשעווער געטאָ.

ב. איירעס, אָקטאָבער, 1961

# אַ מצבה נאָך אַ פאַרשניטענעם דור

„די לערערין אסתר״ *) פון יעקב פּאַט איז מיר אויסגעקומען צו לייענען נאָך פון כתב־יד, נאָך איידער דאָס ווערק איז דערשינען אין דער עפנטלעכקייט. (ס׳איז דערשינען אונטער מיין השגחה). און כ׳בין זיך מודה און מתוודה, אַז ס׳איז מיר שווער צוצוגיין צום דאָזיקן בוך אָביעקטיוו, ווי אַ זייטיקער לייענער. באַלד פון די ערשטע זייטן בין איך געוואָרן אַריינ־געצויגן אין שטאָף ווי אַ היימישער, ווי אַ נוגע בדבר... און גורם געווען אַזאַ געפיל ביי מיר האָבן סיי די מיליע, סיי צייט און אָרט און סיי אויך פיל פון די מענטשן, וואָס ווערן דורכן מחבר אַרויסגעפירט אויף דעם ברייט־צעוויקלטן לייוונט. אַלץ איז מיר נאָענט אינעם בוך, אַלץ איז מיר אייגן. אַ סך פערסאָנאַזשן — אייגנטלעך לעבעדיקע, רעאַלע מענטשן — זיינען מיר פערזענלעך באַקאַנט געווען. צייט און אָרט פאַלן צונויף מיט מיינע אייגענע באַגעגענישן, פריינטשאַפטן, נאָנטקייטן, איינשליסלעך דעם מחבר גופא. אין מיין זכרון לעבן נאָך בולט פיל פון יענע סיטואַציעס. די ביאַליסטאָקער „פּרץ־שול״ — די הויפּט־באַזע פאַר דער האַנדלונג אין בוך — האָב איך געזען אין די שווערע הונגער־יאָרן פון דער דייטשישער אָקו־פּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. געזען די אָרעמע קינדער פון דער שול, באַקענט זיך מיט די לערער און לערערקעס און אויך מיט דער לערערין אסתר (אייגנטלעך דעם מחברס שוועסטער). און מיינע גאַסט־געבער אין ביאַליסטאָק זיינען דאַן געווען צוויי פון די טרייע לערער־אידעאַליסטן — טאַקע יעקב פּאַט אַליין און זיין ערשטע פרוי ע״ה.

און שפּעטער, לעבנדיק אין וואַרשע, האָב איך דאָך תמיד געפילט דעם אָטעם פון די יידישע שולן, די פרייד פון זייער וואַקסן און פּאַנאַנדערבלי, געוווסט פון זייערע ראַנגלענישן, פון זייערע דערגרייכונגען, געזען די

*) דערשינען אין פאַרלאַג „יידבוך״, בוענאָס איירעס.

קינדער פון די „ציש״אָ״־שולן מאַרשירן איבער די וואַרשעווער גאַסן; געזען זייערע מחנות אין דיסציפּלינירטע רייען בעת פאַרשיידענע מאַניפעסטי־רונגען: דעם 1טן מאַי, צי בעת אַ לוויה פון אַ ייִדישער פערזענלעכקייט, אָדער בעת די מאַרשן צום „אוהל־פרץ״.

אין בוך ווערט אויך דערמאָנט די באַרימטע „מעדעם־סאַנאַטאָריע״ אין מיעדזעשין. דערמאָנט עס מיר אויך אָן מיינע באַזוכן אין יענעם קינדער־מלכות. פאַרבראַכט דאָרט איין מאָל אַ „וויקענד״ מיטן דירעקטאָר ש. גילינסקי ע״ה (אויך מיין געוועזענער „ס. ס.״־חבר) און מיט די קינ־דער אין יענעם שטילן גן־עדן, צווישן די פאַרשנייטע סאָסנעס...

כ׳בין אַליין געווען אַן עדות פון אַ סך, אַ סך עפּיזאָדן, מאָמענטן — זיי זיינען שוין איצטער עבר, געשיכטע — וואָס יעקב פּאַט פאַראייביקט זיי אין זיין „די לערערין אסתר״.

אַפילו דאָס פישער־דאָרף גלעטקאָו, בשכנות פון אָליוואַ און צאָפּאָט, וואָס פּאַט באַשרייבט אַזוי שיין, און וווהין ער האָט איין מאָל געבראַכט זיינע צוויי העלדן, איז מיר אויך אַזוי היימיש: נישט איין זומער דאָרט פאַרבראַכט אין זאָרגלאָזיקייט, אין די הייסע זאַמדן אויף דער פּליאַזשע, אונטערן רויש פון באַלטישן ים. פון דאָזיקן קאַפּיטל אינעם ווערק האָט אויף מיר אַ ווייע געטאָן אַ גרוס פונעם אַמאָל.

נו, איז דעריבער נישט קיין חידוש, וואָס „די לערערין אסתר״ האָט מיך אַזוי צוגעשמידט ביים לייענען. דאָס בוך מיט זיין גאַנצן פאַרנעם איז בלתי ספק דער שפּיגל פון אַ גאַנצן דור. אַ דור, וואָס האָט אַריינגעשריבן אין אונדזער געשיכטע פון היינטיקן יאָרהונדערט אַ שיין העראָיִש קאַפּיטל. דאָס איז דער דור בעלי־חלומות, טרוימער און קעמפער פאַר אַ בעסערן מאָרגן. דאָס זיינען אויך די ערשטע בויער, די פונדאַמענט־לייגער פון דער מאָדערנער ייִדישער שול. דאָס איז די צייט פון ראַנגלענישן, פון מסירת נפש און קאַמף. די צייט, ווען די אָרעמע ייִדישע גאַס האָט אַרויסגעגעבן די שענסטע גייסטער, די איידלסטע מענטשן, מיט די איידלסטע נשמות:

די פּערסאָנאַזשן פון „די לערערין אסתר״.

די האַנדלונג אינעם בוך נעמט אַרום די אומרויִקסטע יאָרן פון אונדזער תקופה: די יאָרן ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה; די וועלט־מלחמה און די דייטשישע אָקופּאַציע; דאַן די צוויי צענדליק יאָר צווישן ביידע וועלט־מלחמות שוין אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. די קאַנווע איז אַ ברייטע און דער

מחבר מאָלט אַ שלל בילדער, וואָס שפּיגלען אָפּ דאָס ייִדישע לעבן אין די פאַרשיידענע צייט־אָפּשניטן. זייער זאַפטיק און קערנדיק זיינען אַרויסגע־קומען די קאַפּיטלעך, וואָס שילדערן ביאַליסטאָק און דעם געשאַפּענעם שטייגער אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע. פּאַט פירט אַרויס אַ גאַנצע גאַלעריע טיפּן און געשטאַלטן פון אַלע שיכטן. אָרעם און רייך, באַלמעלאָ־כעס און אינטעליגענטן, אַרבעטער און פאַבריקאַנטן, כלל־טוער, קהלס־פאַרזאָרגער און רעוואָלוציאָנערן — מיט איין וואָרט: די ייִדישע גאַס. עס קומען אויך, פאַרשטייט זיך, צום אויסדרוק סאָציאַלע מאָמענטן, סתירות און קאַמף צווישן רייך און אָרעם, בונטאַרע טענער פּלעכטן זיך אַריין אין אַ ריי סצענעס און סיטואַציעס. ס׳באַקומט זיך אַזוי אַרום פונעם גאַנצן שטאָף אינעם בוך דער גרונט־טאָן פון אַ סאָציאַלן ראָמאַן. עס פליסן אַרויס פון דער אַקציע אויך די פאַרשיידענע פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס און „קרעדאָס״ — פון רעכט ביז עקסטרעם־לינק. עס קומט צו דראַסטישע וויכוחים און קאָנפליקטן אפילו צווישן דער לערערשאַפט און שול־בויער (יאָ תנ״ך אָדער נישט תנ״ך אין דער נייער שול...). די דאָזיקע וויכוחים גייען אַמאָל אַרויס פון די גרענעצן פון אַ בעלעטריסטיש ווערק און דעריבער זיינען יענע קאַפּיטלעך די שוואַכערע אינעם בוך. הגם זיי שפּיגלען דאָך אָפּ דאָס גייס־טיקע פּנים פון די פּערסאָנאַזשן, אָבער דער איינדרוק בלייבט ווי פון אַ פּאָליטישער דיסקוסיע. אָבער די דאָזיקע עטלעכע קאַפּיטלעך זיינען יוצאים מן הכלל און דאָמינירן נישט אין עצם כאַראַקטער פונעם בוך.

מייסטערהאַפט זיינען געשילדערט די קאַפּיטלעך וועגן דער „זאַווע־רוכע פון רוסלאַנד״ — די רעוואָלוציע פון 1917; די ווינטן פון יענער „זאַווערוכע״ וואָס האָבן זיך דורכגעריסן דורך די מלחמה־פראָנטן — אויך אין די שטעט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע; דאַן — שפּעטער מיט עטלעכע יאָר, אין 1920 — די קורצע באָלשעוויסטישע אינוואַזיע אין פּוילן. אין צמצומדיקער, קאָנדענסירטער פאָרעם גיט דער מחבר דאָס בילד פון יענע שפּאַנענדיקע טעג אין ביאַליסטאָק. כאַראַקטעריסטישע סצענעס מאַכן בולט דאָס בילד פון די כאַנייקעס און פּיאַסקעס אין יענער צייט. מיט אויפברויז און צעיאַכמערטקייט איז אָנגעלאָדן דער גרויסער „פּאַלאַץ״־פּאַרק, ווו עס באַוועגן זיך טויזנטער מענטשן און ווו מ׳זעט אויפן באַלקאָן פון „פּאַלאַץ״ די שוין צוגעגרייטע „רויטע״ רעגירונג פאַר וואַרשע — מאַר־כלעווסקי, דזשערזשינסקי און פעליקס קאָן.

דער מחבר כאַפּט אויף פון איין זייט די גראָטעסקע בילדער אויף דער

גאַס („לצים האָבן, אָנקוקנדיק די באָרוועסע רויטאַרמייער, געפּסקנט: „מלך אביון!״...) און פון דער אַנדערער זייט ווייזט ער אויך דעם אַמאָל יחוסדיקן וואַרשעווער ייִדן פעליקס קאָן, בעת ער דרשנט פון באַלקאָן און שיט מיט פייער און איז מבשר די וועלט־רעוואָלוציע... — „רויטע פענער אין מאָסקווע, וואַרשע, בערלין״...

פּאַט מאָלט אים מיט אַזעלכע שטריכן:

„ער וועט אַזוי, מיט זיינע ביידע אויסגעצויגענע הענט, אַרומנעמען דאָס גאַנצע לאַנד. ער איז גרייט גליקלעך צו מאַכן די גאַנצע וועלט, ער — אָט דער געוועזענער אַרעסטאַנט פעליקס. עס פלאַטערן זיינע הענט, זיינע לאַנגע, אויסגעצויגענע ציטערנדיקע פינגער. ער טוט אַ טרייסל מיט זיין גרוי־האָריקן קאָפּ. אָט נעמט ער אָן אַלע פיר זייטן פון דער וועלט. פריִער באַקוקט ער זי, די וועלט, איידער ער נעמט זי אָן און טוט מיט איר אַ טרייסל״.

עס איז געווען אַ רעוואָלוציע נאָר אויף איין חודש...

די בלעטלעך פון „די לערערין אסתר״ זיינען אַזוי כסדר אָנגעלאָדן מיט אומרו פון דער צייט, מיט געשיכטלעכע עפּיזאָדן, וואָס טוישן זיך כסדר ווי אויפן עקראַן. אַזעלכע נעוראַלגישע יאָרן האָט אונדז דאָך גע־ליפערט די ערשטע העלפט פון אונדזער יאָרהונדערט.

די הויפּט־העלדין פונעם בוך איז אסתר — די לערערין אסתר. דאָס קינד פון דער אָרעמקייט, די טאָכטער פונעם אָרעמען באַלמעלאָכע, לייבע דעם בלעכער. דער מחבר ווייזט אונדז אסתרן זינט איר סאַמע אָנהייב, זינט איר פּרילינג אין דער אָרעמער שטוב. שוין אַלס גימנאַזיע־שילערין ווייזט זי אַרויס אירע שיינע מידות. מיר זעען איר אינטים לעבן אַלס יונג מיידל און איר שנעל רייף ווערן. אין אַלע אירע פּאַזן גייט זי אַרויס פונעם גדר פון דורכשניטלעכקייט. אויך די פּאַרליבטקייט אירע איז נישט קיין דורכשניטלעכע, איז אַדורכגעוועבט מיט די צאַרטסטע און איידלסטע סובסטאַנצן. אויך אין איר ליבע דאָמינירט מער דאָס נשמהדיקע ווי דאָס קערפּערלעכע. אין אַלע מאָמענטן טרעט אַרויס איר ערלעכקייט, איר מאָראַלישע ריינקייט. תמיד רופט זיך אָפּ אין איר די שטים פון געוויסן, אַזוי אין אַלע אירע האַנדלונגען. אַזוי איז זי אין דער באַציִונג צו איר געליבטן, צו מאיר צפת, און אַזוי צו ברוכן — איר שפּעטערדיקן מאַן. עס זאָגט אונדז אַ סך וועגן אסתרס לויטערקייט איר באַגעגעניש מיט עטל צפת — די פרוי פון איר געליבטן. וויפל שטאָלצע עקשנות פון אַ ריינעם

געוויסן בליצט אַרויס תמיד פון דער דאָזיקער פּרוי. אין סך־הכל פון אירע אַלע האַנדלונגען און טיפן אידעאַליזם זעען מיר די געשטאַלט פון אסתרן אין קרישטאָלענער ריינקייט. זי שטייט פאַר אונדזערע אויגן ווי אַ הייליקע, ווי אַ שרה בת טובים...

צווישן די אַלע פּערסאָנאַזשן פון בוך ווילט זיך אויך זוכן דעם מחבר. איז ער דאָך אויך געווען איינער פון די טרייסטע בויער פון דער „פּרץ־שול" אין ביאַליסטאָק און שפּעטער — איינער פון די אַקטיווסטע שול־טוער אין וואַרשע. ס'איז נישט וויכטיק צי דער מחבר דערשיינט אין דער אָדער יענער געשטאַלט; אין איין העלד אָדער אין עטלעכע. מען פילט אים אין אַ סך, אַ סך מאָמענטן. איז ער דאָך צונויפגעוואָקסן מיט זיינע אַלע העלדן — די לערער, די קולטור־שעפער, די טרוימער און קעמפער. די אַלע בעלי־חלומות זיינען קינדער פון איין שותפותדיקן גורל. און די צייט האָט אויף זייערע אַקסלען אַרויפגעלייגט איין און די זעלביקע אחריות — בויען, שאַפן עפּעס גרויסעס, הייליקעס פאַרן פאָלק.

איך האָב זייער גוט פאַרשטאַנען יעקב פּאַטן אין זיין קורצער הקדמה. לאַנג האָט ער זיך געראַנגלט מיט דער דאָזיקער טעמאַטיק. ס'איז אָפּט שווער פאַר אַ שרייבער צוצורירן זיך צו אַ סביבה, אין וועלכער ער אַליין שטעקט מיט לייב און זעל. ס'איז פּשוט שווער צו געפינען די עפּישע רויִקייט פאַר אַזאַ ווערק. בפרט ווען מיט טייל העלדן בינדט דעם מחבר די קרובהשאַפט פון בלוט... אָבער יעקב פּאַט האָט פאַרן סיפּור המעשה — ווי ער זאָגט אין זיין הקדמה — „נישט געזען קיין אַנדערן, וואָס זאָל עס וויסן און קאָנען טאָן". האָט ער בלית ברירה אויף זיך אַליין גענומען די מיסיע — די הייליקע מיסיע צו ווייזן אונדז אַ וועלט, וואָס דער רוב פון אירע געשטאַלטן זיינען אַריין אין דעם טראַגישן חשבון פון אונדזערע זעקס מיליאָן קדושים... און איצט, אַז „די לערערין אסתר" איז שוין אָנגעשריבן און דערשינען, דאַרף געזאָגט ווערן: קיין בעסערער, קיין פּאַסיקערער מחבר ווי יעקב פּאַט איז טאַקע נישט געווען פאַר אַזאַ ווערק, פאַר אַזאַ טעמאַטיק. אמת, נישט שטענדיק, נישט אין אַלע סיטואַציעס האָט זיך דער מחבר געקאָנט באַהערשן און זיך ווייזן אין עכטער עפּישער רויִקייט. אָבער אַזוי פיל ליבע, אַזוי פיל נשמה האָט געקאָנט אַריינלייגן אין דאָזיקן ווערק נאָר אַזאַ מחבר, וואָס האָט אַליין מיטגעפיבערט, מיטגעפרייט זיך, מיטגעליטן און זיך מיטגעראַנגלט צוזאַמען מיט יענער סביבה — מיט יענעם דור.

דעריבער טאַקע פאַרכאַפּט דאָס בוך מיט זיין אוממיטלבאַרקייט, מיט זיינע האַרציקע שילדערונגען, מיט זיין ליבע צו די פּערסאָנאַזשן. פון יעדן קאַפּיטל הויכט אויף אונדז מיט ליבשאַפט, מיט ליבשאַפט צו דער אָרעמ־שאַפט, צו די אַלע פאָלקס־מענטשן פון דער אָרעמער יידישער גאַס. די דאָזיקע אייגנשאַפט גיט צו דעם בוך אַ לירישן אָטעם — הגם עס איז געשריבן אין רעאַליסטישער פּראָזע. מ׳פילט אַרויס פון צווישן די שורות, אַז דער מחבר האָט דאָ נישט געקאָנט זיין ווי אַ זייטיקער באַאָבאַכטער און שילדערער. צופיל האָט עס אים גערירט, מיטגעריסן. ס׳איז אויך פאַרשטענדלעך און נאַטירלעך, וואָס די גרעסטע דאָזע ליבע, האַרץ שענקט ער אסתרן, דער טאָכטער פון דער אָרעמשאַפט, וואָס וואַקסט אויס צו דער צענטראַלער פיגור פונעם בוך. ער ווייזט אונדז אסתרן אויף אַלע אירע שטאַפּלען. מיר זעען איר שטייגן. זי וואַקסט צוזאַמען מיט דער יידישער שול. דער שול ווידמעט זי איר יונג לעבן, אירע יונגע כוחות, אירע חלומות. די צרות, וואָס די שול לעבט איבער, זיינען אירע פּערזענלעכע צרות; די ימים־טובים פון דער שול זיינען אירע ימים־טובים. אַפילו איר צוזאַמענלעבן מיטן מאַן איז אויך פאַרבונדן מיט דער שול. אויך דער מאַן איז איינער פון דער שול־סביבה און צוזאַמען לעבן זיי, חלומען זיי, שאַפן זיי פאַר דער שול. ווערט דעריבער אויך קלאָר און פאַרשטענדלעך, אַז אַ דאַנק אָט אַזעלכע שול־טוער, אַזעלכע אידעאַליסטן־לערער — ווי פּאַט ווייזט אונדז און ווי זיי זיינען טאַקע געווען אין דער וואָר — האָט געקאָנט אין פּוילן אויפקומען אַ „ציש“אָ“ — אַ גאַנצע נעץ פאָלקס־שולן, וואָס האָבן געבראַכט רום און כבוד זייערע שעפער און די גרעסטע חשיבות דער יידישער מאָדערנער קולטור. די דאָזיקע שולן זיינען געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע גייסטיקע קנינים פון פאָלק.

דער מחבר הויבט אַרויס אַ ריי וויכטיקע עפּיזאָדן אינעם לעבן פון דער שול, וועלכע וואַרפן אַ סנאָפּ ליכט אויף די העלדן זיינע, אויף די בויער און שאַפער, ווי אַ שטייגער: די פריייד פון שאַפן די וואַלד־שול בעת די אָקופּאַציע־יאָרן; דער חנוכה־יום־טוב פאַר די קינדער אין „פּאַלאַס“־טעאַטער און אַנד., וואָס עס איז נישט מעגלעך אויסצורעכענען אין די דאָזיקע ראַמען.

מיט וויפל אינערלעכן צאַפּל און עמאָציע גיט אונדז דער מחבר דעם היסטאָרישן שול־צוזאַמענפאָר אין טעאַטער „אַפּאָלאָ“ אין וואַרשע, אין 1921.

כ׳בין אַליין גראָד אויך געווען אויף דער פייערלעכער דערעפענונג פון יענעם צוזאַמענפאָר און יענע מאָמענטן פון דערהויבונג זיינען נישט צו פאַרגעסן. און אַוודאי און אַוודאי האָט אויך יעקב פאַט יענע התרוממות נישט פאַרגעסן...

לייענען מיר איצט אין זיין בוך:

„...הרת עולם. אַ דור האָט געוואַרט אויף דער שעה. ביי דער טריבונע — רויטע פענער, אויפשריפטן מיט גרויסע יידישע אותיות״...

און דער מחבר רופט אָן אַ טייל באַטייליקטע אויפן צוזאַמענפאָר. באַקאַנטע פיגורן פון יענער צייט. ער רופט זיי אָן ביי זייערע אויטענטישע נעמען: גרשון פלודערמאַכער, וועלכער האָט נאָך געעפנט אַ שול־צוזאַמענפאָר אין קאָמער פון לוקישקער טורמע אין ווילנע אין 1907. אויך איצט — ווי אַ המשך פון יענעם צוזאַמענפאָר אין תפיסה־צעל — עפנט פלודערמאַכער דעם צוזאַמענפאָר אין „אַפּאָלאָ״ און ער זאָגט צו. אַנד.:

— „מיר האָבן אונטער פייער פון מלחמה, אין אַ ים פון נויט און עלנט, געבויט שולן פאַר אונדזערע קינדער״... „מיר האָבן, יעדער איינער פון אונדז, געהערט דעם קול פון דער געשיכטע — אַ גייסט איז אונדז אַלעמען אַריין״...

די טויזנט יונגע לערער אין זאַל ווערן מיטגעריסן. די לערער פון שולן אין ווילנע, אין ביאַליסטאָק, אין וואַרשע, אין גראָדנע, אין בריסק אאַז״וו.

פאַט פירט אַרויס די אַנדערע באַטייליקטע: בייניש מיכאלעוויטש, יעקב גערשטיין, ד״ר זילבערפאַרב, זרובבל, ראָזא סימכאָוויטש, דעם מוזיקער שניאור מיט זיין כאָר. מ׳הערט אין זאַל רייד „וועגן גלייכהייט, וועגן סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער פרייהייט, וועגן יידישער קולטור, יידישער שפּראַך, יידישער שול״.

„אין אַלעמענס הערצער שלאָגט די פרייד. אין אַלעמענס מוחות לייכטן געדאַנקען. נישט אַלעמענס געדאַנקען זיינען די זעלבע, אָבער דער ווילן איז איינער ביי אַלעמען. מיר ווילן, אַז אונדזער שול זאָל לעבן, זי זאָל קאָנען דערציִען נייע מענטשן און נייע יידן״.

„...עס טראָגן זיך גרויסע סאָציאַלע שטורעמס. זיי האָבן פאַרטראָגן אויף אונדזער פעלד די קערנער פון אַ נייער שול, אַ שול אַ יידישע, אַ שׂול פון אַרבעט, אַ שול אויף יידיש. די קערנער האָבן זיך שוין טיף איינ־

געאַקערט אין אונדזער באַוווסטזיין. די אידייע איז צייטיק, דער געדאַנק איז פולקום רייף. עס איז איצט אַ גרויסע שעה"...

דאָס זיינען ווערטער, וועלכע זיינען געזאָגט געוואָרן מיט פּאַטאָס דורכן מאַן מיטן גרויען קאָפּ (מיכאַלעוויטש), נאָך דעם ווי די טענער פון שניאורס כאָר האָבן פאַרקלונגען מיט אַזוי פיל בטחון:

„האָף און גלויב" — — —

פּרצעס ווערטער, פּרצעס בטחון...

אין דריטן טייל פון בוך פירט אונדז אַריין דער מחבר אין די ווייטער־דיקע פּאַזן, וואָס די יידישע שול האָט דורכגעמאַכט אין פּוילן אונטער דער פּוילישער ממשלה. פון איין זייט אויפשטייג, פּאַנאַנדערבלי פון דער שול; פון דער צווייטער זייט — אַ קייט נגישות, גזירות מצד די פּוילישע מאַכט־האָבער, פאַר וועמען די יידישע צעבליטע שולן — ווי די יידן בכלל... — זיינען אַ דאָרן אין אויג. עס רוקט זיך אָן די צייט פון פּשיטיק, פון צעיור־שעטן אַנטיסעמיטיזם, וועלכע קומט אויך צום אויסדרוק אין די קאַפּיטלעך פון דריטן טייל. ביאַליסטאָק האָט שוין אַפילו אַ יידישע גימנאַזיע — דער טריומף פון יידישן שול־וועזן אין פּוילן — אָבער די דאָזיקע גימנאַזיע איז שטאַרק נישט געוועזן צום האַרצן דעם שול־קוראַטאָר און זי איז גע־שלאָסן געוואָרן. און אָט זעען מיר די לערערין אסתר — זי איז שוין אויסגעוואַקסן צו אַ גימנאַזיע־לערערין! — צוזאַמען מיטן שול־טוער שלמה מענדעלסאָן, אין אַ דעלעגאַציע אין וואַרשע ביים בילדונגס־מיניסטער.

די סצענע ביים בילדונגס־מיניסטער שילדערט פּאַט מיט גרויס שפּאַ־נונג. ס'איז אַ סצענע, וואָס גייט אַרויס פונעם גדר פון געוויינלעכער באַ־שרייבונג. עס איז אַ פּקחותדיקער ווערטער־פּאַרמעסט צווישן מענדעל־סאָנען און דעם אַלטן גרויען פּראָפעסאָר, דעם מיניסטער. ער, דער מיניס־טער — לייענען מיר — „האָט געהערט די אויסטערליש־גייסטיקע געפעי־פערטע רייד פון דעם נידעריקן, געבויגענעם יידן שלמה מענדעלסאָן, וועגן וועלכן דער פּראָפעסאָר קאַלינאָווסקי שרייבט אַזעלכע הויכע ווערטער. ער האָט אויך דערשמעקט די באַהאַלטענע טראָציקייט, אַפילו חוצפּה, וואָס שטעקט אין די פיינע, געשליפענע פּוילישע זאַצן פון דעם געבויגענעם ייד"!

מענדעלסאָן רעדט אין אים אַריין:

— „אָט זע איך אויף אייערע ווענט מיצקעוויטשן, סלאָוואַצקין, זשע־ראָמסקין, אָזשעשקאָ. איך האָב אַ געפיל, אַז זיי הערן אונדזער געשפּרעך.

וועט איר מסכים זיין, מען זאָל שליסן שולן, מען זאָל שליסן די גימנאַזיע, ווייל מען לערנט דאָרט אויף דער יידישער מוטער־שפּראַך?"

אינעם שמועס נעמט אויך אַ וואָרט אסתר. זי איז דרייסט. אירע יאָרן אין דער שול האָבן געשמידט איר עקשנות, איר ווילן. אירע לאָגישע רייד טרעפן אין ציל. דעם געפּעכט געווינט דערוויל די דעלעגאַציע. דער בילדונגס־מיניסטער גיט נאָך.

אָבער, ווי געזאָגט — „דערוויל"...

„עס איז שוין געווען די צייט — זאָגט זיך ווייטער — ווען אין ביעלאָ־וועזשער וועלדער איז גערינג פון בערלין געגאַנגען נאָך זובערס צוזאַמען מיט פּרעזידענט מאָשטשיצקי און זיין סוויטע"... „די פּאָליטישע לופט איז געוואָרן אַלץ געדיכטער. פון בערלין און רוים האָט געשלאָגן מיט נייעם וועלט־מאָרד"...

די יידישע שול קריגט אַ נייעם קלאַפּ: די רעגירונג האָט געשלאָסן דעם לערער־סעמינאַר אין ווילנע. עס גייט אַראָפּ פון דער ווילנער שול־אַרענע איר נשמה — ראָזא סימכאָוויטש.

„פּאָליטישע ווינטן לויפן אַריין אין די קלאַסן און טרייבן אָפּ די לימודים"...

טראָגט זיך פון שטאָט צו שטאָט די בלוטיקע דראַמע אין קראָקע, ווו הונדערט טויזנט אַרבעטער האָבן באַגלייט צום בית־עולם אַכט געפּאַלענע אין אַ דעמאָנסטראַציע. 25 פאַרוווּנדעטע גייען נאָך די טרומנעס. אויך די קינדער אין די שולן זיינען שוין רייף. אויך זיי נעמען אויף די געשעע־נישן ווי גרויסע. זעט מען זיי שפּעטער, די עלטערע שילער, אויף אַ מאַי־מאַניפעסטאַציע אין בלויע העמדער און רויטע קראַוואַטן. זינגען זיי:

מיר, די יונגע גוואַרדיע פון פּראָלעטאַריאַט...

זייער דיסקרעט און זייער קינסטלעריש האָט אונדז פּאַט געגעבן דעם פאָרלעצטן קאַפּיטל „לייבע איז אַוועק". מיר פילן אין אים ממש די טריט פון טויט. די גאַנצע אָרעמע שטוב, די מענטשן, דער חלל איז אָנגעפילט מיט טויט. די באַשרייבונג פון לייבעס לעצטע מינוטן נעמט דורך מיטן שוידער און טרויער פון דער אומפאַרמיידלעכקייט.

„נישטאָ מער לייבע, פרחה נשמתו"...

דער מחבר איז דאָ קאַרג אויף ווערטער. און די צמצומדיקייט פאַר־שטאַרקט נאָך מער דאָס בילד, וואָס עמאָציאָנירט מיט זיין טרויער.

דאָס בוך ענדיקט זיך מיט אַן אימפּאָזאַנטן גאַנג פון די ייִדישע שולן צום אוהל־פּרץ. דער דאָזיקער גאַנג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „היסטאָרישן ספּעקטאַקל" — ווי דער מחבר באַצייכנט עס.

— רעכט פאַר די ייִדישע שולן! — האָבן געפאָדערט די מאַסן.

עס גייען אַלע, אַלע. אַלע שולן, אַלע קינדער. מיר זעען ווידער בראש די ליכטיקסטע געשטאַלטן פון יענער צייט צווישן די מאַסן: די פירער, די שול־טוער, די וואָרט־זאָגער. אין דער אַלייע אַרום אוהל־פּרץ איז אויס־געוואָקסן אַ ריזיקער מענטשן־ים. הערט מען פּאַטעטישע רייד. דער כאָר פון די וואַרשעווער שולן, דיריגירט פון גלאַטשטיינען, הויבט אָן דאָס לעצטע פּרץ־ליד:

שטילער, שטילער,
דאַנקען וויל ער...

און נאָכדעם? נאָכדעם?... ס'איז שוין געווען די לעצטע מאַניפעסטאַציע פון ייִדישע קינדער, פון ייִדישע לערער...

עס איז געקומען דער בלוטיקער מבול — — —

און עס קומט אַ מחשבה: האָט אונדז נישט דער מחבר פון „די לערערין אסתר" בכוונה געוויזן ווי די ייִדישע קינדער, די לערער, די בויער און שעפער, גייען זיך געזעגענען מיט פּרצן פאַר זייער לעצטן גאַנג? — — —

דער מחבר האָקט דאָ אָפּ. אין זיין קורצן נאָכוואָרט זאָגט ער: „דער מחבר האָט באַגלייט אסתרס גאַנג ביז דעם טויער פון ביאַליסטאָקער געטאָ. אין טויער איז ער נישט אַריין"...

נאָך דעם דערשיינען פון יזכור־בוך, וואָס איז געווידמעט די אומגע־קומענע ייִדישע לערער אין פּוילן, איז יעקב פּאַטס בוך, וואָלט איך געזאָגט, דאָס צווייטע יזכור־בוך נאָך די לערער — אַ יזכור־בוך געשריבן אין בעלעטריסטישער פאָרעם.

„די לערערין אסתר" איז אַ ליטעראַרישער ווירדיקער דענקמאָל נאָך אונדזערע ייִדישע לערער און ייִדישע קינדער, וואָס זיינען אַוועק אין די קאַלך־אויוונס. לייענען מיר דעריבער דאָס דאָזיקע בוך מיט אַ הייליקן ציטער.

ס'איז אַ מצבה נאָך אַ שיינעם, הערלעך־שיינעם דור...

# אויף די וואַנדער-וועגן

די ייִדישע געשיכטע איז די רייכסטע אין וואַנדערונגען. אין דער משפּחה פון פעלקער איז נישטאָ נאָך אַזאַ פאָלק ווי דאָס ייִדישע, וואָס זאָל אויך אַזוי געפלאָגט זיין מיט דער קללה: „נע ונד תהיה בארץ״... סיי אין די אוראַלטע חומש־צייטן, סיי אין מיטלאַלטער, סיי אין דער נייער צייט — שטענדיק גייט־דורך, ווי אַ רויטער פאָדים, דער „ויסעו־ויחנו״, די וואַנדע־רונגען, וואָס בילדן גאַנצע טיילן ייִדישן געשיכטע. די געשיכטע פון ייִדישן פאָלק איז אַזוי אַרום אַן אומענדלעכע קייט פון עליות און ירידות, פון אויפ־גאַנגען און אונטערגאַנגען. אין איין אָרט גייען מיר אונטער ווי אַ קיבוץ, ווערן אויסגעוואָרצלט און אין אַן אַנדער אָרט גייען מיר ווידער אויף, זאַמ־לען צונויף אונדזערע רעשטלעך, וואָרצלען זיך ווידער איין, שטייען אויף תחית המתים. אַזוי פיזיש און אַזוי גייסטיק.

און עס טראַכט זיך: ווער ווייס — ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען, — אפשר גראָד אין אונדזער דינאַמישן לעבן, אין אונדזערע אָפטע וואַנדערונגען און צעשפּרייטקייט ליגט דער סוד פון אונדזער קיום? אפשר איז דאָס די אַסעקוראַציע אָדער בעסער געזאָגט: די סטראַטעגיע פון אַן עקסטעריטאָריעל פאָלק, כדי אין פּאַטאַליסטישע מאָמענטן צו פאַרלירן נאָר אין איין פּונקט און אויסהאַלטן, בלייבן גאַנץ, אומבאַשעדיקט אויף די אַלע אַנדערע פּאָזיציעס?

אין אונדזער געגנוג טראַגישער געשיכטע, איז, צום גליק, געשען מיט אונדז דער גרויסער נס פון אויסדויער, פון אַליין־דערהאַלטונג און ווידערשטאַנד, ווען נישט אַקטיווער, איז פּאַסיווער, קעגן די לויערנדיקע סכנות, און ווען ווידערשטאַנד איז נישט מעגלעך געווען, האָט אונדז אין די פינצטערע צייטן אַרויסגעהאָלפן אונדזער איינגעבוירענער מימיקרי־אינסטינקט, די קונסט פון צופּאַסן זיך צו די אומשטענדן און גובר זיין, און אויסהאַלטן ביזן אָנקומען פון אַ ליכטיקערן מאָרגן...

צענדליקער און הונדערטער ביישפּילן, ווי אילוסטראַציעס צום אָקאָרשט אַרויסגעזאָגטן געדאַנק, האָט געליפערט אונדזער לעצטע טראַגישע תקופה אינעם ווייסל־לאַנד, וואָס איז געוואָרן דער קבר פון אונדזער פאָלק: מיר אַלע ווייסן ווי אַזוי ייִדן־יחידים, צווישן זיי אַפילו פרויען און קינדער, האָבן זיך געראַטעוועט — און אויסגעדויערט! — ביי די אויסטערלישסטע, ביי די אוממענטשלעכסטע באַדינגונגען: אין נאַסע גריבער, אין לעכער און בוידע־מער, און אַפילו אין קברים פון בית־עולמס (געוועזן אַ סך אַזעלכע פאַלן) אין משך פון לאַנגע, לאַנגע חדשים. אין די אַלע ייִדישע באַהעלטענישן האָט ביי די לעבעדיקע סקעלעטן כסדר געלעבט דער מעכטיקער דראַנג „לא אמות כי אחיה“...

פאַראַן שוין אַפילו ביי אונדז אויך אַ ליטעראַרישע דאָקומענטאַציע וועגן דעם. איך מיין דעם יונגן לייב ראָכמאַנס בוך „און אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן“. און נישט נאָר דאָס דאָזיקע ווערק אַליין.

ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען? ווי אַזוי האָבן זיך די דאָזיקע יחידים נישט איינגעבראָכן? פון וואַנען אַזאַ אויסדויער, וואָס גרענעצט זיך מיט גבורה — פיזישער און דער עיקר גייסטיקער גבורה?

פאַר אַ „זייטיקן“, פאַר אַ נישט־ייִד, איז עס נישט משיג צו זיין: לויט אַלע אָביעקטיווע געזעצן פון דער מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע האָט געדאַרפט קומען אין יענע „סכראָנעס“ (באַהעלטענישן) — אויב נישט טויט, איז דערלייזערישער זעלבסטמאָרד!

אפשר דאַרף מען זוכן די מאָטיוון פון דער דאָזיקער ייִדישער אייגנ־שאַפט אין דער העברעער מיסיע, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט אויף זיך גענומען אין זיין גורלדיקן, געשיכטלעכן וועג? אפשר שטאַמט עס נאָך פון יענעם לעגענדאַריש־געטלעכן עפּיזאָד ביים באַרג סיני, ווו די ערשטע עברים האָבן גענומען אויף זיך יענעם גרויסן מאָראַלישן עול, יענע דער־הויבענע עטיק, אויפגעקריצט אויף שטיינערנע לוחות, — אַן עטיק, וואָס איז מסוגל צו געבן די אומדערשעפּלעכע קראַפט פון אויסדויער?

וואָרום מיט וואָס אַנדערש קאָן מען זיך דערקלערן, וואָס אַן אַ שיעור פעלקער, גרעסערע און קלענערע, זיינען אונטערגעגאַנגען, אָפּגעמעקט גע־וואָרן פון דער אויבערפלאַך, נישט קאָנענדיק איבערטראָגן קיין שווערע קאַטאַקליזמען, — און ייִדן, דאָס פיזיש־שוואַכע פאָלק, דאָס שווער־געפּרווו־טע פאָלק, — ייִדן האָבן אויסגעהאַלטן אַלע שטורעמס, שטורעמס, בעת וועל־

כּע עס פאַלן דעמבעס, אָבער די שוואַכע, צאַרטע, דינע בעריאָזקעלעך, גע־בויגענע פון ווינטן אין אַלע זייטן, גייען אַרויס גאַנץ און בלייבן שטעקן אינעם באָדן.

אויך אונדזער דור, אויך מיר זיינען לעבעדיקע עדות פון אַזאַ ווילדן שטורעם, פון אַזאַ שווערן קאַטאַקליזם אין אונדזער געשיכטע.

מיר זיינען אונטערגעגאַנגען אין מדינת־פוילן — איז געקומען דער נס פון מדינת ישראל; זיינען פאַרשטאַרקט געוואָרן און זיך צעוואַקסן די יִדישע ישובים אין אַנדערע לענדער, ווו עס בליט דער יִדישער גייסט, די יִדישע קולטור.

אמת, אין דער געשיכטלעכער פערספּעקטיוו לייענט זיך עס אַ מאָל בנשימה אחת, ווי, אַ שטייגער, יענער זאָג: „דור הולך ודור בא"; פאַר אונדז אָבער, די דירעקטע קרבנות, לייענט זיך דווקא נישט אַזוי שנעל דאָס טראַגישע קאַפּיטל פון יִדישן אומקום אין דער היטלער־תקופה. ביי אונדזער דור, דער עיקר ביי דער שארית הפליטה, וועלן שוין די וווּנדן ביזן גרוב נישט פאַרהיילט ווערן...

די יִדישע וואַנדערונגען פון פוילן נאָך דער מלחמה זיינען פאַר אונדז דעריבער אַ טראַגיש קאַפּיטל. ווייל ס'איז נאָך ווייניק דאָס געפינען פאַר זיך אַ נייע ערד, אַ נייעם באָדן — דאַן ווען פאַר די אויגן פון יעדן וואַנדערער שוועבן תמיד די מאַסן־קברים און די קאַלך־אויוונס, ווו עס זיינען געבליבן אונדזערע נאָענטסטע... ניין, פון יענע חורבות, פון יענע מאַסן־גריבער קאָן זיך קיינער פון אונדזער שארית הפליטה נישט אָפּרייסן. ווו דער נישט־דערקוילעטער זאָל נישט זיין, וווהין ער זאָל אין זיין נע־ונד נישט מגולגל ווערן — שטענדיק וועט ער מיטן געדאַנק זיין אויך דאָרטן אינעם פאַרשני־טענעם נעכטן...

עס איז דעריבער קיין חידוש נישט, וואָס דער ניצול־געוואָרענער יִדישער שרייבער פון פוילן — וווהין זיין וואַנדער־וועג זאָל אים נישט האָבן פאַרטראָגן — קיין ישראל, קיין נ.־אַמעריקע, צי קיין אַרגענטינע — איז געבליבן דער המשך פון דאָרטן און פון נעכטן. זיין יעדע שורה, זיין יעדעס ליד ציט די יניקה פון יענעם קוואַל — פונעם פילפאַרביקן פוילישן יִדנ־טום; פון יענער שטייגער־רייכער, קאָלירפולער יִדישקייט, וואָס האָט גע־לייגט דעם חותם אויף אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור, אויף אונדזער קולטור בכלל. פּרץ דער שיין־גייסט און אַש דער קינסטלער — דאָס זיינען

אַ פּראָדוקט פון ייִדישן גייסטיקן שאַפן אין פּוילן; דאָס איז דער גייסט, וואָס זיין אויסשטראַלונג האָט דערגרייכט און באַווירקט די אַלע ייִדיש־פּונקטן אויף אַלע קאָנטינענטן.

ווייל נאָר אַ לאַנג־דורותדיקע איינגעוואָרצלטקייט — ווי, למשל, די 1000 יאָר ייִדיש לעבן אין פּוילן — האָט געקענט באַגינסטיקן און סטימולירן אַזאַ גייסטיקע שעפערישקייט. נאָר קערנדיקער שטייגער, געגערט דורכן זאַפט פון דורות, האָט געקענט גורם זיין צו אונדזער רענעסאַנס, צום אויפשוווּנג פון אַ פאַרצווייגטער ייִדישער ליטעראַטור. מהאי טעמא זעען מיר נאָך עד־היום נישט קיין קערנדיקע ספּעציפיש־ארץ־ישראלדיקע ליטעראַטור, מיט אַן אָרטיקער טעמאַטיק — הגם דאָרט לעבן און שאַפן אַ גאַנצע ריי באַגאַבטע שרייבער. דער גרעסטער טייל פון די דאָזיקע שרייבער שעפּט נאָך פונעם עבר, פון אַמאָליקן שטייגער אין דער אַלטער היים, פונעם גלות. אַ ליטעראַטור מוז זיין איינגעוואָרצלט אין אַ באָדן. דעריבער זעען מיר אויך, אַז די ייִדישע ליטעראַטור אין אַמעריקע, ווו עס האָבן געלעבט און עס לעבן נאָך קאָריפייען פון אונדזער ליטעראַטור, איז טעמאַטיש אויך נענטער על פּי רוב צו דער אַלטער היים. דער עלטערער דור שרייבער אַוודאי און אַוודאי, נאָר אַפילו די נייע גענעראַציע פּראָזאַיקער און פּאָעטן שעפּט נאָך גאַנץ גערן און גאַנץ אָפט פון יענע אַלטע היימישע ברונימער. ווייל די אַלע אַמעריקעס צוזאַמען גענומען האָבן דאָך נישט קיין לאַנג־יאָריקע איינגעזעסנקייט, קיין דורותדיקן, אָנגעוואַקסענעם שטייגער, קיין אייגנאַרטיקן קאָלאָריט. ווי לאַנג איז דען, זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די ייִדישע מאַסן־עמיגראַציע פון מזרח־איראָפּע אין די אַמעריקאַנישע לענדער? עס איז פּשוט קיין צייט נישט געווען פאַר אַזעלכע לאַנגע, פּאַמעלעכדיקע פּראָצעסן.

וואָס שייך די ניצול־געוואָרענע ייִדישע שרייבער, וועלכע קומען אין דער וועלט ווי דירעקטע עדות פונעם ייִדישן חורבן; וועלכע האָבן אַליין דורכגעמאַכט — ווער מער, ווער ווייניקער — אַלע מינים פּורעניותן אין די טראַגישע יאָרן; וואָס קומען פון די חרובע ייִדישע שטעט און געטאָס — אויף די דאָזיקע ייִדישע שרייבער ליגט דער חוב צו ווידמען זייער פּען יענעם פאַרשניטענעם ייִדישן לעבן — ווער מיט זכרונות, ווער מיט דערציילונג, ווער מיט ליד. יעדער איינער פון זיי האָט וואָס צו זאָגן, צו פאַראייביקן, צו דערמאָנען און פאַרפּיסקירן פאַר דורות.

פאַרשטייט זיך, אַז וועגן דעם דאַרף זיך אויך אָפּגעבן אַ חשבון די יידישע געזעלשאַפט — אין דער ערשטער ריי דער אַקטיוו פון דער געזעל־שאַפט, ווו די שרייבער פון דער שארית הפליטה קומט אויס צו דערפילן זייער לעבנס־מיסיע.

דער אמתער שרייבער, דער שרייבער מיט אחריות, האָט תמיד דעם באַוווסטזיין, אַז ער איז נישט קיין פריוואַט־מענטש (כאָטש צו זיין אַ פריוואַט־מענטש און זאָרגן בלויז פאַרן אייגענעם גוף און נשמה איז אַ סך לייכטער און אַ סך באַקוועמער...). דער פאַראַנטוואָרטלעכער שרייבער ווייסט, אַז ער געהערט דעם פאָלק; אַז ער דינט זיין דור און — אויב ער איז עס ווערט און איז דערצו זוכה — אויך די דורות, וואָס נאָך אים.

און ווייל איז דעם יעניקן שרייבער, וואָס לעבט אין אַ סביבה און אין אַ געזעלשאַפט, וואָס פאַרשטייט און שאַצט אָפּ דעם שרייבערס מיסיע. עס פייניקט אים נישט דאָך די ווייטאָגדיקע פראַגע: „למי אני עמל?״ ס'איז אים דאַן לייכטער צו טראָגן דעם ס'רוב געגנוג־שווערן עול.

ווען עס רעדט זיך וועגן פאַראייביקן אונדזער טראַגישע תקופה, וועגן שטעלן אַ דענקמאָל אַ פאַרשווונדענער עפּאָכע, דאַרף באַטאָנט ווערן:

פאַרן יידישן שרייבער אין דער איצטיקער צייט שטייט די גרויסע אויפגאַבע צו העלפן שאַפן אַ גייסטיקן מאָנומענט.

עס זיינען פאַראַן אויך אַנדערע אידייען וועגן אַ דענקמאָל:

אין פאַריז, למשל, האָט דער זייער ענערגישער, איניציאַטיוו־רייכער יצחק שניאורסאָן אונטערגענומען אַן אַקציע אויפצושטעלן אין דער וועלט־שטאָט אַ מין מאַוזאָליי — אַ „קבר פון אומבאַקאַנטן יידישן מאַרטירער״.

אין ישראל ווידער האָט מען זיך גענומען פלאַנצן אַ „יער הקדושים״ — אַ וואַלד פון זעקס מיליאָן ביימער, וואָס זאָלן סימבאָליזירן אונדזערע זעקס מיליאָן קדושים.

ביידע פראָיעקטן זיינען שיין און אימפּאָזאַנט אין פאַרנעם. אָבער דער שענסטער, דער דויערנדיקסטער און גלייכצייטיק דער יידישלעכסטער דענקמאָל איז דער ספר, די מגילה, דאָס ליד, וואָס וועט דערציילן פאַר די קומענדיקע דורות דאָס טרויעריקע און וואָרע מעשהלע וועגן אומקום פון מיליאָנען... וועגן אומקום — אָבער אויך וועגן יידישער העראָיק. דאָס דאָזיקע קאַפּיטל — דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ — איז נאָך

אין דער ייִדישער ליטעראַטור ווייניק געקומען צום אויסדרוק. איך מיין אין דער בעלעטריסטיק. היסטאָרישע אַרבעטן, דאָקומענטאַציע איז שוין פאַראַן לרוב.

עס פעלט אונדז אַפילו נישט קיין פאַרטייִישע דאָקומענטאַציע, איך מיין יענע טענדענציעזע געטאָ־דאָקומענטאַציע, וואָס ווערט פאַבריצירט פון געוויסע פאַרטיי־דאָקטרינערן, מיט פאַרשידענע באַלייכטונגען און מוסר השכלס... יעדע פאַרטיי וויל אַרויסהויבן פאַר דער געשיכטע אירע העלדן, אירע מאַרטירער.

די ייִדישע הערויִק וואַרט נאָך אויף דעם גרויסן מייסטער פון וואָרט, אויף דעם גרויסן דיכטער. יעדע ליטעראַטור פאַרמאָגט איר עפּאָס, אירע „אילִיאַדאַס" און „אָדיסייעס". לאָמיר האָפן, אַז אין דער דיסטאַנץ פון צייטן וועט נאָך קומען יענער גאָט־געזאַלבטער וואָרט־קינסטלער, וואָס וועט ווי געהעריק פאַראייביקן יענע דערהויבענע מאָמענטן פון ייִדישער הערויִק און קידוש־העם.

דאָס זעלבע קען, אגב, געזאָגט ווערן וועגן די ייִדישע גבורים אין מדינת ישראל, ווו ייִדישע בחורים און מיידלעך האָבן געקעמפט און באַזיגט פיינטלעכע אַרמייען פון גאַנצע זיבן אַראַבישע מלוכות. אויך אין ישראל איז נאָך דערוויַיל נישט אָנגעשריבן געוואָרן יענער גרויסער עפּאָס פון גבורה און קדושה. מיט דער צייט וועט עס אוודאי קומען.

**
*

איך קער זיך אום צו דעם, מיט וואָס איך האָב אָנגעהויבן: וואַנדערונגען.

די גרופּע ייִדישע שרייבער, וואָס וואַנדערן אויס פון פּאַריז, וועלן זיכער אין ערגעץ נישט געפינען זייער אַמאָליקע היים, וואָס זיי האָבן פאַר־לוירן, וואָס ליגט ערגעץ אין די חרובע געטאָס, אין די קופּעס ציגל. די שרייבער טראָגן אָבער אין זייערע הערצער און נשמות די גרויסע נאָס־טאַלגיע נאָך דעם אַמאָליקן פאַרשניטענעם לעבן, און דאָס וועט זיי אָנרעגן און באַפרוכפּערן צו אַ גייסטיקן המשך.

אַ גאָר דערהויבענעם ביישפּיל דערצו, אין גאָר אַ גרויסן פאַרנעם, האָבן מיר שוין אַמאָל געהאַט אין אונדזער געשיכטע — יבנה!

אפשר וועט נאָך אין רעזולטאַט פון די לעצטע ייִדישע וואַנדערונגען אויך אונדזער דור באַשערט זיין צו שאַפן כאָטש אַ קליינע, אַ באַשיידענע, זאָל זיין כאָטש אַ מיניאַטור פון יבנה?

הלוואי!

ב. איירעס, 1952

# די טראַגישע מגילות

(אויפן ראַנד פון אַן אייגענעם בוך) *

זינט דער פאַטאַליסטישער דאַטע „1939" איז די ייִדישע ליטעראַטור אין אַלע אירע זשאַנערן געוואָרן על פּי רוב אַ דאָקומענטאַרע און מעמואַריס־טישע. סיי אין דער קינסטלערישער פּראָזע און סיי אויך אין דער דיכטונג זיינען אַריינגעוועבט די בלוטיקע פעדים פון דער טראַגישער צייט. דער ייִדישער דיכטער איז געוואָרן אַ מקונן און דער פּראָזאַיִקער — אַ מגילה־שרייבער. דער ייִדישער דיכטער האָט אַראָפּגעגנידערט פון זיין עלפאַנט־ביין־טורעם און ער האָט זיך דערזען פאַרן מוראדיקן אָפּגרונט... צווישן חורבות און קברים... מיטן בלוט פון זיין אייגענעם האַרץ און מיטן בלוט פון זיין אויסגעהרגעטן פאָלק האָט ער אָנגעהויבן אויסקלאָגן דעם נייעם „איכה"; האָט ער אָנגעהויבן פאַרצייכענען די נייע טראַגישע מגילה פון חורבן און אומקום — — —

**
*

אין דעם אַריינפיר צו „קנעכט זיינען מיר געווען" זאָגט זיך צוו"אַנד, אַז מיטן איבערגעבן די דאָזיקע טראַגישע מגילה דער עפנטלעכקייט פיל איך זיך באַפרייט פון אַ שרייבערישן נדר; אַ נדר, וואָס איך האָב געגעבן זיך אַליין און מיינע אַחים לצרה אין דעם עמק הבכא פון סאָוויעטישן קאָנ־צענטראַציע־לאַגער: צו דערציילן דער וועלט! צו דערציילן דער ברייטער עפנטלעכקייט וועגן דעם שרעקלעכסטן מאָנסטער, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן דורך דעגענעראַטן און סאַדיסטן פון פאַרקריפּלטן און געשענדעטן סאָציאַ־ליזם.

* געלייענט אויפן באַערונגס־אָוונט אין „שרייבער־פאַראיין ה. ד. נאָמבערג" לכבוד דעם דערשיינען פון מיין בוך „קנעכט זענען מיר געווען" אין פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום".

יאָ, איך פיל מיך איצט באַפרייט פון דעם נדר. דאָס בוך איז אָנגע־שריבן און פאַרעפנטלעכט. באַפרייט איז אָבער נישט דער געוויסן פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, ווייל דער דאָזיקער הימלשרייענדיקער איבל גופא — די קאָנצלאַגערן — דויערט נאָך כסדר, האַלט נאָך ווייטער אָן, ווי אין די אַלטע גוטע בעריעס און סטאַלינס צייטן; ווייל מיליאָנען, מיליאָנען קנעכט טראָגן נאָך ווייטער דעם יאָך אין די פאַרוואָרפענע קאַלטע, שנייִיקע טייגעס אָן אַ סוף, אָן אַן אויסוועג...

און עס טראַכט זיך: פון איין זייט האָט די מענטשהייט אַזוי ווייט אַוואַנ־סירט — אין דער טעכניק, אין דער וויסנשאַפט, אין דער קונסט; אָבער פון דער צווייטער זייט איז די וועלט צוריקגעגאַנגען און געזונקען אין איר מאָראַל. די בעסטע ראיה אין אונדזער טראַגישן דור — דער היטלערישער ברוינער נאַציזם און די סאָוויעטישע רויט־געשלייערטע דיקטאַטור. דער ערשטער האָט זיין שגעונדיקע בעסטיאַלישקייט מאַניפעסטירט אָפן, אָן אַ מאַסקע. פאַר די אויגן פון דער וועלט האָט ער קאָנסטרויִרט זיינע „טויט־פאַבריקן", אין האַרץ פון אייראָפּע, און פאַרגאַזט, פאַרברענט אַ דריטל פון אונדזער פאָלק.

דער סאָוויעטישער מאָנסטער האָט זיינע בלוטיקע מעשים פאַרשלייערט מיט אַ רויטן נעפּל; האָט זיינע מעשים תּעתּועים כּסדר פאַרשטעלט, אונטער „פּראָגרעסיווע" לאָזונגען, דורך אינסצעניזירטע „משפּטים" איבער יחידים, אָדער דורך געהיימע דעקרעטן פון „אָסאָווע" — „אָסאָבאָיע סאָוויעשטשאַ־ניע" (ספּעציעלער ראַט אין מאָסקווע) וועגן מאַסן־פאַרשיקונגען אין מיליאָ־נען־מאַסשטאַב...

אויב אין די דייטשישע גאַז־קאַמערן איז דער טויט געווען אַ באַלדי־קער, איז דער טויט פאַר די מיליאָנען אין די סאָוויעטישע לאַגערן אַ לאַנגזאַמער, אַ לאַנג־דויערנדיקער. אַזוי דויערנדיק, אַז אַ סך קרבנות קאָנען זיך קוים אויף אים דערוואַרטן ווי אויף אַן „אויסלייזונג"...

וועלכע שחיטה איז אַ בעסערע, אַ „הומאַניטאַרערע"? דאָס איז שוין אַ געשמאַק־זאַך...

איינער פון די אָפּשאַצער פון „קנעכט זיינען מיר געווען" — דער דיכטער און עסייִסט א. אַלמי — האָט אין אַ ניו־יאָרקער וואָכנשריפט געמאַכט אַ כאַראַקטעריסטישע אַנאַלאָגיע צווישן אַמאָל און היינט:

„אַמאָל האָט אַ פאַרברעך איבער איין ייִד — איבער דעם יידישן קאָפּי־

טאָן דרייפוס — אַרויסגערופן אַזאַ שטורעם פון פּראָטעסטן אין דער וועלט! דאָס מענטשלעכע געוויסן האָט נישט גערוט. עמיל זאָלאָס „זש׳־אַקיוז!״ קלינגט נאָך עד היום אין אַלעמענס אויערן. פראַנקרייך איז דאַן צעריסן געוואָרן צווישן דרייפוסאַרן און אַנטי־דרייפוסאַרן. רעגירונגען זיינען גע־פאַלן. די וועלט האָט געשטורעמט.

„און אַן אַנדער ייִד — מענדל ביילים — איז אין קיִעוו פאַרשפּאַרט געוואָרן אין תפיסה איבער אַ בלוט־בילבול — און וואָס פאַר אַ מעכטיקער אויסגעשריי פון אַלע זייטן. די צאַרישע רעגירונג פון דער גרויסער רוס־לענדישער אימפּעריע איז געשטאַנען אָנגעקלאָגט פאַר דער גאַנצער ציווי־ליזירטער וועלט. דאָס מענטשלעכע געוויסן האָט געקלאַפּט אין די טויערן פון דער קיִעווער טורמע, ווו מענדל ביילים איז געזעסן. אַ זשורי פון אומ־וויסנדיקע פויערים האָט זיך נישט גערעכנט מיטן ווילן פון קייזערלעכן הויף, פון הייליקן סינאָד און פון דער גאַנצער כאַליאַסטרע פּינצטערע פאַרשוינען אין מונדירן מיט מעדאַלן — און באַפרייט דעם אומשולדיקן ייִד״.

און היינט? אין אונדזער דור? — דער דור פון דייטשישע גאַז־קאַמערן, פון קרעמאַטאָריעס? וואָס האָט די וועלט געטאָן, בעת מ׳האָט אויסגעשאָכטן אונדזערע זעקס מיליאָן ברידער און שוועסטער, טאַטעס און מאַמעס?

און וואָס טוט די וועלט איצט, זיך צוקוקנדיק צום עמק הבכא פון די סאָוויעטישע קאָנצלאַגערן, ווו עס לעשן זיך פּערמאַנענט מיליאָנען מענטש־לעכע לעבנס?

אדרבא, מיט די „נאָבעלע לייט״ פון קרעמל, וואָס טראָגן, ווען מען דאַרף, אויך צילינדערס און ווייסע הענטשקעס — זיצט מען ביי דיפּלאָ־מאַטישע „רונדע טישן״, מען אונטערהאַנדלט. מען מאַכט מיט זיי משא־ומתנס אאַז״וו.

איז פרעגט זיך: ווו האַלטן מיר עפּעס מיט אונדזער בידנער וועלט? גייט זי פאָרויס, אָדער, אדרבא, זי זינקט אין שאול־תחתיה?

אמת, די ציוויליזאַציע איז שטאַרק געשטיגן, זי מאַכט כסדר ריזן־פאָרשריט. אָבער נישט אין דער ריכטונג פון מענטשלעכן וווילזיין, צו ברענגען גליק דעם מענטשן אין זיין קורץ־שווינדנדיקן לעבן, נאָר גראָד פאַרקערט, לרעה דעם מענטשן, צו מקצר זיין זיינע יאָרן, כהרף־עין, דורך אַטאָמען און הידראָגענען. די מאָראַל פון דער וועלט איז געפאַלן, געזונקען

גאָר נידעריק, און זי מעג זיך שעמען פאַר די פאַרגאַנגענע צוריקגעשטאַנענע דורות.

עס זיינען נישט גערעכט די ווּיסנשאַפטלער, ווען זיי פּרווון דערקלערן מיט דער טעאָריע וועגן מאַסן־פּסיכאָלאָגיע די רויִקע אָדער גלייכגילטיקע באַציִונג פון דער וועלט צו גענאָסיד — צו די שחיטות אין מיליאָניקן פאַרנעם.

ס׳איז טאַקע אמת, אַז אַנדערש ווירקט דער טויט פון אַ יחיד אין אַ בעט, אין אַ היימישן אַמביענט, און אַנדערש ווירקט דער טויט אויף אַ שלאַכט־פעלד, ווען דו זעסט פאַר די אויגן נישט איינעם, נאָר טויזנטער צעזייטע הרוגים. די פילבאַרקייט ווערט דעמאָלט אָפּגעטעמפּט אין אַ גרויסער מאָס. אָבער פּסיכאָלאָגיע איז איינס און מענטשלעכער געוויסן איז עפּעס אַנדערש. פאַרן מענטשלעכן געוויסן איז איין מאָרד — איין פאַרברעך און מיליאָנען מאָרדן — מיליאָנען פאַרברעכנס! און דער משפט פון דער געשיכטע ווייס נישט פון מידת הרחמים. זי ציילט, ציילט די אַלע פאַרברעכנס און פאַרשרייבט. מנא מנא תקל ופרסין...

מוזן מיר זיך טרייסטן און וואַרטן אויפן בעסערן מאָרגן, אויפן מאָרגן פון די גערעכטע, אויפן באחרית הימים, ווען אַזעלכע אַכזריותן — סיי מצד „ברוינע" מטורפע סאַדיסטן, סיי מצד „רויטע" פייניקער — וועלן בלייבן אין זכרון פון די דורות ווי אַ פינצטערער קאָשמאַר!

און הלוואי זאָל ער שוין קומען וואָס פריִער, דער ליכטיקער מאָרגן. די פאַרמאַטערטע מענטשהייט איז שוין איבערגעזעטיקט פון גרויל און רציחה.

וואָס וועט טראַכטן וועגן אונדזער טראַגישן דור דער מענטש פון באחרית הימים?

ווען ער וועט בלעטערן די מגילות פון אונדזער חורבן־ליטעראַטור; ווען ער וועט זיך באַקענען מיט די בלוטיקע קאַפּיטלען וועגן די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס, צי וועגן די סאָוויעטישע קאָנצלאַגערן; אָדער וועגן די טאָטאַלע דערשיסונגען פון יידישע שרייבער און אינטעלעקטואַלן — דעמאָלט וועט דער מענטש פון בעסערן מאָרגן באַצייכענען אונדזער תקופה: „די תקופה פון קאַניבאַלן".

און ס׳איז אַ גרויסער, גרויסער ספק, צי עס וועלן כאָטש זיין, פון דער אַנדער זייט, אויך גענוג מעשים טובים און זכות אָבות אין אונדזער סדומישער תקופה, וועלכע זאָלן קאָנען אַראָפּוועגן אויף דער וואָגשאָל פון גערעכ־

טיקייט און ברענגען אונדזער טראַגישן דור כאָטש אַ מינימום רעהאַבילי־טאַציע.

סיידן אונדזער דור גופא וועט זיך נאָך קאָנען דערהויבן צו העראָישע מעשים — אין דער געשיכטע זיינען מעגלעך סיורפריזן — און מיר וועלן נאָך אין אונדזערע יאָרן זוכה זיין צו זען די וועלט אַ באַפרייטע פון אַלדאָס בייז.

און ערשט דעמאָלט וועט אויך קומען די רעהאַביליטאַציע פון מענטשן־מין.

און דעמאָלט וועט אויך אונדזער ליטעראַטור אויסטאָן אירע אָבל־קליידער און יידישע פּאָעטן און פּראָזאַיקער וועלן מער נישט שרייבן קיין קינות און קיין בלוטיקע מגילות.

ב. איירעס, מאַי, 1957

# דער טרויעריקער פינאַל

(צום 10טן יאָרצייט נאָך די פאַרטיליקטע סאָוו.־יִדישע שרייבער)

10 יאָר זיינען שוין פאַרביי זינט יענעם טרויעריקן פינאַל פון דער טראַגעדיע, וואָס עס האָט דורכגעמאַכט די יִדישע ליטעראַטור אין סאָוויעט־רוסלאַנד. שוין 10 יאָר פאַרביי זינט דעם 12טן אויגוסט 1952, ווען אין די קעלערן פון נ.ק.וו.ד. האָבן ביקסן־זאַלפן איבערגעריסן די לעבנס פון די שענסטע וואָרט־מייסטערס פון דער סאָוויעטיש־יִדישער ליטעראַטור, פון אירע בעסטע און גרעסטע פּאָעטן און פּראָזאַיִקער.

10 יאָר נאָך זייער צעשיסונג; אָבער שוין 14 יאָר זינט זייער פאַרשטומט ווערן. שטום געמאַכט, צעשיקט אין די תפיסות און לאַגערן האָט מען זיי נאָך אין 1948.

דער געדאַנק האָט זיך שוין אַ ביסל צוגעוווינט צו דער דאָזיקער טראַגעדיע; אָבער דאָס האַרץ וויל נישט און קאָן נישט שלום מאַכן מיט דעם ווילדסטן פאַרברעכן פון אַ לעגאַלער מאַכט! אייביק וועט דאָס פאַר־גאָסענע בלוט שרייען פון דער ערד...

אויב יענע מאַניאַקן־רוצחים זיינען שוין נישטאָ איצט אינעם לאַנד פון דער באַנקראָטירטער גאולה — זיינען אָבער נאָך געבליבן דאָרט געטרייע יורשים, וועלכע זיינען ווייטער ממשיך מיט התמדה דעם חרם אויף יִדיש און אויף אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו יִדישער קולטור: ליטע־ראַטור, טעאַטער, שול, פּרעסע וכדומה. דער גייסטיקער גענאָסיד איבער דריי מיליאָן יִדן גייט ווייטער אָן גאָר אָן שום בושה פאַר אַ וועלט!

***

דער 10טער יאָרצייט נאָך די אומגעבראַכטע יִדישע שרייבער אין סאָוויעט־רוסלאַנד איז אייגנטלעך נאָר אַ סימבאָלישער יאָרצייט, וואָס איז

כולל אַ סך, אַ סך אַנדערע יאָרצייטן. ווייל נישט נאָר דעם 12טן אויגוסט 1952 האָט מען אומגעבראַכט אין רוסלאַנד ייִדישע שרייבער. ייִדישע פּען־מענטשן, אינטעלעקטואַלן, קולטור־טוער און וואָרט־זאָגער האָט מען גע־שטעלט „צום ווענטל" אין נאָך אַ סך, אַ סך אַנדערע דאַטעס בעת די פֿאַר־שיידענע „רייניקונגען", אָדער אין עקסטרע אינדיווידועלע פֿאַלן, אָפּהענ־גיק פֿון די פּוריע־אַטאַקעס פֿון די רויטע גרויס־אינקוויזיטאָרן, מיט דעם פֿאַראַנאָיִקער־גרוזין בראש. די טונקעלע קאַזעמאַטן אין די פֿאַרשיידענע תּפֿיסות פֿון דער „נ.ק.וו.ד." זיינען געווען שטומע עדות פֿון די עקזעקוציעס איבער משה קולבאַק, איזי כאַריק, מאַקס עריק, ד״ר ישראל צינבערג, זעליק אַקסעלראָד, זלמן רייזען, אַדוו. יוסף טשערניכאָוו (דניאלי), ד״ר יהושע גאָטליב, ראַבינער פֿון וואַרשעווער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקיע פּראָפּ. משה שאָר, די אַרבעטער־טוער העניק ערליך און וויקטאָר אַלטער און פֿיל, פֿיל אַנדערע הונדערטער, הונדערטער קרבנות פֿונעם ממשלת זדון.

אַזעלכע יאָרצייטן אין רוסלאַנד פֿעלן נישט, און ספּעציעל נאָך ייִדישע שרייבער, נאָך ייִדישע אינטעלעקטואַלן. אַזעלכע יאָרצייטן וואָלטן געקאָנט געפּראַוועט ווערן אַלע טאָג. עס וואָלטן קיין בלעטלעך אין קאַלענדאַר נישט געקלעקט...

און אויב מען פּראַוועט יאָ אַמאָל אַ יאָרצייט — פּראַוועט מען עס דאָ, אויף דער זייט, אין דער פֿרייער וועלט. דאָרט, אין סאָוויעט־רוסלאַנד, פֿאַרשטייט זיך, קאָן נישט געמאָלט זיין מ׳זאָל פּראַווען יאָרצייטן; אדרבה, די יאָרצייטן ווערן אָפּגעווישט, אָפּגעמעקט, אַרויסגעריסן פֿון זכרון — ווי גאָרנישט געווען...

אַפֿילו אין דעם פֿאַל פֿון דער קאָלעקטיווער שחיטה פֿון די ייִדישע שרייבער דעם 12טן אויגוסט 1952 איז דאָרט נישט שייך קיין יאָרצייט. שוין נאָכן מודה־זיין זיך פֿון כרושטשאָוון אויפֿן פּלענום פֿון 20סטן צוזאַ־מענפֿאָר פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי; שוין נאָכן אַרויפֿוואַרפֿן די שולד פֿאַרן אומשולדיק פֿאַרגאָסענעם בלוט אויף זיינע פֿריִערדיקע חברים לדעה סטאַלין און בעריאַ — קאָן דער איצטיקער מושל פֿון קרעמל ביי זיך נישט פּועלן אַרויסצוגעבן אַן עפֿנטלעכע דערקלערונג וועגן די אַלע מאָרדן פֿון די ייִדישע שרייבער און קינסטלער; צו דערציילן דער עפֿנטלעכקייט ווו, ביי וועלכע אומשטענדן זיינען זיי אַלע דערשאָסן געוואָרן; ווו עס געפֿינען זיך די קברים פֿון דוד בערגעלסאָן, פֿון פּרץ מאַרקיש, פֿון איציק פֿעפֿער,

פון נסתּר, פון קוויטקאָ, פון פּראָפּ. נוסינאָוו און פון אַלע אַנדערע ייִדישע דיכטערס, ייִדישע וואָרט־מייסטערס.

און דאָס איז אין גרונט אַלץ דערפֿאַר, ווייל אויך ביי די איצטיקע סאָוויעטישע מושלים מיט כרושטשאָוון בראש איז דאָס געוויסן נישט ריין. האָבן דאָך די איצטיקע האַרן פון קרעמל נאָך אַלץ נישט אַראָפּגענומען דעם חרם פון דער גאַנצער ייִדישער קולטור; דערשיינט נאָך עד היום נישט אין אַ מאָסקווע, אין אַ מינסק, צי אין אַ קיִעוו קיין ייִדישע צייטונג; שפּילט נישט קיין ייִדיש טעאַטער; האָט מען נאָך נישט צוריקגעעפֿנט קיין איינציקע ייִדישע שול פֿאַר ייִדישע קינדער וכדומה. די איצטיקע דיקטאַטאָרן זיינען ווייטער ממשיך דעם געגאָסיד איבער דער ייִדישער קולטור.

דער איינציקער „חסד“ מצד דער סאָוויעטן־מאַכט, שוין נאָך דער דעסטאַליניזאַציע, שוין נאָך דעם אַרויסוואַרפֿן פון לענין־מאַוזאָליי די רעשטן פון כרושטשאָווס געוועזענעם חבר — דער איינציקער „חסד“ איז: דאָס דערלויבן אַרויסגעבן עטלעכע ביכלעך פון שלום־עליכם, פּרץ און מענדעלע און לעצטנס די אויסגאַבע פון „סאָוויעטיש היימלאַנד“ — אַן אויסגאַבע, געדרוקט מיט ייִדישע אותיות, אָבער לחלוטין אָן אַ נאַציאָנאַל־ייִדיש פּנים. ס׳איז אַן אויסגאַבע, דער עיקר, פֿאַר עקספּאָרט, אונטערן דרוק פון אויסלאַנד, כדי נאָר צו שיטן זאַמד אין די אויגן...

און וואָס פֿאַר אַ באַדייט האָט דאָס בירא־בידזשאַנער בלעטל אין ייִדיש? ס׳איז אייגנטלעך נאָר אַ קליין, נעבעכדיק ביולעטינדל, וואָס דרוקט איבער מיט ייִדישע אותיות די קאָמוניקאַטן פון דער רוסישער פּרעסע וועגן די קאָלכאָזן און סאָווכאָזן. אָן ייִדישע נײַס, אָן ייִדישן אינהאַלט, אָן ייִדיש לעבן. וואָרים צי איז דען בכלל פֿאַראַן ייִדיש לעבן אין בירא־בידזשאַן? אַ קליינע צאָל ייִדן, וואָס ווערט בטל בששים אין נישט־ייִדישן אַרום. די דאָזיקע פּיקציע האָט שוין לאַנג געפּלאַצט — זי איז נאָר געבליבן פֿאַר די „יעווסעקן“ אין דער וועלט ווי אַ פֿייגנבלעטל, מיט וואָס זיי ווילן פֿאַרדעקן זייער חרפּה.

טאָמער איז געווען אין ייִדישער סעקטאָר — דער רעליגיעזער — וואָס איז אין סאָוויעט־רוסלאַנד באַהאַנדלט געוואָרן מיט אַ ביסעלע איינזען — (אַלץ איבער פּאָליטיק, פֿאַרשטייט זיך...) — האָט עס לעצטנס אויך אָנגענומען אַ דראַסטישע, אַ פֿאַטאַלע ווענדונג: ייִדישע בתּי־תּפֿילה ווערן כסדר געשלאָסן, רעליגיעזע מנהיגים, גבאים ווערן אַרעסטירט, ליקווידירט. טייל פֿאַרשיקט אין לאַגערן, אין תּפֿיסות. כדי דאָס אַלץ צו באַרעכטיקן האָט

מען די אומגליקלעכע קרבנות צוגעטשעפּעט אַ פּאַראַגראַף: פאַר וואַליוטע־שפּעקולאַציע...

די אַלע, וואָס דער גורל האָט זיי מלחמה־צייט פאַרוואָרפן אין סאָוויעטישן „גן־עדן", וויסן זייער גוט די לעכערלעכקייט פון אַזעלכע באַשולדיקונגען.

אויב עס בלאָזן די לעצטע צייט לינדערע ווינטן אין סאָוויעט־רוסלאַנד — פאַר די דריי מיליאָן יידן זיכער נישט... דער אַלט־באַקאַנטער „קראָמע יעווריייעוו"... פאַר יידן גילט נאָך דער אַלטער קורס, וואָס בימי סטאַלין; ווי אין די צייטן פון „פּערזאָנען־קולט".

„פּערזאָנען־קולט" — מיט דעם דאָזיקן תירוץ פאַרענטפערט מען איצט אַלע רציחות, אַלע גרוילן, אַלע צעשיסונגען אין די קעלערן פון די „פיר אותיות" (ווי די פליטים אין סאָוויעט־רוסלאַנד האָבן גערופן די „נ.ק.וו.ד.").

**
*

ווען מיר קוקן רעטראָספּעקטיוו אויף די פאַרלאָפענע סאָוויעטישע יאָרן, זעען מיר, אַז די פאַרניכטונג פון דער יידישער קולטור איז געקומען ביסלעכווייז, בהדרגה. זי האָט דורכגעמאַכט אַן עוואָלוציע — ביז עס איז אָנגעקומען דאָס יאָר 1948, דאָס יאָר פון טאָטאַלער ליקווידאַציע, און נאָך דעם — דער טראַגישער, צעשמעטערנדיקער פינאַל אין 1952.

דאָס „וואָרט" האָט באַקומען די פאַרבלוטיקטע האַק...

און ביז 1948? איז דען אין סאָוויעט־רוסלאַנד כאָטש איין מאָל געווען אַ נאָרמאַל־מענטשלעכער קלימאַט, אין וועלכן קינסטלער האָבן זיך געקאָנט פריי אויסלעבן, אָן דרוק פון אויסן?

קיין מאָל איז אַזאַ פּעריאָד נישט געווען. דאָרט האָט תמיד די שרייבער געפעלט דער הויפּט־באַדינג, וואָס אָן דעם איז נישט מעגלעך קיין שום שעפערישער לעבן — די פּערזענלעכע פרייהייט פון קינסטלער. נאָר אויף אָט דער באַזע, נאָר אויף דעם פרייען באָדן קאָן זיך אַ שרייבער, אַ דיכטער — ווי בכלל די קונסט — אויסלעבן, געדייען, צעשפּרייטן די פליגל. אָן פּערזענלעכער פרייהייט קומט שנעל די ירידה פון שרייבער און מיטן שרייבער אין איינעם זינקט אויך דער ניוואָ פון דער ליטעראַטור: קומט דעגענעראַציע.

אין די ערשטע האָניק־יאָרן נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע זיינען יאָ

געווען קורצע פּעריאָדן פון רעלאַטיוו גוטע אויסנאַמען. דאָס איז געווען די צייט, ווען פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר בילדונג איז געווען דער ליבעראַלער לונאַטשאַרסקי, וועלכער האָט מיט אַ באַזונדערן חסד באַהאַנדלט דאָס ייִדישע טעאַטער, די ייִדישע קונסט בכלל. איז דאָך טאַקע אין זיין צייט אויך מעגלעך געוואָרן דאָס אַנטשטיין פון דער „הבימה". האָבן נאָך אין יענער צייט געווירקט און געשאַפן נישט נאָר ייִדישע, נאָר אַפילו העברעיִשע שרייבער און דיכטער. ס'איז נאָך הימל־ווייט געווען פון חרם און גזר־דין.

ס'איז נאָך אָבער דאַן געווען אַ צייט פון נישט־סטאַבילקייט — סיי בכלל אין סאָוויעטישן לעבן, סיי אין דער ספערע פון ליטעראַטור און קונסט. מ'האָט נאָך קלאָר נישט געוווּסט וווהין די ווינטן וועלן טרייבן די זעגלען...

אין יענעם פּעריאָד איז אין דער רוסישער דיכטונג געווען דער אָפּגאָט וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי. די פּויק האָט פאַרטויבט די צאַרטע פידל. אָנשטאָט די קול־דממה־דקהדיקע געזאַנגען, אָנשטאָט דער שטילער ליריק אין דער רוסישער פּאָעזיע איז געקומען די פּראָקלאַמאַציע. די פּראָקלאַמאַציע האָט זיך אַריינגעריסן אין ליד, אין דער פּאָעמע. אויפן מוסטער פון מאַיאַקאָווסקין האָט זיך צערוישט אויף הויכע טענער אויפן סאָוויעטישן פּאַרנאַס אַ גאַנצע ריי אַנדערע דיכטער און מיט זיי איז אויך מיטגעריסן געוואָרן אַ היפּשער טייל פון די ייִדישע פּאָעטן. מען האָט נישט געוואָלט זיך אויסשליסן פון אַלגעמיינעם כאָר. ווער פון די ייִדישע און העברעיִשע שרייבער עס האָט געקוקט מיט ניכטערע אויגן אויף דעם יאָרידל, איז אַוועק אויף יענער זייט גרענעץ (מען האָט נאָך דאַן געקאָנט)). ביאַליק האָט זיך דער ערשטער אַרויסגעכאַפּט, דאַן דוד פרישמאַן, י. י. זינגער, ז. סעגאַלאָוויטש, קאַגאַ־נאָווסקי, בראָדערזאָן און אַנדערע.

אויף אַ געוויסער צייט האָבן אויך פאַרלאָזט סאָוויעט־רוסלאַנד דוד בערגעלסאָן און פּרץ מאַרקיש. בערגעלסאָן איז אַוועק קיין בערלין און „געפּראָוועט טיש" אין „ראָמאַנישעס קאַפיי", און מאַרקיש האָט אַ רויש געטאָן אין פּוילן. מאַרקיש האָט אין וואַרשע אָנגעצונדן אַ קליינע גרופּע דיכטער, פאַר וועלכע ער איז דערשינען מיטן „צילינדער אויף די פּיס"... צו לאַנג האָט אָבער דער דאָזיקער פּעריאָד נישט געדויערט. נישט נאָר אין וואַרשע — אויך אין מאָסקווע האָט זיך אין דער פּאָעזיע דער שוים אָפּגעזעצט. עפּעס נישט קיין גינסטיקע פּאָליטישע ווינטן האָבן אַ בלאָז געטאָן. מאַיאַקאָווסקי האָט פאַרענדיקט מיט אַ קויל אין קאָפּ. מיט אַ קויל

אין קאָפּ האָט אויך פאַרענדיקט דער אייגנאַרטיקער צעכראַסטעטער פּאָעט סערגיי יעסענין.

און כאַראַקטעריסטיש: אַפּילו לענין איז נישט געווען באַגייסטערט פון די אומנאַטירלעכע עקספּערימענטן איבערן רוסישן פּערז. ער פלעגט אָפן זאָגן, אַז ער האָט מער הנאה פון פּושקינען איידער פון מאַיאַקאָווסקיס קונצן־מאַכעריי.

און ווי עס קריסטלט זיך אַזוי ייִדלט זיך. אויך די ייִדישע פּאָעזיע אין סאָוויעט־רוסלאַנד איז געוואָרן „סטאַטעטשנער", איז אַריין אין נאַטירלע־כערע ראַמען.

צו לאַנג האָט דער דאָזיקער רעלאַטיוו רויִקער פּעריאָד נישט גע־דויערט. נאָך לענינס טויט קומט צו דער מאַכט דער דעספּאָטישער ברייט־וואָנציקער גרוזין. פאַרשיכורט פון זיין מאַכט, מאַכט ער אַלץ און אַלעמען קניִען פאַר זיך, אַפילו די ליטעראַטור. עס הייבט זיך אָן אַ געוועט. איינער שטייגט איבער דעם אַנדערן אין שבחים פאַרן האַר פון קרעמל. אין דער טעמאַטיק פון אַ גאַנצער ריי שרייבער הייבט אָן פיגורירן דער „טאַטע פון די פעלקער" — דער עיקר אין דער דיכטונג.

און דאָ הויבט זיך אָן די אמתע ירידה פון דער ליטעראַטור. דער שרייבער, דער שעפער פאַלט אַריין, ווילנדיק־נישט־ווילנדיק, אין אַן אימ־פּאַס. די פאַרטיי, דער „פאָליטרוק" ווערט דער באַלעבאָס איבער זיין פען. די פּראָדוקציע פון דער „סאָצבאַשטעלונג" האָט דעם איבערגעוויכט אויפן סאָוויעטיש־ליטעראַרישן מאַרק. איבער די קעפּ פון די שרייבער פלאַטערט תמיד דער „שם המפורש": „אָקטאָבער־רעוואָלוציע"... אָקטאָבער־רעוואָלו־ציע — און, פאַרשטייט זיך, „ער, דער גרויסער, דער קלוגער, דער געניאַלער חבר סטאַלין".

געווען אויך יחידים, וואָס האָבן רעוואָלטירט. האָבן בשום אופן נישט געוואָלט און נישט געקאָנט זיך אונטערגעבן דעם דיקטאַט פון די ליטעראַ־רישע „פאָליטרוקן". צו שטאַרק האָט דער פּראָטעסט אַרויסגעשריִען פון זייער דיכטערישן מהות, פון זייער בלוט. נו, זיינען זיי די ערשטע געגאַנ־גען צו דער עקידה. צו אָט די טראַגישע געשטאַלטן געהערן עס משה קולבאַק, איזי כאַריק און אַנדערע. זיכער גייען אויך אַריין אין דער רשימה ד"ר ישראל צינבערג און מאַקס עריק, וועלכע האָבן אַזוי געגלויבט אין דער שרייבערישער הייליקער מיסיע און אַזוי זיך אַנטוישט.

שרייבער האָבן אויף זיך אַרויפגעצויגן אַ מאַסקע און געלעבט ווי מאַראַ־נען. זיי האָבן געשטיקט אין זיך דעם ווייטאָג און — ווען מען האָט געמוזט — גערעדט, און אַמאָל אויך געשריבן, נישט דאָס וואָס זיי האָבן געטראַכט ביי זיך אין האַרצן.

און אוודאי האָט אַפילו אויך איציק פעפער אין האַרצן אויסגעלאַכט די גאַנצע אָדע זיינע, וואָס ער האָט געשריבן צו סטאַלינען: אַז ער איז העכער פון די בערג און ליכטיקער פון דער זון... מער אויפריכטיק איז ער געווען, מער דורכגעדרונגען מיט ייִדישן פּאַטאָס און מיט ייִדישן צער אין זיינע פּאָעמעס „איך בין אַ ייִד" און אין „שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ" (וואָס די רויטע טאָרקוועמאַדאָס האָבן עס שפּעטער, אַפּנים, אַריינגענומען אינעם באַשולדיקונגס־אַקט קעגן פעפערן...).

געווען אָבער מאָמענטן, ווען וויניקסטנס טייל שרייבער זיינען געווען אמתדיק פאַרגלויבט און געלעבט און געשאַפן אין אַזאַ פאַרבלענדטער זיכערקייט.

זינגט דאַן, למשל, אַבאַרבאַנעל (אין זאַמלבוך „סאָוויעטיש"):

ווי גוט איז צו האָבן אַ רויִקע היים,
אַ זיכערע ערד און אַ זיכערן רוים,
אַ רויִקע היים און אַ פעסטונג — אַ לאַנד,
און אַ פירער מיט לויטערן קלאָרן פאַרשטאַנד...

אין זעלביקן זאַמלבוך, וואָס איז דערשינען אין 1939, ד. ה. אין אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זינגט אויך פרץ מאַרקיש אַזוי סאָוויעטיש־פּאַטריאָטיש און אַזוי פאַרגלויבט:

ווייסרוסישע שטעטעלעך טריבע,
ס'איז דערגאַנגען צו אונדז אייער רוף.
אויף אייערע אָרעמע שטיבער
פון פרייהייט די זון גייט איצט אויף.

און ווייטער:

איר האָט אויף דער פרייהייט דערוואַרט זיך
עלנט, פאַרפּייניקט און שטום.
אונדזער לאַנד ווי אַ מאַמע צום האַרצן
נעמט אייך איצטער ווי קינדער אַרום.

ווי איר זעט, באַזינגט עס מאַרקיש די סאָוויעטישע אָקופּאַציע פון פּוילנס ראַנד־געביטן ווי אַן אמתע אידיליע...

און וויפל איינגעגלויבטקייט קלינגט עס ביים ליטעראַטור־קריטיקער פּראָפ׳ י. נוסינאָוו (אויך אין דעם אַלמאַנאַך „סאָוויעטיש״), ווען ער שרייבט וועגן דער סאָוויעטיש־ייִדישער דראַמאַטורגיע און וועגן ייִדישן טעאַטער.

נאָך דעם קוועל־שניט, וואָס ער גיט וועגן די אַלע דערגרייכונגען אויפן טעאַטער־געביט, פאַרכלינעט זיך אַזש נוסינאָוו:

„אַזאַ ייִדישער מלוכהשער טעאַטער האָט געקאָנט געבוירן און דער־צויגן ווערן בלויז אין לאַנד פון סאָציאַליזם. בלויז געכאָוועט דורך דער פּאַרטיי פון לענין־סטאַלין, האָט געקאָנט אויסוואַקסן אונדזער פּילנאַציאָנאַ־לע סאָציאַליסטישע קולטור, וואָס איינער פון אירע גלענצנדיקסטע בנינים איז דער מאָסקווער מלוכהשער ייִדישער טעאַטער״.

זעט אויס, אויך אויף פּראָפ׳ נוסינאָוו איז נישט געפאַלן קיין שאָטן פון צווייפל; אויך ער האָט קיין פאָרגעפיל נישט געהאַט וואָס עס דערוואַרט דאָרט דעם ייִדישן טעאַטער מיט זיינע זיילן שלמה מיכאָעלעס און בנימין זוסקין און אים גופא, נוסינאָוון, זיין באַוווּנדערער...

ביי דעם ערשטן „אָפּנייג״ פון די ייִדישע שרייבער אין דער ריכטונג צום ייִדישן כלל אין דער וועלט — אין ערשטער ריי צו דער אויפגעקומע־נער מדינת ישראל — זיינען פלוצלונג אַלע אילוזיעס צערונען געוואָרן. ס׳איז געקומען די קאַטאַסטראָפע. די שטראָפנדיקע רוט פון „טאַטן פון די פעלקער״, ווען ייִדישע פּאָעטן האָבן אַזוי פיל באַזונגען...

ס׳איז געקומען דער גענאָסיד אויף אַלץ, וואָס איז ייִדיש — אויף לשון, ליטעראַטור אאַז״וו.

אויסגעלאַכט, באַשפּיגן איז געבליבן איציק פעפערס האָפערדיקייט מיט זיין ליד „ייִדיש״, ווו עס זאָגט זיך:

„ס׳האָט די שפּראַך אַ דאַך אַ גרויסן
און אַ פּרעכטיקן אינדרויסן״...

און נישט נאָר די גאַנצע ייִדישע קולטור — אויך זיי, די שרייבער, די פּאָעטן, די פאַרגלויבטע, זיינען פאַרשטומט געוואָרן. די בעסטע, די שענסטע זינגער און באַזינגער זיינען אַוועק מיט די לאַנגע עשאַלאָנען אין די טייגעס, צו די „ווייסע בערן״...

און מיט 10 יאָר צוריק, דעם 12טן אויגוסט 1952, האָט דער מאַניאַק פון קרעמל נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון זיין געוועזענעם פאַרבינדעטן היטלער און געשטילט זיין רציחה אויף יענעמס אופן...

די שענסטע, די גרעסטע שעפער פון דער סאָוויעטיש־ייִדישער ליטע־ראַטור האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס.

און נאָר דערפאַר ווייל זיי זיינען געווען ייִדן...

אַזאַ רציחה מצד אַ לעגאַלער מאַכט פאַרגעסט נישט די וועלט. באַזונ־דערס וועט עס געדענקען דאָס ייִדישע פאָלק.

פאַר אונדז, ייִדישע שרייבער אין די פרייע לענדער, זיינען זיי תמיד געווען ווי טראַגישע ברידער. מיר האָבן זיי פאַרשטאַנען. מיר האָבן זיך דאָס רוב נישט צוגעהערט צו דעם, וואָס זיי האָבן געמוזט אַרויסברענגען בעל־פּה אָדער בכתב, נאָר צו דעם וואָס זיי האָבן געטראַכט אין די שטילע מינוטן, ווען זיי זיינען געווען מיט זיך אַליין. די אַלע קרבנות זיינען מיר מצרף צו די קדושים פון אונדזער טראַגישער גרעסטער עקידה — צו די זעקס מיליאָן. ווייל אויך זיי, אין סאָוויעט־רוסלאַנד, זיינען פאַרשניטן גע־וואָרן נאָר דערפאַר וואָס זיי זיינען געווען ייִדן, און האָבן געוואַגט צו טראַכטן ווי ייִדן, און חלומען ווי ייִדן און אַמאָל אויך זינגען ווי ייִדן...

פאַר אונדז זיינען זיי אַלע קדושים.

לאָמיר זיי אַלעמען דערמאָנען און באַערן ווי קדושים!

ב. איירעס, אויגוסט 1962

# אַ קינסטלערישער סינטעז

דער פּאַריזער מאָלער בען האָט מיר לעצטנס געשענקט אַ מתנה, וואָס האָט מיר שטאַרק אימפּאָנירט. דאָס איז אַ מערקווירדיק אילוסטרירט בוך — אַ בשותּפותדיקע שאַפונג פון אַ פּאָעט און אַ מאָלער.

דאָס פּרעכטיקע בשותּפותדיקע בוך אין אַלבאָם־פאָרמאַט איז אַן עכט־קינסטלערישער סינטעז — אַ סינטעז פון דיכטערישן פערז פון אַ פּאָעט מיט דער קונסט פון אַ מאָלער און גראַפיקער. אין דעם פאַל איז עס אַ גליקלע־כער זיווג.

צוערשט איז, פאַרשטייט זיך, געווען דאָס וואָרט: אַ ציקל פון צען לידער פונעם גוט־באַקאַנטן דיכטער דניאל טשאַרני; דאַן איז געקומען — אויך דער גוט־באַקאַנטער — מאָלער בען מיט זיינע וויזיעס. דניאל טשאַר־ניס לירישע לידער האָבן אויף אַ גלענצנדיקן אופן אינספּירירט דעם קינסטלער בען, וועלכער האָט געגעבן צום רוב פון די לידער אַ פיין פאַר־טיפטע וויזועלע אויסטייטשונג. כמעט אַלע לידער אינעם אַלבאָם זיינען מסוגל צו אינספּירירן אַ קינסטלער. צום בעסטן זיינען בען׳ען געלונגען די צייכענונגען צום ערשטן ליד „דער פינפטער“.

עס איז כדאי צו געבן ווי אַן אילוסטראַציע דאָס גאַנצע ליד (נאָך בעסער וואָלט געווען ווען מ׳וואָלט אויך געקאָנט געבן די אַלע צייכענונגען צום ליד, אָבער...):

קיינער ווייסט נישט דעם אייגענעם סוף,
ווי ער ווייסט נישט דעם אָנהויב פון זיך.
איינער שטאַרבט בנשיקה אין שלאָף,
און דער צווייטער — אין קראַגן און שיך
אונטער בונטער בונטאַרישער פאָן
אָדער גאָר אונטער ראָד פון פאַבריק,
און אַ דריטער אַליין טוט זיך אָן

אויפן האַלדז אַ צוויי־גראָשענע שטריק,
און אַ פערטער — פּאַרטאָג ווערט געקעפּט
מיט די אויגן געווענדטע צו זיך,
און דער פינפטער, וואָס לעבט נאָך און לעבט —
אוי, דער פינפטער, אַפּנים בין איך!
יאָ, דער פינפטער, וואָס טראָגט אָט די שטראָף
פון די טויטן די אַלע — בין איך
און כ׳ווייס נישט מיין אייגענעם סוף,
ווי איך ווייס נישט דעם אָנהויב פון זיך.

בען גיט אונדז אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן, מיט דער קראַפט פון זיין קינסטלערישער וויזיע, זיין אינטערפּרעטאַציע פון די פינפערליי טויטן: דעם טויט „בנשיקה אין שלאָף״, דעם טויט „אונטער בונטער בונטאַרישער פאָן״, דעם טויט „אונטער ראָד פון פאַבריק״, דעם טויט פון איינעם, וואָס „טוט זיך אָן אויפן האַלדז אַ צוויי־גראָשענע שטריק״ און דעם טויט פון איינעם, וואָס „פּאַרטאָג ווערט געקעפּט מיט די אויגן געווענדטע צו זיך״.

אין דאָזיקן מאָטיוו האָבן ביידע קינסטלער זיך גלענצנדיק דערגאַנצט איינער דעם צווייטן. סיי די פערזן פונעם ליד, סיי די צייכענונגען דער־וועקן אין אונדז אַ מיסטעריעזע שטימונג, גלייך ווי פאַר אונדזערע אויגן וואָלט זיך צעוויקלט דער פאַנטאַסטישער סודותדיקער שלייער פון טויט...

פון זעלבן זשאַנער זיינען די לידער און אילוסטראַציעס פון „אלמן־ליד״, „צופוסנס דעם איפל־טורעם״, „שוואַנען־ליד״, „פּופציק יאָר מיינע״.

דער דאָזיקער מזלדיקער זיווג פון דיכטער און מאָלער (אין דעם פאַל —צייכנער) איז אַ ווערטפולער פּרעצעדענס, וואָס קאָן — און דאַרף — אָנרעגן צו אַנדערע ענלעכע זיווגים, — צו נאָך אַנדערע בשותפותדיקע פּרוּוון פון ליד און צייכענונג. בענס צייכענונגען זיינען סובטעלע מפורשים, פיינע קאָמענטאַרן פונעם דיכטערס וויזיעס. זיי העלפן אומבאַדינגט אויך דעם פּרימיטיוון לייענער פון דיכטונג (און גוטע לייענער פון דיכטונג זיינען דאָך פאַראַן ווייניק...) צו דערפילן דאָס דיכטערישע וואָרט און דעם דיכטע־רישן אָטעם, צו דערזען דעם דיכטערס וועלט, וואָס ער שאַפט אין רגעס פון רוח־הקודש.

דניאל טשאַרני איז צום באַדויערן (ווי ער שרייבט מיר פּריוואַט) „אַ שטענדיקער תושב אין דער סאַנאַטאָריע פון אַרבעטער־רינג״ אין ליבערטי (ביי ניו־יאָרק), אָבער נישט קוקנדיק אויף די פיזישע מינוסן אין

זיין געזונט־צושטאַנד, איז דער דיכטער כסדר ליטעראַריש טעטיק און האָט אינטערעס און לעבט מיט אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין דער ייִדישער ליטע־ראַרישער וועלט. לעצטנס איז טשאַרני פאַרנומען מיט שרייבן און אַרויס־געבן עטלעכע בענדער זכרונות.

ביז איצט האָט שוין דניאל טשאַרני פאַרעפנטלעכט העכער אַ צענ־דליק וואָגיקע ווערק: „לייכטע פערזן", „משפחה־כראָניק", „אונטערוועגנס", „באַרג־אַרויף", „אַ יאָר צענדליק אַזאַ", „אויפן שוועל פון יענער וועלט" און אַנדערע; דאָס זיינען לידער און פּראָזע. אין 1939 איז אין פּאַריז דער־שינען דאָס „דניאל טשאַרני־בוך" צו זיין 50־יעריקן יובל. אין 1947 האָט טשאַרני געפייערט זיין 60־יעריקן יובל.

געקומען איז דניאל טשאַרני אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין איר רענעסאַנס־צייט. ער איז געקומען ווי אַ פיינער ליריקער, ווי אַן עכטער ראָמאַנטיקער. אין יענער ראָמאַנטישער צייט איז אויך געקומען דוד איינהאָרן מיט זיינע ראָמאַנטישע לידער וועגן „ווייסע בעריאָזקעס" און „בלאַסע בת־מלכהס". יענער פּעריאָד איז ביי דניאל טשאַרנין פאַרפיקסירט געוואָרן אין ערשטן בוך זיינעם „לייכטע פערזן" (לידער פון 1907 ביז 1918). שפּעטער איז טשאַרני אַריבער צו פּראָזע. אָם נאָענטסטן איז אים אין דער פּראָזע דער מעמואַרן־זשאַנער.

***

ריידנדיק וועגן בענ׳ען דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז דער קינסטלער איז אין די יאָרן, וואָס נאָך דער מלחמה, זייער פּראָדוקטיוו, זייער שעפע־ריש. פאַר דער צייט האָט בען געשאַפן אומצייליקע פּאָרטרעטן, פּייזאַזשן, קאָמפּאָזיציעס, שטיל־לעבנס, צייכענונגען.

אין זיינע לעצטע אַרבעטן איז בען מער פּאַרטיפט. באַפרייט פון פרעמדע איינפלוסן, פון כלערליי שולן און פאָרמולעס, האָט דער קינסטלער געפונען זיין אייגענעם וועג, זיין אייגענעם סטיל. ער איז שטאַרק אויסגע־וואָקסן סיי אין פּאָרטרעט, סיי אין פּייזאַזש און סיי אין צייכענונג. זיינע אייגנאַרטיקע קאָלירן און סובטעלע בין־השמשותדיקע טענער עמאָציאָנירן אונדז, פאַרכאַפּן אונדזער אויג און פירן אונדז אַריין אין קינסטלערס וועלט פון טרוים.

אַ רושם האָט נישט לאַנג געמאַכט אין די קינסטלערישע פּאַריזער

קרייזן בענס אויסשטעלונג פון אַ סעריע פּאָרטרעטן (35) פון די פּראָמי־נענטסטע פראַנצויזישע קונסט־קריטיקער.

די לעצטע צייט אַרבעט בען פליייסיק איבער אַ סעריע פּאָרטרעטן און צייכענונגען פון יידישע פּערזענלעכקייטן: שרייבער, דיכטער, מוזיקער, אַקטיאָרן אאַז״וו. די דאָזיקע סעריע דערגייט שוין צו דער ציפער 100. וועמען זעט איר נישט צווישן די דאָזיקע פּאָרטרעטן? דוד פּינסקי, ה. לייוויק, זלמן שניאור, אָפּאַטאָשו, ז. סעגאַלאָוויטש, מאַנגער, טשאַרני און פיל, פיל אַנדערע.

דעם לעצטן האַרבסט איז בען צוריקגעקומען פון אַ לענגערן וואַקאַנס אין די בערג. כאָטש נאָך אַ דורכגעמאַכטער קראַנקייט, האָט דאָרט בען נישט גערוט. ער האָט געבראַכט פון פראַנצויזישן דרום אַ גאַנצע ריי נייע אַרבעטן — גלענצנדיקע פּייזאַזשן, מיט נייע טענער, נייע פאַרבן. ער האָט מיטגעבראַכט אין זיינע בילדער דעם פראַנצויזישן דרום, אַ רחבותדיקע זון און רחבותדיקע הימלען.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז בען דער צייכענער. ווי אַ צייכענער איז אונדז שוין בען באַקאַנט פון אַ גאַנצער ריי סאָלידע אַרבעטן. אַ פיינעם ציקל יידישע פאָלקלאָר־מאָטיוון האָט ער אונדז געגעבן אין דער זאַמלונג „פון כעלמער שול ביזן אייפל־טורעם״, דערשינען אין פּאַריז אין 1946, אין פאַרלאַג זשאָרזש מארוויט. דאָס זיינען אילוסטראַציעס צו אַ ריי כעלמער מעשהלעך. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ דאָמינירט דער גראָטעסק.

בען האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ זאַמלונג תנ״ך־מאָטיוון א״נ „22 אילוסטראַציעס צו דער ביבל״ (פאַרלאַג פון א. ב. צעראַטע, 1947, פּאַריז). די דאָזיקע צייכענונגען זיינען דורכן קינסטלער געשאַפן געוואָרן אין די קאָשמאַרפולע יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע. ער האָט געאַרבעט איבער דעם אין זיין באַהעלטעניש — אין אַ טונקעלן קעלער, אָן ליכט פון טאָג און אָן לופט... די דאָזיקע צייכענונגען זיינען געווען אַ ווענד־פּונקט אין בענס טעמאַטיק. אין די טעג פון יידישן אומקום און טויט האָט אים געצויגן צו די אַלט־יידישע קוואַלן, צום תנ״ך. און פון יענע טראַגישע טעג, דער עיקר, הויבט בען אָן צו גילטן אַלס יידישער קינסטלער. די פראַנצויזישע קונסט־קריטיק האָט די דאָזיקע תנ״ך־מאָטיוון בענס אויפגענומען מיטן גרעסטן לויב, און נישט אומזיסט: בעת מיר פאַרטיפן זיך אין די דאָזיקע צייכענונ־גען, פילן מיר זיך אַזוי ווי ביי אַ תפילה, טייל פון זיי („עצמות היבשות״

פון יחזקאל, די מאָטיוון פון „רוח ד׳" אין עטלעכע וואַריאַציעס און אַנד׳)ווירקן אויף אונדז באַזונדערס מיט זייער וויזועלער קראַפט, מיט זייער מאַיעסטעטישקייט אין פאַרנעם און שווונג.

פון דער מלחמה־צייט ליגט נאָך ביי בענען אַ ציקל געטאָ־מאָטיוון (אויף טעמעס פון ביאַליסטאָקער געטאָ), אַ גרויסע סעריע (72) צייכענונגען א״ב „מלחמה־קאָשמאַרן". דאָס זיינען נישט קיין ספּעציפיש־ייִדישע, נאָר אַלגעמיינע מאָטיוון, וועלכע דריקן אויס אויף זייער אופן די מלחמה־גרוילן.

איצט ליגט גרייט ביים קינסטלער אַ נייער ציקל צייכענונגען — „חד־גדיא", — דאָס זיינען פיינע אילוסטראַציעס; אַלט־ייִדישע, פאָלקסטימלעכע מאָטיוון. דער צויבער־חן פון די אַלטע ייִדישע „הגדה"־לעגענדעס האָט געפונען ביי בענען אַ קינסטלערישן תיקון.

***

בענס אַטעליע אויף רי דע לאַ גראַט איז אַ רויִק, שטיל ווינקל אויף אַ זיבעטן שטאָק, איבער די דעכער פון פּאַריז. אַז מ׳שטייט אויפן טאַראַס, זעט מען פון אַלע זייטן אַ וווּנדערבאַרע פּאַנאָראַמע פון דער שטאָט, אין וועלכער קינסטלער (און נישט נאָר קינסטלער) זיינען פאַרליבט. אַ ווינקל, וואָס אינספּירירט צו שאַפן. אינעם דאָזיקן ווינקל זיינען פאַראַן אַחוץ אים בלויז נאָך צוויי לעבעדיקע וועזנס: דעם קינסטלערס פרוי גערעאַ (אויך אַ מאָלערין) און... „קליו־קליו" — אַ שטיפערישע, מונטערע, תמיד באַוועגלעכע טויב, גרעאַס ליבלינג. די דאָזיקע טויב (אָדער „קליושעטשקאַ" — ווי גערעאַ פאַרצערטלט איר נאָמען) איז אַפּנים אַ גרויסער קונסט־מבין און איז פאַרליבט אין בענס בילדער... ווייל וויפל זי זאָל נישט אַרומפליען, אַ פאַרשיכורטע און לייכטזיניקע, איבער דער פרייקייט און רחבות, אונטערן פאַריזער הימל, קומט זי תמיד צוריקצושוועבן צו בענען אויפן טאַראַס, ציגאָר אין אַטעליע אַריין, און וואַרקעט אויס איר אַנטציקונג (מסתמא מיט די בילדער...).

עס בלייבט אונדז צום סוף צוצוגעבן, אַז דאָס קינסטלערישע בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט דער הילף פון „ביאַליסטאָקער צענטער אין ניו־יאָרק" און „פריינט פון ביאַליסטאָקער אין פּאַריז" (דורכן פאַרלאַג א. ב. צעראַטע, פּאַריז 1950) — ווי אַ מתנה פון די ביאַליסטאָקער פאַר זייער בן־עיר, דעם אָנגעזעענעם קינסטלער בען (בן־ציון ראַבינאָוויטש) — צום יובל פון זיין 30־יעריקער קינסטלערישער שאַפונג.

פּאַריז, 1951

# דער גייסטיקער אַריסטאָקראַט

דאָס ייִדישע פּאַריז האָט פאַרלוירן זיין גייסטיקע קרוין — דעם שרייבער און עסקן ישראל עפּרויקין.

איינציקוויז גייען זיי אַראָפּ פון דער ייִדישער אַרענע, די שיינע געשטאַלטן, די ייִדישע גאַס ווערט אומעטום אָרעמער.

אויפגעקומען אין די ראָמאַנטישע יאָרן אין אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט, האָט ישראל עפּרויקין איינגעזאַפּט אין זיין נשמה די אַלע שיינקייטן, דעם אידעאַליזם פון זיין צייט, די צייט פון רעוואָלוציאָנערע בלאָנדזשעניש, זוכעניש, חלומות... די נייע ווינטן אין אַלטן צאַרישן רוסלאַנד האָבן מיטגעריסן קודם כל די אינטעליגענץ. די רוסישע אינטעליגענץ — ווי דער אַוואַנגאַרד — איז באַרוישט געוואָרן פון נייע אידייען, פון נייעם גלויבן. דער מערב האָט געלאָקט מיט זיינע דערוואָרבענע פרייהייטן. די אָפּקלאַנגען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבן זיך אין רוסלאַנד צעטראָגן מיט פאַרשפּעטיקונג. אָבער געקומען זיינען זיי פאָרט אַהין, אין די שנייִיקע סטעפּעס פון קאַלטן צפון־לאַנד און ביסלעכוויז הערצער צעגליט...

אויך אויף דער ייִדישער גאַס האָט זיך דערהערט די שטים פון די ייִדישע בעלי־חלומות. איין טייל פון דער ייִדישער אינטעליגענץ איז אַוועק מיט זיי, מיט די גויִים, מיט די רוסישע טרוימער. מיט זיי, צוזאַמען מיט זיי געשפּונען די חלומות פון אַ בעסערן, פון אַ ליכטיקערן רוסישן מאָרגן... אָבער אַן אַנדער טייל פון אונדזער אינטעליגענץ איז געבליבן פאַרעקשנט אויף דער אָרעמער ייִדישער גאַס. די רויִקע בעלי־חלומות פון דער „השכלה"־צייט האָבן זייער רויִקייט פאַרלוירן, זייערע נשמות זיינען פאַרכליניעט געוואָרן פון די נייע רעוואָלוציאָנערע אידייען — טראַנספאָרמירטע און פּרעפּאַרירטע פאַר דער מענטאַליטעט פונעם ייִדישן מענטש. עס איז באַשאַפן געוואָרן באַוועגונג — ייִדיש נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע. עס האָט זיך

אויפגעוועקט מאַסע, גרויע מאַסע, און אין דער דאָזיקער דערוואַכונג פון מאַסע האָט די ייִדישע אינטעליגענץ געשפּילט איר גרויסע היסטאָרישע ראָל. ווי שנעל די אַלע „איזמען״ — די אַלע שאַטירונגען פון סאָציאַליזם און ציוניזם — זיינען געוואָרן אַזוי נאָנט און אַזוי אייגן אויף דער ייִדישער גאַס. ווי שנעל, ווי שנעל — ממש פאַר די אויגן פון אונדזער גענעראַציע, אַ מין קפיצת הדרך אין זמן און אין רוח הזמן. און אויב דאָס איז ביי אונדז אַזוי געווען, איז עס צו פאַרדאַנקען אין דער ערשטער ריי אונדזער פּרעכטיקער אידעאַליסטישער אינטעליגענץ, וועלכע האָט געקאָנט גורם זיין דעם נס פון פאַרגיכערן די טריט פון געשיכטע. ממש פלוצלונג איז עס געשען, וואָס אַ גרויע, פאַראָרעמטע, דערדריקטע מאַסע פון אַ טוניע־יאַדעווקע, פון אַ גלופּסק און אַ קאַבצאַנסק איז בין־לילה אויפגעוואַכט גע־וואָרן ווי אַ געזעלשאַפטלעכער כוח, ווי דעת הקהל, ווי פאָלק מיט באַוווסט־זיין, מיט אידעאַלן און שטרעמונגען, מיט ריכטונגען, שיטות און פּאַרטייען; ווי פאָלק וואָס וייס וואָס עס וויל; וואָס איז מסוגל צו מאַכן זיינע חשבונות וווהין עס פירן די היסטאָרישע וועגן.

אָט פון יענער ראָמאַנטישער עפּאָכע, פון יענער גענעזע איז געקומען ישראל עפרויקין.

נאָך אַ ריי פּאָליטישע גלגולים פון זיין צייט (ער איז פריִער געווען אידעאָלאָג פון „ס. ס.״) איז ער געקומען צום ציוניזם, צו דער פאַזע אין ציוניזם פון דער איצטיקער לאַנד־פּאַרטיי אין ישראל.

אָבער דאָס איז נוגע זיינע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע איבערצייגונגען. אין זיין גייסטיקער וועלט איז ער געבליבן אַן אייביקער זוכער און בלאָנדזשער. זיינען געקומען גלויבונגען און אַנטוישונגען. גלויבונגען אַפילו פון רעלי־גיעזער נאַטור. די אַנטוישונגען זיינען געקומען צו אים אין נשמה צוליבן דריטן ייִדישן חורבן, ווען מענטש האָט דעם צלם אלוקים פאַרלוירן. ווען מענטשלעכער מהות איז געקומען צו אַנטוווערטונג. עפרויקין האָט אַ סך געטראַכט, נאָכגעטראַכט און איבערגעוויטיקט דעם ייִדישן חורבן אין מזרח־אייראָפּע אין די היטלער־יאָרן. די דאָזיקע טריבע מחשבות האָבן געפונען ביי אים אויסדרוק דער עיקר אין זיין ווערק „אַ חשבון הנפש״, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ סך קאָמענטאַרן אין דער ייִדישער וועלט — צופרידענע און אומצופרידענע. עפרויקין האָט געזוכט אַ רעטונגס־ברעט פאַרן ייִדישן מענטש אין דער אַלטער אמונה, אין אַלטער ייִדישקייט — הגם מיט זיין

איירעפּייִישקייט און מענטאַליטעט האָט ער אַליין נישט געקאָנט דינען ווי אַ ביישפּיל פון אַזאַ מין ייִדישקייט... — אַזוי אַז זיינע קריטיקער האָבן זיין נייע ווענדונג באַטראַכט ווי אַ „פאַרשריבענעם רעצעפּט פאַר יענעם, אָבער נישט פאַר זיך"... אין דער הינזיכט האָט זיך ישראל עפרויקין לחלוטין אונטערשיידט, למשל, פון אַ הלל צייטלין. צו הלל צייטלינס רעליגיעזע אָנ־שויוּנגען האָט מען זיך אַנדערש באַצויגן, ווייל צייטלין אַליין איז געווען פרום און פלעגט אַלע טאָג דאַוונען אין טלית און תפילין. צייטלין איז בטבע געווען אַ רעליגיעזער ייִד, אַן אמתער מאמין; דאַקעגן ישראל עפרויקין האָט אַליין דווקא נישט געהערט צו די דאַוונערס.

כ׳געדענק, למשל, עפרויקינס סדר־טיש אין 1951, צו וועלכן כ׳בין פאַרבעטן געוואָרן צוזאַמען מיט ישראל אַשענדאָרפן (ביידע מיטאַרבעטער פון זיין ליטעראַרישער טריבונע — פון „קיום"). דער סדר־טיש איז טאַקע געווען לויטן טראַדיציאָנעלן שטייגער, פּסחדיק סערווירט: מיט מצה, מיט מרור, מיט כרפּס, מיט חרוסת. ככתוב, ווי אין דער „הגדה" שטייט. אָבער אין דער „הגדה" גופא האָט עפרויקין געמאַכט יענעם „קפיצת הדרך"... נישט געווען קיין דאַוונער בטבע. זיין פרומקייט, קאָן מען זאָגן, איז אין גרונט געווען נאָר אַ טעאָרעטישע.

ישראל עפרויקין אין זיין לעצטן פאַריזער פּעריאָד — ווען איך האָב אים פּערזענלעך געקענט — איז געווען מער פּאַרטיפּט אין זיין גייסטיקער וועלט. ער איז געווען ליטעראַריש־שעפעריש און האָט רעאַגירט אין זיין „קיום" אויף אַ ריי אַקטועלע דערשיינונגען אין אונדזער ייִדישער ווירק־לעכקייט. אמת, עס האָט אים אַבסאָרבירט די פּאַרטיי, אין וועמענס אָנפירונג ער איז געווען; די „פעדעראַציע" אויף רי סען־לאַזאַר 29, ווו ער איז געווען ערן־פּרעזידענט; דער וועלט־קאָנגרעס; אַמאָל אויך דער ייִדישער פּען־קלוב (ווו מיר האָבן צוזאַמען מיטגעאַרבעט אין פּרעזידיום), ווו ער איז געווען פאָרזיצער, און נאָך אַנדערע אַקטואַציעס האָבן צוגענומען זיין צייט. אַלע אין פּאַריז — אַלע קרייזן — האָבן געגאַרט אים צו האָבן אין זייער מיט, אין זייער אָנפירערשאַפט. איז ער דאָך אומעטום געווען אַזוי פּאָפּולער, אַזוי חשוב און אָנגעזען. פלעגט ער ווילנדיק — נישט ווילנדיק מוזן באַצירן און באַשיינען אַלע מסיבות, אַלע גרויסע און וויכטיקע אַקאַדעמיעס. אומע־טום פלעגט ער, דער בן־תורה, דער ערודיט, זאָגן פון דער טריבונע זיין וואָגיק, קלוג וואָרט, וואָס האָט פאַרשאַפט כבוד דעם ייִדישן ישוב. נו, און

זיין „אָצעאַניאַ“ (זיין שיף־געזעלשאַפט, זיין פּרנסה... — אויף אַלע ייִדן געזאָגט!...) — זי האָט אים אויך נישט וויניק אַבסאָרבירט און צוגענומען אַ סך צייט.

אָבער געפילט האָט זיך אין זיין לעצטער פּאַזע אַ געוויסע אומגעדולדיקייט, אַ מין איילן זיך, גלייך ווי איינער וואָס האָט מורא פאַר פאַרשפּעטיקונג... צי איז עס נישט געווען די אינסטינקטיווע אַנונג פונעם פאַטאַלן סוף, וואָס האָט שוין געלויערט אויף אים?...

און אין דער דאָזיקער אומגעדולדיקייט און איילעניש האָט זיך ישראל עפּרויקין אוודאי געפילט אַ סך בעסער וואָס ווייטער פונעם פאַריזער טומל, אין זיין שטילער ווילאַ ביי בוא־דע־בולאָן. דאָרט אין די שטילע, פיין־דעקאָרירטע נגידישע חדרים האָט ער זיך געקאָנט פרייער פאַרטיפן אין זיין אייגענער גייסטיקער וועלט, אין זיינע קהלתדיקע שטימונגען, מאַכן זיין חשבון הנפש... מה יתרון לאדם מכל עמלו...

דער טויט, וואָס קומט אַמאָל אומגעריכט, ווי אַ פּלוצלונגדיקע קאַטאַסטראָפע, איז צו עפּרויקינען געקומען מיט פאַמעלעכע טריט. ער האָט אים ביסלעכווייז פאַרצערט. ביסלעכוויז, אָבער אומברחמנותדיק, ווי אומברחמנותדיק עס איז תמיד דער טויט... עס איז געווען אַ לאַנגזאַם שטאַרבן, וואָס פאַרפינצטערט פאַמעלעך אויך די גייסטיקע געוועבן, דעם קלאָרן באַוווסטזיין פון אַ נישט דורכשניטלעכן דענקענדיקן מוח. ווי פיינלעך איז אַזאַ טויט! ווי גרויזאַם עס איז צו דערוואַרטן דעם יום המיתה!

געווען אַ גייסטיקער אַריסטאָקראַט ביי אונדז און — נישטאָ אים מער. חבל!

ב. איירעס, 1954

# מיינע לעצטע „מאָמענט״-קאָלעגן

איינער פון מיינע לעצטע „מאָמענט״-קאָלעגן — מאַרק טורקאָוו — האָט שוין איבערגעשפּאַנט די גרענעץ פון זיקנה.

עס קלינגט פאַר מיר ווי אומגלויבלעך: מאַרק טורקאָוו אַ בן ששים?! דער יוגנטלעכער, דער דינאַמישער, דער אייביק-באַוועגלעכער מאַרק טורקאָוו איז שוין געקומען צו די יאָרן פון זיקנה? אמת, טורקאָווס קאָפּ איז שוין דורכגעוואָרפן מיט שניי; אָבער דער שניי פאַלט נאָך נישט אויף זיין יונגן געמיט.

און ווי אַזאַ יונגן, ווי אַזאַ יוגנטלעכן קען איך אים שוין ביי אַ פיר צענדליק יאָר, — זינט זיין אָנהייב, זינט זיינע ערשטע טריט אין דער זשורנאַליסטיק; זינט ער איז געוואָרן מיין רעדאַקציע-קאָלעגע אין אַמאָליקן וואַרשע, אויף נאַלעווקעס 38 — אין רעדאַקציע „דער מאָמענט״. אין „מאָמענט״ טאַקע איז מאַרק טורקאָוו רייף געוואָרן ווי אַ זשורנאַליסט. דאָרט איז זיין שולע געווען. דאָרט האָט ער געהאַט פון וועמען זיך צו לערנען. געווען דאָרט גוטע רביים. זשורנאַליסטן און שרייבער מיט אַלטן סטאַזש, מיט רוטין פאַר ציייטונגס-אַרבעט.

אָנגעהויבן ווי אַ געזעלשאַפטלעכער רעפּאָרטער, איז טורקאָוו געגאַנגען אויף דעם זשורנאַליסטישן לייטער אַלץ העכער. איז ער דערגאַנגען ביז צום שטאַפּל פון אַ פובליציסט.

אין רעדאַקציע איז מאַרק טורקאָוו געווען פון די רירעוודיקסטע, דינאַמישסטע מיטאַרבעטער. אַז מען האָט געדאַרפט ערגעץ פאָרן אין אַ זשורנאַליסטישער שליחות אין לאַנד אָדער אויסלאַנד, צו אַ צוזאַמענפאָר אָדער ביי אַנדערע וויכטיקע געשעענישן — איז טורקאָוו געווען פון די ערשטע וועמען דער רעדאַקטאָר האָט אָנפאַרטרויט די מיסיע. טורקאָווס אַרבעט-פעלד איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ מער אויסגעברייטערט: פון שטאָט-ראַט, פון געריכט-זאַל ביזן סיים. און דאָרט, אין סיים, אָדער אַפילו אין די

קולוואַרן, האָט זיך אָפּגעשפּילט דער פּאָליטישער געראַנגל פונעם לאַנד. דאָרט באַקענט ער זיך מיט די באַדייטנדיקסטע רעפּרעזענטאַנטן פון דער מלוכה; מאַכט אינטערוויוען מיט מיניסטאָרן וכדומה. אַזוי אַרום איז אויך אויסגעפורעמט געוואָרן סיי זיין זשורנאַליסטישער חוש, סיי זיין געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע אינטואיציע.

פוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות איז געווען אַ קאָכיקער, ברויזנדיקער קעסל. דער קאַמף פון פּאַרטייען, קלאַסן, אידעאָלאָגיעס האָט געברענט אין דער געזעלשאַפט און איז געקומען צום בולטסטן אויסדרוק נישט נאָר אין פוילישן סיים און סענאַט, נאָר אויך אויף כלעריליי אַנדערע פאָרומס. ס׳איז שטענדיק לעבעדיק געווען אויף דער פוילישער גאַס און ס׳איז אויך שטורמיש געווען אין ייִדישן סעקטאָר — אין אַלע זיינע פּאָליטישע ריכטונגען און באַוועגונגען. און פון יענער ברויזנדיקער צייט האָט מאַרק טורקאָוו געשעפּט דערפאַרונג, רוטין אויך פאַר זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אין וועלכער ער איז זייער יונג אַריינגעצויגן געוואָרן. די עלטערע ייִדישע עסקנים מיט סטאַזש האָבן אין טורקאָוון באַלד דערפילט אַ פרישן כוח און מ׳האָט אים מזכה געווען מיט „דזשאָבן״ אין דער אָנפירערשאַפט ביי פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אַקציעס און פאַרמעסטן. אַזוי אַז טורקאָוון קומט אויס צו זיין אַקטיוו נישט נאָר ווי אַ זשורנאַליסט, נאָר אויך ווי אַ רעדנער. אַ רעדנער מיט טעמפּעראַמענט, מיט ברען — אָט אַזוי ווי מיר קענען אים עד היום הזה אויפן אַרגענטינער באָדן.

צום סאַמע זעניט פון אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין פאַרמלחמהדיקן פוילן איז מאַרק טורקאָוו דערגאַנגען אין דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן, ווען דער היטלעריזם אין שכנותדיקן דייטשלאַנד האָט געוויזן זיינע חיהשע ציין און נעגל לגבי דער אָרטיקער ייִדישער באַפעלקערונג און ספּעציעל קעגן די איינגעוואַנדערטע פוילישע ייִדן. עס איז געקומען דאָס טראַגישע קאַפּיטל זבאָנשין. היטלער האָט די דאָזיקע פוילישע ייִדן איבער נאַכט אויף אַ באַרבאַרישן אופן צוריקגעשליידערט איבער דער פוילישער גרענעץ. און די פוילישע רעאַקציאָנערע רעגירונג, פון איר זייט, האָט אין יענעם טראַגישן מאָמענט פאַר אירע ייִדישע בירגער — די קרבנות פון נאַציזם — געוויזן אַ זייער „הומאַניטאַרן זשעסט״: זי האָט זיי צוריק אין פוילן נישט געוואָלט אַריינלאָזן... און אַזוי אַרום איז אין דער גרענעץ־זאָנע, אויף דער פוילישער טעריטאָריע, באַשאַפן געוואָרן דער לאַגער אין זבאָנשין. די חרפּה פון יענע פוילישע מאַכט־האָבער!

דאָס אויפגערודערטע פוילישע יידנטום האָט אויפגעהויבן אַ ויצעקו. די יידישע פּראָטעסטן האָבן פאַרקלונגען נישט נאָר אין לאַנד גופא, נאָר אויך אַריבער די פּוילישע גרענעצן. דאָס יידישע געשריי האָט אַרויסגע־רופן אין דער וועלט אַ זייער נישט גינסטיקן רעזאָנאַנס פאַר פּוילן — און די פוילישע רעאַקציאָנערע מאַכט האָט זיך געמוזט צוריקציִען און די גזירה איז לסוף אָפּגעשריִען געוואָרן.

מאַרק טורקאָוו איז אין יענער דרייסטער יידישער עפנטלעכער קאַמ־פּאַניע געווען אַנגאַזשירט בלב ונפש — סיי ווי אַ זשורנאַליסט, סיי שוין ווי אַן עסקן און האָט מיטגעפיבערט צוזאַמען מיט אַלע יידישע עסקנים; געמאָנט, געפּאָדערט, אַלאַרמירט לטובת די פאַרשטויסענע, די פּלוצלונג־היימלאָז־געוואָרענע יידן, וואָס האָבן איבער נאַכט פאַרלוירן זייער גאַנץ האָב און גוטס און זיינען אַרויס נאַקעט און בלויז; קוים נאָר געראַטעוועט דעם נפש.

עס ווערט דאַן געגרינדעט דער אַנטי־היטלער־קאָמיטעט, וואָס מאַרק טורקאָוו איז געווען איינער פון זיינע איניציאַטאָרן. ער שטעלט זיך בראש פון אַן אינטענסיווער אָפּווער־קאַמפּאַניע. „באָיקאָט קעגן היטלער־דייטש־לאַנד!"... „קויפט נישט קיין דייטשישע סחורות!"... „רייסט איבער אַלע טראַנזאַקציעס מיטן נאַצישן לאַנד!"... — דאָס זיינען געווען די לאָזונגען און דער פּלאַן: כאָטש צוריקשלאָגן היטלער־דייטשלאַנד איבער די קעשענעס. די דאָזיקע אַנטי־היטלער־דייטשלאַנד־קאַמפּאַניע האָט באַלד געפונען אַן אָפּקלאַנג נישט נאָר ביים פּוילישן יידנטום, נאָר אויך ביי די יידן אין אויסלאַנד. אויף אַ יידן, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ווייטער באַציִונגען מיט דייטשישע אינדוסטריאַלן און סוחרים, האָט מען געקוקט ווי אויף אַ בוגד, אַ פאַררעטער, און ער איז אַרויף אויפן שוואַרצן אינדעקס.

ס'איז אַ צו לאַנג און טראַגיש קאַפּיטל און נישט אין די ראַמען פון דאָזיקן אַרטיקל קאָן מען באַרירן אַלע פּרטים פון יענע טראַגישע דערפאַ־רונגען. איך דערמאָן עס נאָר אגב אורחאדיק, כדי צו אונטערשטרייכן, אַז מאַרק טורקאָווס זשורנאַליסטישע און געזעלשאַפטלעכע אַקטואַציעס האָבן הינטער זיך אַ רייכע פאַרגאַנגענהייט. פון יענער וואַרשעווער סביבה — זשורנאַליסטישער און געזעלשאַפטלעכער — האָט טורקאָוו אַ סך געלערנט. פון יענער סביבה און פון יענע היסטאָרישע, טראַגישע געשעענישן...

איך טראַכט איצט: נאָר דער בלינדער גורל האָט, ווי דורך אַ נבואה, אונטערגערוקט אין טורקאָווס אונטערבאַוווסטזיין דעם געדאַנק, אַז ער האָט

נישט מער וואָס צו טאָן אין פּוילן; אַז ער זאָל גלייכער פאַרלאָזן די פּוילישע ערד, ווו קיין גוטס קאָנען שוין ייִדן נישט דערוואַרטן... און טורקאָוו האָט זיך פון זיין נסיעה (שוין דער צווייטער) קיין אַרגענטינע שוין נישט אומגעקערט צוריק קיין פּוילן. אַזוי אַרום איז געראַטעוועט געוואָרן זיין לעבן. דורך אַ גליקלעכן צופאַל האָבן זיך אויך געראַטעוועט זיינע דריי ברידער, די פּראָמינענטע אַקטיאָרן זיגמונט טורקאָוו, יאָנאַס טורקאָוו און יצחק טורקאָוו־גרודבערג (אַלע איצט אין ישראל). הלוואי וואָלט דער בלינ־דער גורל אונטערגערוקט דעם זעלבן געדאַנק אַלע ייִדן אין פּוילן, וואָלטן מיר נישט געהאַט איצט אַזאַ בלוטיקן סך־הכל — — —

***

אָפטמאָל אין אינטימערע שמועסן מיט מאַרק טורקאָוון דערמאָנען מיר מיט נאָסטאַלגיע און מאַכן דעם סך־הכל: ווער אַלץ איז נאָך געבליבן פון אונדזער פאַרצווייגטער „מאָמענט"־משפּחה? באַלד נאָך דעם ווי דער בלוטי־קער מבול האָט זיך געענדיקט, זיינען נאָך, אחוץ אונדזביידן, געווען צווישן די לעבעדיקע: יוסף העפטמאַן (אין תל־אביב), ז. סעגאַלאָוויטש (תל־אביב— ניו־יאָרק; אין תל־אביב האָט ער געלעבט, אין ניו־יאָרק געשטאָרבן), יוסף טונקעל — דער טונקעלער (ניו־יאָרק): פון די ייִנגערע: ל. לענעמאַן (פּאַריז), י. באַרנשטיין (בראַזיל), נ. זילבערבערג (פּאַריז). איצט אָבער זיינען שוין די ערשטע דריי אויפן עולם האמת. אַזוי אַז די פינגער פון איין האַנט זיינען שוין צו פיל צום איבערציילן... און אין „מאָמענט" איז דאָך דער שטאָב פון אינערלעכע רעדאַקציע־מיטאַרבעטער — צווישן זיי די פּראָמי־נענטסטע מיט הלל צייטלין בראש — דערגאַנגען צו אַ פיר צענדליק!

און דערפאַר טאַקע ווייל מיר זיינען די לעצטע פון יענער פאַרצווייג־טער „מאָמענט"־משפּחה זיינען אונדזערע באַגעגענישן אָפטמאָל אויס־געמישט אויך מיט אַ דאָזע טרויער...

***

מאַרק טורקאָוו שטאַמט פון אַ קינסטלער־משפּחה: דריי ברידער, ווי אויבן דערמאָנט, פּראָמינענטע אַקטיאָרן און רעזשיסאָרן; אויך אַ ייִנגערע שוועסטער, הי"ד, איז געווען אַן אַקטריסע. און ער אַליין, מאַרק, איז שיער אויך נישט געוואָרן אַן אַקטיאָר. ער איז אָבער אויסגעוואַקסן אַ קינסטלער אויף אַנדערע געביטן: ווי אַ זשורנאַליסט און שרייבער, ווי אַ געזעל־

שאַפּטלעכער עסקן, ווי אַ רעדנער. ווי אַ שרייבער האָט ער צו פאַרצייכע־נען די ביז איצט אַרויסגעגעבענע פינף ביכער: „בריוו פון אסתּר רחל קאַמינסקי", „רוזוועלטס אַמעריקע", „אויף יידישע פעלדער", „מלכּה אָוושיאַני דערציילט" און „די לעצטע פון אַ גרויסן דור". אַחוץ אין יידיש האָט טורקאָוו אויך פאַרעפנטלעכט דריי ביכער אין פויליש: „פּאָליאַקן, יידן און משומדים", „דאַנציק אויפן ווולקאַן" און „די אַמעריקאַנישע רע־וואָלוציע".

אין טורקאָווס ביכער דאָמינירט דער זשאַנער פון זשורנאַליסטישן און אָפּט אויך פון ליטעראַרישן רעפּאָרטאַזש. פון גרויסן באַדייט איז טור־קאָווס „די לעצטע פון אַ גרויסן דור", וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט אַ סך האַרץ און נשמה. דאָס דאָזיקע בוך איז אַ ווערטיקער צושטייער צו דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן. עס האָט אַ שלל מיט דאַטן און דאָקומענ־טאַציע, פון וואַנען אַ היסטאָריקער וועט האָבן וואָס צו שעפּן.

אין זיינע געזעלשאַפטלעכע אַקטוּאַציעס באַזיצט טורקאָוו אַ שלל ענערגיע, איניציאַטיוו, אונטערנעמונגס־גייסט. ער באַזיצט אויך יענעם שאַרם און סימפּאַטיע צו קאָנען שאַפן אַרום זיך אַ סביבה, אַרומצורינגלען זיך מיט פריינט, מיט חברים. אַזוי אין געזעלשאַפטלעכע ענינים, אַזוי אויך אין זיין פּריוואַטן אויסלעבן זיך. דאָס איז שוין אַ קונסט פאַר־זיך. דערצו דאַרף מען האָבן אַ ספּעציעלן טאַלאַנט. און טורקאָוו באַזיצט אים.

***

עס גלוסט זיך צו דערמאָנען:

נאָכן גרויסן בלוטיקן מבול, אין אַפּריל 1946, בעת כ'בין צוריקגע־קומען פון רוסישן גע־ווגד אויף די חורבות פון יידישן פּוילן, האָב איך גלייך ווי אַנדערע פאַריתומטע יידן, אָפּגעדרוקט אין לאָדזשער „דאָס נייע לעבן", אין דער רובריק „קרובים ווערן געזוכט", אַ מודעה, אַז איך זוך ניצול־געוואָרענע קרובים... אין אַ געוויסע צייט אַרום — אַ סיורפּריז! אַ בריוו פון מאַרק טורקאָוון פון אַרגענטינע. זיין בריוו האָט מאַרק טורקאָוו אָנגע־הויבן:

„היות ווי כ'האָב געלייענט אין לאָדזשער „דאָס נייע לעבן", אַז איר זוכט קרובים און היות ווי איך האַלט מיך פאַר אייער נאָענטן קרוב — רוף איך זיך אָפּ"...

דער דאָזיקער בריוו האָט מיך גערירט ביז טרערן... כ'האָב באמת

געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס האָט זיך אָפּגערופן אַ גראַטעוועטער ברודער פון דער ווייט.

איצט זיינען מיר ווידער אין איין שטאָט, אונטער איין הימל. און יעדעס מאָל, ווען איך זיץ און שמועס מיט מיין אַלטן „מאָמענט"-קאָלעגע, — איינעם פון די לעצטע פון דער „מאָמענט"-משפחה — שווימט אויף פאַר די אויגן אַן אַנדער סביבה, יענע סביבה און יענע געשטאַלטן... די פאַרלוירענע וועלט — — —

אין אַרגענטינע האָב איך אַ סך נחת פון מאַרק טורקאָוו. פאַרנעמט ער דאָך דאָ אַן אָנפירנדיקע פּאָזיציע אין היגן ייִדיש-געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיין אָנפירער-ראָל אין היגן „ייִדישן וועלט-קאָנגרעס" גיט אים אַ סך געלעגנהייטן אַרויסצוהויבן זיך. זיין שטענדיקע טריבונע דאָ איז „די אידישע צייטונג", ווו ער פאַרעפנטלעכט פון צייט צו צייט זיינע סעריעס אַרטיקלען און לעבעדיקע באַשרייבונגען פון די ייִדישע ישובים אין לענדער און קאָנטינענטן, וואָס אים קומט אויס אָפט צו באַזוכן אין שייכות מיט די ענינים פון „ייִדישן וועלט-קאָנגרעס".

דער עיקר באַוווּנדער איך זיין קרוין-ווערק: דעם פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום", וואָס ער צוזאַמען מיטן באַקאַנטן קולטור-טוער אברהם מיטלבערג האָבן געשאַפן. דער ציל איז געווען: פאַראייביקן דאָס פאַר־שניטענע פּוילישע ייִדנטום, און דאָס האָבן זיי דערגרייכט. וויפל ענערגיע, וויפל פּיעטעט און ליבשאַפט האָבן זיי ביידע אַריינגעלייגט אין דער דאָזיקער דערהויבענער אונטערנעמונג. אַן אונטערנעמונג, וואָס ברענגט נאָר דעפי־ציטן. יאָ, מאַטעריעלע דעפיציטן, דערפאַר אָבער גרויסע מאָראַלישע ריווחים. דער פאַרלאַג האָט שוין איצט ביי 170 ביכער-איינסן! ער דער־נענטערט זיך שוין ביסלעכווייז צו דער קיילעכדיקער ציפער 200. אַ רעקאָרד ממש אין אונדזערע באַדינגונגען. די ייִדישע קולטור-וועלט נעמט אויף מיט דער גרעסטער אָנערקענונג דעם דאָזיקן אומגעהויערן צושטייער דער ייִדישער ליטעראַטור.

גאָר אַ גרויסער טייל פון די ביכער זיינען געווידמעט דער חורבן־תקופה און זיינען אַ ווירדיקער מאָנומענט פאַר אונדזער פאַרשניטענעם דור אויף דער פּוילישער ערד.

אָבער הלוואי... הלוואי זאָלן זיך מערן די ייִדיש-לייענער, פאַר וועמען די ביכער ווערן אַרויסגעגעבן. צו אונדזער גרויסן ווייטאָג קאָן מען וועגן אָט דעם ענין נישט ריידן מיט צופיל אָפּטימיזם. ביים עלטערן דור לייענער,

ביי אַ סך פון זיי, ווערן שוין טונקל די אויגן צום לייענען. און קיין יונגע לייענער קומען כמעט נישט צו. בכל אופן זיינען זיי אַזוי ווייניק, די יונגע לייענער. טראַגיש ווייניק. ממש אויסנאַמען נאָר.

אויף דעם טאָקע באַקלאָגט זיך איצט טורקאָוו קוקנדיק אויף דער ביז איצט אָפּגעטאָענער גראַנדיעזער אַרבעט. „למי אני עמל?"... — רייסט זיך ביי אים אַרויס אַ זיפץ.

**
*

„בן ששים לזיקנה" — זאָגן אונדזערע אַלטע חכמים. אָבער מאַרק טורקאָוו האָט זיין יונגקייט נישט פאַרלוירן — הגם זיין קאָפּ איז פאַרשנייט. כ'האָב אים איין מאָל געזאָגט אין שפּאַס: „אפשר, מאַרק, גייט איר נאָך נאָך דער מאָדע און טוט אויך ווי טייל נאָך גאָר יונגע פרויען, וואָס מאַכן זיך קינסטלעכע גרויקייט ווי אַ חנדל אַזאַ?"... טורקאָוו איז באמת די אַנטי־טעזע פון זיקנה. ער דערשיינט פאַר אונדז תמיד ווי אַ דינאַמישער מענטש, ווי אַ דינאַמישער זשורנאַליסט און עסקן — און ווי אַזאַ ווילן מיר אים זען עד מאה ועשרים!

ב. איירעס, אַפּריל 1964

# איינער פונעם „אוהל-פרץ"

(אַ דערמאָנונג)

שוין 45 יאָר איצט געוואָרן ווי ער איז אַוועק אין דער אייביקייט — אין האַרבסט 1919:

יעקב דינעזאָן:

איינער פון די דריי שכנים אינעם „אוהל פרץ" אויפן וואַרשעווער גענשער בית-עולם. די מאַמע פון דער יידישער ליטעראַטור. בעסער: „די מאַמע פון יידישע שרייבער". אַזוי פלעגן רופן דינעזאָנען די יונגע שרייבער, וואָס פלעגן צו אים קומען אין זייער נישט-דרייסטקייט. די קרוין פון אַ „זיידע" האָט געטראָגן מענדעלע. דער אמתער הדרת-פנימדיקער „זיידע", וואָס האָט געפּראַוועט זיידעשאַפט אין אַדעס. דער שטרענגערער, דער „פאָטער", איז געווען פרץ. הגם קיין צו-שטרענגער טאַטע איז פרץ אויך נישט געווען. ווער רעדט נאָך, אַז ער האָט באַמערקט ביי אַ יונגן שרייבער פונקען פון טאַלאַנט.

די גוטע האַרציקע מאַמע פאַרן יונגן שרייבער איז אָבער תמיד געווען יעקב דינעזאָן. צו אים פלעגט מען קומען אין פאַרלעגנהייטן, מיט אַ שווער האַרץ. מ'פלעגט קומען צו אים אַפילו נאָך אַ הלוואהלע אין אַ שלעכטער צייט... בעת עס האָט געפעלט אויף „קאָמאָרנע" (דירה-געלט) וכדומה.

יעקב דינעזאָן — דער מחבר פון סענטימענטאַלע ראָמאַנען — האָט זיך נישט אַרויסגערוקט אין דער ליטעראַטור אין סאַמע פאָדערגרונט, צום סאַמע אויבנאָן פון אונדזערע קלאַסיקער; ער האָט אָבער אַרויסגעשטראַלט מיט גוטסקייט, מיט מאַמעשער גוטסקייט, וועלכע האָט געוואַרעמט און סטימולירט די שרייבער. דער עיקר, פאַרשטייט זיך, האָט ער דערמוטיקט

די יונגע, וואָס האָבן ערשט געשטעלט די ערשטע טריט אין דער ליטעראַ־טור. דינעזאָן האָט זיי מקרב געווען, האָט זיי אַריינגעפירט אין פּרצעס שטוב און אַזוי אַרום גורם געווען זייער ליטעראַרישע התגלות.

איך, למשל, געדענק דורך מיין גאַנץ לעבן מיין ערשטן באַזוך ביי יעקב דינעזאָנען, — ווען כ׳בין אַלס יונג בחורל געקומען קיין וואַרשע.

געצויגן האָט מיך גאָר צו באַזוכן פּרצן, כדי אים צו ווייזן מיינע כתבים; אָבער גיין צו פּרצן האָט מיך לכתחילה אָפּגעהאַלטן אַ נישט־דרייסטקייט. כ׳האָב געהאַט עפּעס אַ מין שרעק־געפיל, וואָס איז ענלעך צו אימתה דצי־בורא...

אַרויפגיין צו דינעזאָנען איז מיר געווען אַ סך לייכטער. בעת כ׳האָב נאָך אין מיין שטעטל געשלונגען זיינע ראָמאַנען — „אבן נגף", „הנאהבים והנעימים", „יאָסעלע" און אַנד. — האָב איך מיר דעם מחבר פאָרגעשטעלט ווי אַ האַרציקן און ליבן יידן.

און מיין אינטואיציע האָט מיך טאַקע נישט אָפּגענאַרט. זיין גוטמוטי־קער שמייכל האָט מיך דערין איבערגעצייגט ווי נאָר איך האָב זיין טיר גע־עפנט...

און ערשט מיט יעקב דינעזאָנס דערמוטיקונג בין איך נאָך דעם אויף צעגליאַנע 1 — צו פּרצן — געגאַנגען.

יעקב דינעזאָן איז געווען זיין גאַנץ לעבן אַ בחור, ביז זיין זיקנה. דאָס איז געווען מחמת אַ נישט געראָטענער ליבע זיינער אין די יונגע יאָרן. ער האָט זיך — דעמאָלט אין מאָהילעוו — פאַרליבט אין זיינער אַ תלמידה; אָבער זיין „אָביעקט" האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן... און זינט דע־מאָלט איז ער געבליבן אין בחורשאַפט אַ גאַנץ לעבן.

זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט, זיין פריינדשאַפט און זיין פאַרערונג האָט דינעזאָן געווידמעט — פּרצן. פּרץ איז געווען זיין לעבנסלענגלעכע ליבע. ער האָט זיך צו פּרצן צוגעבונדן מיט דעם שטאַרקסטן קשר. נפשו קשורה בנפשו. אַזוי אַ גאַנץ לעבן.

אויב פּרץ איז געווען קינסטלעריש צעשטרייט, באַהעמיען, האָט געשוועבט אין די הימלען, — איז דינעזאָן געווען מער פּראַקטיש, מער ערדיש; איז דינעזאָן אויך אין דער באַציִונג צו פּרצן געווען ווי אַ מאַמע, וואָס טראָגט אַלע וואָרגן פאַר איר צעפיעשטשעטע און צעשויבערט קינד. דינעזאָן האָט תמיד געפירט די חשבונות פון פּרצעס האָנאָראַרן; ער פלעגט אָפּט זיי איינמאָנען

פון פאַרלעגער, פון אַרויסגעבער; פלעגט אָפּהיטן, אַז פּרצן זאָל קיין עוולה נישט געשען. אין מאָמענטן, בעת פּרץ איז געווען מאַטעריעל געקוועלט, פלעגט ער אים מיט הלוואות אַרויסהעלפן. ער, דינעזאָן, אָן אַן אייגענער פאַמיליע, אין זיין באַשיידן בחורשן לעבן אין אַ צימער ביי זיין שוועסטער — ער, דער מער פּראַקטישער, האָט זיך גראָד קיינמאָל נישט געקוועלט צוליב דוחק אין אַ פּאָר רובל.

ער האָט געצויגן זיין פּרנסה פון זיין קליינער אַנאָנסן־אַגענטור. און וויפל האָט ער דען געדאַרפט פאַר זיך אַליין, דער שטיל־בנעימותדיקער, באַשיידענער מענטש? פלעגט ער זיך טיילן מיט אַנדערע, מיט שרייבער־נצרכים. און שרייבער־נצרכים האָבן קיינמאָל און אין ערגעץ נישט געפעלט... זיי פעלן היינט אויך נישט אַפילו אין דער רייכער נ.־אַמעריקע, וואָס טרינקט זיך אין שפע...

אַ גאַנץ לעבן האָט אַזוי דינעזאָן, ווי אַ שאָטן, באַגלייט פּרצן — אין גוטע ווי אין שלעכטע צייטן, אין דערהויבענע ווי אין טרויעריקע מאָמענטן. אין אַלע פּרצעס איניציאַטיוועס איז דינעזאָן געווען זיין רעכטע האַנט, זיין הויפּט־שטיצע. די רעאַליזירונג פון פּרצעס ליטעראַרישע פּלענער, דאָס אַרויסגעבן פּרצעס ווערק, זענען נישט דורכגעגאַנגען אָן דינעזאָנס דירעקטער באַ־טייליקונג.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און פּרץ האָט זיך אָפּגעגעבן בלב ונפש דער אַרבעט און זאָרג פאַר די פאַרוואָרלאָזטע יידישע פּליטים־קינדער, האָט ער ביי דער זייט געהאַט זיין געטרייען יעקב דינעזאָן. ביידע האָבן נישט גערוט בייטאָג און ביינאַכט אין דער זאָרג פאַר אונדזערע „משהלעך און שלמהלעך".

ביי דער דאָזיקער הילפס־אַרבעט פאַר די יידישע קינדער און ביי די שווערע פּורעניותן פאַר יידן אין פּוילן בעת יענער מלחמה־„זאַוויערוכע" האָט זיך פּרץ איינגעבראָכן.

פּסח 1915 איז פּרץ נסתלק געוואָרן און דינעזאָן איז געבליבן אַליין. זיין לעבנסלאַנגע ליבע איז אויסגעלאָשן געוואָרן...

יעקב דינעזאָן האָט זיך גאָר טרייסטן נישט געקאָנט אין זיין פאַריתומט־קייט. אין פיר יאָר אַרום — אויגוסט 1919 — איז אויך דינעזאָן אַוועק אין דער אייביקייט — צו פּרצן. פּונקט ווי ביים לעבן איז ער מיט פּרצן אַזוי באַנט געווען, אַזוי איז אים אויך נאָך זיין פּטירה באַשערט געווען צו ליגן

נעבן פּרצן, קבר נעבן קבר. בעת עס איז שפּעטער צוגעקומען אַנ־סקי צו פּרצעס שכנות אויפן גענשער בית־עולם, איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער „אוהל פּרץ“, אויסגעהאַמערט פון גרויסן קינסטלער אַברהם אָסטזשעגאַ — דער שפּעטערדיקער קדוש פון וואַרשעווער געטאָ.

אַזוי איז ביז צום היינטיקן טאָג געבליבן דער גרויסער ליטעראַרישער מזומן אינעם „אוהל פּרץ“ אין וואַרשע — אין דער שטאָט כמעט אָן יידן... אַמאָל, אַמאָל... — ס'איז שוין געוואָרן אַן „אַמאָל“, כאָטש אין תוך וויפל טיילט אונדז דען אָפּ פון יענער צייט?... — אַמאָל אין שול־ימים טובים פלעגן שטראָמען אַהין, צום „אוהל־פּרץ“, הונדערטער און טויזנטער יידישע קינדערלעך אין די צוגן פון „ציש“אָ“, פון „שול־קולט“ און אַנדערע שולן. איצט אָבער...

ביי די שרידים־שרייבער פון יענעם דור, פון יענער וואַרשע, וועלכע לעבן נאָך צעוואָרפן פון דעם שטורעם דאָ־דאָרט, לייכטן נאָך אַלץ יענע ליכטער. מיר דערמאָנען זיי אַלע מיט קדושה, מיט ציטער און יראת הכבוד.

און יעקב דינעזאָנען דערמאָנען מיר מיט ליבשאַפט ווי אַ געטרייע האַרציקע מאַמע. די דאָזיקע ליבשאַפט האָט ער אויך אונדז אָנגעהויכט סיי מיט זיין פּערזענלעכקייט, סיי מיט זיינע ווערק: אַזוי האָט אים אויך געזען און כאַראַקטעריזירט בשעתו בעל־מחשבות.

„לייענענדיק זיינע ווערק — שרייבט בעל־מחשבות אין שייכות מיט דינעזאָנס אַ ליטעראַרישן יובל — דוכט זיך אונדז אויס, אַז מיר הערן דעם ווייכן קול פון אַ קלוגער מאַמע, אין וועלכער עס זיינען אויסגעמישט טרערן און ליבשאַפט, ווי ליכט און שאָטנס אין אַ זומערדיקן פאַרוואָלקנטן טאָג. ער זשאַלעוועט נישט קיין רייד, ער רעדט אפשר אַ מאָל ניין מאָס רייד, ווייל זיינע ליבע־געפילן גיסן זיך ווי פון אַ קוואַל, און עס קלעקט פאַר זיי קיינמאָל קיין ווערטער נישט. זיין שפּראַך איז די שפּראַך פון געפילן און דאָס געשריבענע וואָרט איז נאָך נישט בכוח פאַר דעם מישמאַש פון טויזנטער געפילן צו געפינען דעם פּאַסיקן אויסדרוק.

אין דעם קליינעם כאָר פון אונדזערע קינסטלער, די מאַנסבילשע נשמות, קלינגט דינעזאָנס שטימע ווי דער ווייכער טאָן פון אַ פלייט“.

***

איך דערמאָן זיך:

אָנהייב צוואַנציקער יאָרן, אין צייכן פון פאַרערונג, פלעגן אין יעקב

דינעזאָנס צימער אויף דזיעלנע 15 אָפּגעהאַלטן ווערן זיצונגען פון אַ ספּעציעלער אָרטאָגראַפישער און טערמינאָלאָגישער קאָמיסיע פון דער „ציש"אָ", אנגעטערן פאָרזיץ פון שרייבער־פּעדאַגאָג ח. ש. קאַזשדאַן. אין דער אָנפירערשאַפט איז אויך געווען ד"ר ישראל רובין ז"ל. אויך איך, מיט נאָך אַ פּאָר שרייבער האָבן געהאַט דעם כבוד מיטצואַרבעטן אין דער דאָזיקער קאָמיסיע. דינעזאָנס שוועסטער האָט דאָס דאָזיקע צימער אָפּגעהיט ווי אַ רעליקוויע. אַלץ איז אין צימער געבליבן אויפן זעלבן אָרט אַזוי ווי איר פאַרשטאָרבענער גרויסער ברודער האָט עס איבערגעלאָזט: דער שרייב־טיש, די פּאַפּירן און ביכער אויף אים, די ספרים־פּאָליצעס וכדומה. מיר אַלע, די באַטייליקטע אין די באַראַטונגען, פלעגן זיך אין דאָזיקן צימער תמיד פילן ווי אין אַ מקום־קדוש. יעקב דינעזאָנס בילד האָט פון וואַנט אויף אונדז אַראָפּגעקוקט מיט זיין אייביקער מילדקייט, מיט זיין מאַמעשער גוטסקייט...

אויך דער דאָזיקער מקום־קדוש איז געבליבן אונטער די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ...

ב. איירעס, 1964

# ליד — דאָס איז מוזיק!

(וועגן אונדזער ליטעראַרישן נאָכוווּקס)

עס טרעפט, אַז צווישן דיכטער, אַפילו שוין מער־ווייניקער באַקאַנטע, באַגעגענען מיר אַמאָל אַזעלכע, וואָס ליידט פון אַן אייביקן מום — טויב־קייט! ער איז לחלוטין אָן מוזיקאַלישן געהער. האָט אַבסאָלוט נישט קיין געפיל פאַר ריטעם, פאַר דער האַרמאָניע פון וואָרט. אין היכל פון דער דיכ־טונג קומט אַזעלכער אַריין דורך אַ ריי אַנדערע וואַלאָרן, וואָס קאָמפּענסירן זיין מום. און אויב קיין אַנדערע וואַלאָרן זיינען אויך נישטאָ, דאַרף מען די דערשיינונג פון אַזאַ „דיכטער" באַטראַכטן פאַר אַ פּשוטע מיספּאַרשטיי־עניש... די דאָזיקע לעצטע זיינען עס די „אייביקע קאַליקעס", וואָס קומען תמיד דאָ און דאָרט מיט זייער גרילץ. און רעדט מיט זיי, זיינען זיי אַזוי שטאָלץ — פּנו דרך! — האַלטן זיך פאַר מאָדערן, פאַר אולטראַ־אולטראַ־מאָדערן. וואָס מיר ריטעם, וואָס מיר פערזנמאָס! דאָס זיינען נאָר פּענטעס. דאָס אַלץ איז אַ סדום־בעטל פאַר דער דיכטונג. דאָס זיינען אַלטע, אָפּגע־לעבטע פאָרמען און עס איז אַ חרפּה גאָר צו באַנוצן זיך מיט זיי.

און אויף זיי, די „טויבע", קוקנדיק, קומט דער נאָכוווּקס, קומען יונגע (פאַרשטייט זיך, אַז נישט תמיד יונג אין יאָרן...) און לאָזן זיך וויל גיין און מאַכן זיך אַ „גרינג לעבן" מיט זייערע „פרייע" און „אומגעצוימטע" פערזן — אַזוי, אַז די „יוצא דופנס" פון זייערע שירים קאָנען לעכערן אַ וואַנט... אין איין סטראָפע, און אַמאָל אין איין שורה, קרייצן זיך ביי זיי כלערליי פאָרמען פון דער ריטמיק: אַ יאַמב מיט אַ כאָריי, אַן אַמפיבראַכי מיט זיי ביידע אד"גל. אָט, למשל, צעלאָזט זיך דער מחבר אין אַן עכט האַמערישן העקזאַמעטער (שיער נישט אַ ריוואַליזאַציע מיט דער „איליאַ־דאַ"...) און אָט עטלעכע שורות ווייטער, פלאַצט ער ביים פינפטן־זעקסטן טראַף ווי אַ סטרונע. נישט חס ושלום מחמת קינסטלערישער נויטווענדי־קייט, מחמת דיכטערישער אינטויציע, נאָר מחמת פּשוטער הילפלאָזיקייט. עס האָט אים פּשוט אָטעם פאַרפעלט.

און רעדט מיט אַזאַ איינעם, זייט אים מסביר, וועט ער אויף אייך אויסגלאָצן די אויגן, קוקן ווי אויף אַ גזלן ר״ל, גלייך ווי איר וואָלט „אויף זיין לעבן געגאַנגען"...

פאַרשטייט זיך, אַז עס גייט די רייד נאָר וועגן אַזעלכע יונגע, וואָס האָבן יאָ עפּעס צו זאָגן; ביי וועלכע עס טליִעט יאָ אַ געטלעכער פונק און זיי האָבן נאָך נישט די געהעריקע מיטלען צו געשטאַלטיקן זייער וואָרט. אין קעגנפאַל וואָלט לחלוטין נישט געלוינט זיך דערויף אָפּצושטעלן.

איך וואָלט אָבער נישט געוואָלט שלעכט פאַרשטאַנען ווערן, אַז איך שטעל זיך דאָ אין שוץ בלויז פון קלאַסישן פערז; אַז דווקא די קלאַסישע פאָרעם איז כשר אין דער דיכטונג. אדרבה, ס׳האַנדלט זיך וועגן אָנזען און כבוד פון וועלכער פאָרעם עס זאָל נישט זיין: סיי אַלט, סיי ניי. ווייל וועלכע פאָרעם איר זאָלט נישט אויסוויילן — אומעטום גילט מוזיקאַלישער געזעץ. אומעטום מוז מען אָפּהיטן דעם אַנטשפּרעכנדיקן ריטעם, וואָס די אָדער יענע פאָרעם פאָדערט. דער ווייסער פערז, וואָס שיינט אין פלוג צו זיין פּשוט און צוגענגלעך, איז אָפּטמאָל קאָמפּליצירטער פון דער שטרענג־געצוימטער סטראָפע. אין ווייסן פערז פאָדערט זיך אפשר נאָך מער דיכטע־רישע אינטויִציע, מער מוזיקאַלישקייט. אויך דאָ קאָן מען לייכט דערקענען אויף וויפל דער מחבר איז מוזיקאַליש באַגאַבט. ווייל טאָמער פעלט די מוזיקאַלישע באַגאַבונג — וואָס זשע וועט זיך באַקומען? פּשוטע פּראָזע. און דערביי שלעכטע אומנאַטירלעכע פּראָזע. מיט איין וואָרט — אַ קריפּל ר״ל, אַן אַנדרוגינוס, נישט זכר, נישט נקבה. עס וועט גאָרנישט העלפן, וואָס דער מחבר וועט אויסשטעלן די שורות לידערמעסיק. איז עס אָן דיכטערישער נויטווענדיקייט און אָן מוזיקאַלישער אינטויִציע — באַקומט זיך סיי־ווי גאָרנישט. איז עס נישט קיין דיכטונג, איז עס נישט קיין ליד. אַזאַ איינער — אויב, נאַטירלעך, ער האָט וואָס צו זאָגן — וואָלט בעסער געדאַרפט פּרווון מזל אין פּראָזע. אפשר!

אין שמועסן מיט טייל „יונגע", קומט אויס פּשוט צו שטוינען, ווי פרעמד עס איז זיי דער טעכנישער יסוד פון אַ ליד — הגם פאַרן רוב פּשוטע שילער פון אַ מיטלשול איז עס יאָ קלאָר און פאַרשטענדלעך. איך פיר דורך די דאָזיקע אַנאַלאָגיע מיט אַ כיוון: על כל פּנים וואָס שייך די עלע־מענטאַרע כללים פון פאָרמען אין דער דיכטונג וואָלט דאָך יעדער „יונגער" געמוזט זיך עפּעס אויסלערנען און נישט אָפּשטיין פון אַ שילער אין אַ מיטלשול.

עס וואָלט זיך וועלן, אַז אונדזער נאָכוווקס זאָל געפינען איטלעכער זײַן וועג און זאָל פאַרנעמען מיט דער צײַט זײַן פּלאַץ אין אונדזער ליטעראַטור. האָבן מיר דאָך אַזוי פיל ווערטפולע דיכטער פאַרלוירן אין אונדזער גרעסטער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע. ווער וועט פאַרנעמען זייער אָרט?... מיר וועלן מיט פרייד אויפנעמען און באַגריסן איטלעכן פון די „יונגע", וואָס וועט קומען אין אונדזער לײַדיק־געוואָרענער מרה־שחורהדיקער ייִדישער גאַס מיט אמתן דיכטערישן וואָרט.

זאָל אונדזער נאָכוווקס לערנען זיך, פאַרטיפן זיך אין די מוסטערן סײַ פון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור, סײַ פון דער ייִדישער. די קלאַסישע פאָרעם — דאָס איז דער א״ב אין יעדער ליטעראַטור. שפּעטער, אָפּהענגיק פון דיכטערס שווונג, פון זײַנע אינדיווידועלע מעגלעכקייטן, קומט די מייסטערשאַפט פון פאָרעם, קומט די אייגנאַרטיקייט פון סטיל, די סובטעלקייט, ניואַנסירונג און שפּיל פון וואָרט און קלאַנג.

ליד — דאָס איז מער ווי וואָרט. ליד — דאָס איז שפּיל, דאָס איז געזאַנג, מוזיק. אַ ליד דאַרף מען אויך קאָנען זינגען. און וועלכער קאָמפּאָזיטאָר וועט עס קאָנען זײַן אַ בריה און שרײַבן נאָטן צו אַזאַ מין ליד, וואָס איטלעכע סטראָפע זײַנע איז אַ ווילד געמיש, אָן ריטעם, אָן פערזנמאָס, אָדער אַ צופעליק שלימזלדיק צוזאַמענפלעכט פון כּלערליי ריטמען און מאָסן? כ׳לעבן, אַז אַפילו בעטהאָווען וואָלט זיך דאָ קיין עצה נישט געגעבן...

אין דער מוזיק איז עס איבערהויפּט נישט דענקבאַר, אַז עמעצער אַ בר־נש זאָל זיך נעמען שרײַבן אַ סויִטע אָדער אַ סימפאָניע, נישט האָבנדיק גאָר קיין אַנונג אין פּשוטע גאַמען, אין געוויינלעכע טאַקטן. אויב אין דער מוזיק איז עס אוממעגלעך, פאַרוואָס מיינען אַנדערע, אַז אין דער פּאָעזיע — אין דער שײנקייט און מוזיק פון וואָרט — איז „הפקר פעטרישקע"?

אין יעדער קונסט דאַרף מען אָנהייבן פון אלף־בית — אײַנקלוסיוו די דיכטונג. מ׳דאַרף זיך לכתחילה לערנען בײַ די קלאַסיקער, באַקענען זיך מיט די עלעמענטאַרע פאָרמען און געזעצן און ערשט דאַן קומען צו די מאָדערנע שולן און איזמען אין דער דיכטונג; ערשט דאַן קאָן אַ יונגער דיכטער זיך פּרוּוון לאָזן אויפן וועג פון עקספּערימענטן — אויב ער האָט באמת אַ דראַנג דערצו, אויב ער ווערט אָרגאַניש מיטגעריסן. ערשט דעמאָלט קאָן עס אויך זײַן מיט דערפאָלג. די טענצערין וואָס פירט אויס דעם „שוואַנען־טויט", האָט געמוזט פריִער קאָנען טאַנצן אַ געוויינלעכן

ווינער וואַלס, אַ פּשוטן טאַנגאָ. די רוסישע פוטוריסטן האָבן אין זייער ערשטער פּאַזע זיכער זיך פּאַרטיפט און געוועזן דורכגעדרונגען מיט די פּרעכטיקע קלאַסישע פּערזן פון פּושקינס „יעווגעני אָניעגין" און לערמאָנ־טאָווס „דעמאָן". אַחוץ אויסנאַמען האָט עס בדרך כלל אַנדערש נישט געקאָנט זיין.

אין דער יידישער נאָך־מלחמהדיקער דיכטונג שטייט איבעריקנס כלל נישט די פּראַגע פון איזמען. יעדער פון אונדזערע דיכטער שאַפט אין דער פּאַרעם, וואָס איז אים נענטער און אייגן. קיין עקסטרעמען קעמפן ביי אונדז היינט נישט צווישן זיך. אַפילו צווישן פּאָליטישע פּאַרטייען הערשט כמעט אַ „בורג־פרידן"... *) אונדזער אומגליק און ווינציקייט האָבן עס גורם געווען. יעדער דיכטער שפּיגלט אָפּ אונדזער טראַגעדיע אויף זיין אופן און שטייגער, אַזוי ווי ער זעט, אַזוי ווי ער פילט.

און וואָס שייך אונדזער נאָכוווּקס — טאָרן מיר ביי אונדזער גרעסטער מילדקייט נישט ברענגען צו דעוואַלואַציע, צו דער אַנטווערטונג פון יידישן ליד. אַזוי לאַנג ווי דער אָדער יענער „יונגער" וויזט נישט אַרויס דעם נויטיקן מינימום עלעמענטאַרע רייפקייט, לאָמיר אים מיטהעלפן מיט אָנ־ווייזונגען, מיט קאָנסולטאַציע. אָבער זאָל אַזעלכער פאַר דער צייט נישט פּאַראַדירן אויף די שפּאַלטן פון אונדזערע אַלערליי פּובליקאַציעס. דאָס איז נישט קיין כבוד פאַר אים גופא און נאָך ווייניקער — פאַר אונדז...

לאָמיר אָפּהיטן די חשיבות פון אונדזער געדרוקטן וואָרט!

לאָדזש, מערץ, 1948

נאָכבאַמערקונג:

דאָס דאָזיקע אַרטיקל אונטער אַן אַנדער „קעפּל" איז בשעתו געדרוקט געוואָרן אין די „יידישע שריפטן" (לאָדזש) און איז געווידמעט געווען די נייע „שטערן" פון צחישן דער שארית הפליטה אין באַפרייטן פּוילן און זייערע רויע „שאַפונגען", וואָס טייל פון די פּילצאָליקע פּאַרטייאישע אויסגאַבעס האָבן זיי געדרוקט אין זייערע לי־טעראַרישע אָפּטיילונגען.

איצט — צוויי צענדליק יאָר שפּעטער — בענקען מיר נאָך אַ נאָכוווּקס. אַפילו גראַפאָמאַנען „יאַווען" זיך ווייניק...

---

*) די דאָזיקע שורות זיינען געשריבן געוואָרן, בעת אין נאָך־מלחמהדיקן פּוילן האָט ביי דעם ביסל יידן אַ געוויסע צייט אין דער אמתן געהערשט אַ מין „בורג־פרידן".

## ביכער פון אברהם זאַק:

אַקאָרדן (לידער); גראָדנע, 1918.

" (צווייטע אויפלאַגע); פאַרלאַג מ. י. פרייד, וואַרשע, 1921.

רגעס פון טרויס (טאַנקעס); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1919.

צווישן פיר ווענט (לידער); פאַרלאַג מ. י. פרייד, וואַרשע 1920.

אונטער די פליגל פון טויט (צוויי אויפלאַגעס); פאַרלאַג „די צייט", וואַרשע, 3־1921.

" " " " " (דריטע אויפלאַגע); בנימין הארץ־פאַרלאַג בערלין־ווין, 1929.

" " " " " (רוסישע איבערזעצונג); „גאָסאיזדאַט", מאָסקווע, 1930.

אין שאָטן (נאָוועלן); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1922.

די חורבה און דער פּאַלאַץ (קינדער־מעשהלע); פאַרלאַג „אַלט־יונג", וואַרשע, 1923.

אַ זומער־חלום (נאָוועלן); פאַרלאַג א. י. שאַפּירא, וואַרשע 1923.

אונטער היימישע הימלען (פּיעסע אין 3 אַקטן); פאַרלאַג ה. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1926.

שטאָט־קאַשמאַרן (לידער); פאַרלאַג ה. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1926.

פאַניע גנב (אַ כראָניק); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1929.

די פּרוי פון שטאָט (נאָוועלן); קאָאָפּ' „ביכער", וואַרשע, 1931.

מיט אַש אויפן קאָפּ (לידער); פאַרלאַג „דאָס נייע בוך", לאָדזש, 1947.

יאָרן אין וואַנדער (לידער און פּאָעמעס); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום", בוענאָס־איירעס, 1949.

צווישן שאָטנס (דערציילונגען); פון דער סעריע „ביכער פון יידישן פּען־קלוב", פּאַריז, 1950.

אין אומרו פון יאָרן („וואַרשע 1939" א"אַנד); פאַרלאַג „יידבוך", בוענאָס־איירעס, 1954.

(פּרעמירט מיט דער סטאָלאַר־פּרעמיע ביי „די אידישע צייטונג", ב"א, 1955)

פון אַלע נע־ונדן (**לידער**); **הויפּטפּאַרקויף קולטור־קאָנגרעס, ב״א, 1955.**

קנעכט זענען מיר געווען (**צוויי בענד**); **פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום״, בוענאָס־איירעס, 1956.**

(**פּרעמירט מיט דער סוראַוויטש־פּרעמיע פון קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק 1957**).

אויף שליאַכן פון הפקר (**צוויי בענד**); **פאַרלאַג „ייִדבוך״, ב״א, 1958.**

(**פּרעמירט מיט דער לואיס לאַמעד־פּרעמיע אין ניו־יאָרק, 1959**).

אויף פרעמדער ערד (**לידער און פּאָעמעס**); **הויפּטפּאַרקויף קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס־איירעס, 1962.**

אין אָנהייב פון אַ פרילינג (**זכרונות**); **פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום״, בוענאָס־איירעס, 1962.**

אויף וועגן פון גורל (**דערציילונגען**); **פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום״, 1964.**

אין קיניגרייך פון ייִדישן וואָרט (**עסייען און דערמאָנונגען**); **הויפּטפּאַרקויף: „ייִוואָ״, ב״א, 1966.**

## איבערזעצונגען :

פּאַר שטוב און עסטראַדע; **פאַרלאַג נ. שאַפּיראָ, וואַרשע, 1938.**

מצירי (**פּאָעמע פון מ. יו. לערמאָנטאָוו**); **„נייער פאַרלאַג״, וואַרשע, 1921.**

מאָצאַרט און סאַליערי (**דראַמאַטישע פּאָעמע פון א. ס. פּושקין**); **„צוקונפט״, ניו־יאָרק, יולי 1937.**

דער פאָטער (**פּיעסע פון א. סטרינדבערג**); **פאַרלאַג „די צייט״, וואַרשע.**

די חתנים (**קאָמעדיע פון נ. וו. גאָגאָל**); **פאַרלאַג „די צייט״, וואַרשע.**

דאָס רעכט אויף ליבע (**פּיעסע פון מאַקס נאָרדוי**); **פאַרלאַג „אונדזער בוך״, וואַרשע.**

רודין (**ראָמאַן פון א. ס. טורגעניעוו**); **פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע.**

די ערשטע ליבע **און** קלאַראַ מיליטש (**ראָמאַנען פון א. ס. טורגעניעוו**); **פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1925.**

ABRAHAM ZAK



# EN EL REINO DE LA PALABRA JUDIA

(ENSAYOS Y RECUERDOS)



DISTRIBUIDOR:
INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO — IWO
BUENOS AIRES — 1966